# תולדות אנשי שם

די לעבענס געשיכטע פון דעם גאון ומקובל ר׳ שניאור זלמן לאַדיער, די אונגאַרישע גאונים ר׳ משה טייטעלבוים, ר׳ יקותיאל יהודה טייטעלבוים, און אַנדערע צדיקים; זייער לעבען, זייער ווירקען, זייערע טהאַטען, זייער טעטיגקייט אין חסידות, זייער גאונות אין נגלה און נסתר

---

דערצעלט צום ערשטען מאָל אין אַ ריין אידישער שפּראַך פון

**ר׳ יהושע ראַקער ז״ל**

רעדאַקטאָר פון דער „אידישע וועלט“ אין קליוולאַנד

---

התרצ״ט

---

ארויסגעגעבען פון צבי הירש קויפּטהייל, קליוולאַנד
געדרוקט ביי די פּראָגרעסיוו פּרינטינג קאָמפּאַני, קליוולאַנד, אָ.

# אַ פאָרוואָרט פון די קאָמיטע

„אין עושין נפשות לצדיקים
דבריהם הן הן זכרונם".

די איבערגעבליבענע שריפטען פון המנוח ר' יהושע ראקער, ז"ל, דער אומפארגעסליכער רעדאקטאָר פון די „אידישע וועלט", ערשיינען יעצט אין בוך־פאָרם. די שריפטען רעדען פאר זיך. זיי אנטהאלטען ערצעהלונגען און באשרייבונגען פון חסידישע רביים און אונגארישע גאונים וצדיקים. יעדע באשרייבונג איז א מייסטער־שטיק אין אינהאלט און אין שפּראך, באלעהרענד, אינטערעסאנט און עכט פארלעסליך, ווייל דער פארפאסער האָט אליין דורכגעלעבט יענע תקופות, זיך ערצויגען אין יענע סביבות, און האָט אלעס געשילדערט פון אייגענע ערפאהרונג מיט ליבע, רעספּעקט און באגייסטערונג.

ר' יהושע ראקער, ז"ל, האט געדינט דער אידישער קהלה אין קליוולאנד אויף אלע געביטען. ער האָט רעדאקטירט די „אידישע וועלט" איבער דרייסיג יאָהר, און איז אימער געשטאנען אין דער שפּיצע פון אלע קהלשע ענינים. עס איז פאקטיש ניטאָ קיין אינסטי־טוציע אין קליוולאנד צו וועלכע ראקער האָט ניט בייגעשטייערט דורך זיין איינפלוסרייכע פּערזענליכקייט און דורך די ציייטונג. רבנים און אורחים און פאָרשטעהער פון ארץ ישראל'דיגע און אייראָפּעאישע מוסדות האָבען אימער געפונען אין ראקער א ווארימען פריינד און יועץ.

יעצט ווערט פארעפענטליכט דער ערשטער באנד פון די „אנשי שם". די קאָמיטע האָפּט אז די טויזענטער פארעהרער און פריינד פון באליבטען יהושע ראקער, וועלכע האָבען ביי זיין לעבען זיך גע־קוויקט מיט זיינע פערלדיגע און מייסטערהאפטע עדיטאָריעלס און ארטיקלען, וועלען זיכער באגריסען די געלעגענהייט זיך איינצושאפען דיזען וויכטיגען ספר הזכרון וואָס איז א קוואל פון חכמה און ליטע־ראַרישע פערל.

די הכנסה פון בוך וועט פארוועגדעט ווערען ארויסצוגעהמען פינף אידישע פאמיליעס פון דייטשלאנד און עסטרייך. הרבני המופלג מר. צבי קויפטייל, א שוואָגער פון מחבר, איז אָנפארטרויט צו זאמלען סוב־סקריפּשאָנס. מיר בעטען איהם אויפצונעהמען בסבר פּנים יפות.

הרב ישראל פּורת, הרב מנחם מענדל עקשטיין,
ראביי ארמאנד ע. קאָהן, הרב יקותיאל יהודא
גרינוואלד פון קאָלומבוס, ח. א. פרידלאנד,
עזרא שאפּיראָ, הערמאן שטיין, לאָיער אלפרעד
סאקס און א. ליפּקאָוויץ — קאָמיטע.

# ר׳ שניאור זלמן לאַדיער

## רב, גאון, מקובל, קעמפּפער, מאַרטירער
## און רעטער פון חסידות

### קורצע הקדמה

װעגען ר׳ שניאור זלמן לאַדיער (חסידים רופען איהם דער „רב״ אַנ־דערע דער „תניא״) װערט נישט דערצעלט אַזױפיל מופתים װי פון דעם בעש״ט (בעל שם טוב), זײן לעבען איז נישט אײנגעװיקעלט מיט אַזױפיל לעגענדען װי ר׳ לױ יצחק בערדיטשעװער׳ס, און צו איהם װערט נישט צו־געשריבען אַזױפיל רוח הקודש װי צום „חוזה.״ (דער רבי ר׳ יצחק׳ל פון לובלין). מסכים איז אָבער די גאַנצע חסידישע װעלט אַז אױב דער בעש״ט איז געװען דער גרינדער פון חסידות, און אױב דער רבי ר׳ בער פון מעז־ריטש, דעם בעש״ט ממלא מקומו, איז געװען דער אױסטײטשער פון חסידות, איז ר׳ שניאור זלמן לאַדיער געװען דער רעטער פון חסידות.— ר׳ שניאור זלמן איז פאַר די חסידישע װעלט געװען דאָס, װאָס דער װילנער גאון איז געװען פאַר דער מתנגדישער װעלט.

חסידישע ליטעראַטור, מעשה׳לאַך און מנהגים פון גוטע אידען, װעל־כע זײנען לעצטענס אַרײן אַלס אַ װיכטיגער טײל פון דער העברעאישער און אידישער ליטעראַטור, האָבען מיט זיך געבראַכט פאַר דער יודענטום גרױסע נוצען. זײ האָבען אַרױפגעצױגען די פאַרהאַנג פון אַ טײל פון אידישען פאָלק (חסידים) װעלכער איז פאַרשריען געװאָרען פון די מתנגדי־שע װעלט פון אײן זײט, און פון דער השכלה׳שער װעלט פון דער צװײטער זײט, אַלס פינסטער און אָבערגלױביש, און בײדע, אי די מתנגדים, אי די משכילים האָבען דערזעהן זײער טעות. בײדע האָבען דערזעהן אַז אײן יענעם לאַגער (פון די חסידים) איז נישט קײן פינסטערניש, נאָר ליכט און לעבען. נישט קײן אָבערגלױבען, נאָר אַ װעלט אײן װעלכע אַ גרױסער טײל פון אידישען פאָלק האָט געפונען טרײסט און נחמה, חיות און קדושה. צו מיר זײנען מסכים מיט דער חסידישער שיטה צו נישט, מיר מוזען אָבער מודה זײן אַז דאָרט װאו דאָס חסידות האָט געלעבט און פאַר־שפּרײט איהרע פליגלען, איז דאָס יודענטום געבליבען גאַנץ, און מיט אַ נשמה.

די געשיכטע פון ר׳ שניאור זלמן, װעלכע מיר געהען דאָ דערצעלען, אַזױ װײט װי עס איז מעגליך צו דערצעלען אין די שפּאַלטען פון אַ צײ־טונג, געהערט נישט אױסשליסליך צו דער חסידישע ליטעראַטור. זי איז

א פרק פאר זיך אליין. א גלענצענדער און מורא'דיגער פרק אין דער אידישער געשיכטע. א פרק פון קאמפען, מארטירערטום, און ברענענדע מחלוקות, צווישען צוויי לאגערען אין יודענטום, וועלכע האט געדראהעט מיט דער פארניכטונג פון א גרויסען טייל פון אונזער פאלק.

עס ווילט זיך דא נישט ארייגלאזען אין חקירות פארוואס די אידישע ליטעראטור האט אזוי ווייניג געווידמעט פאר דיזען פרק אין אידישען לע־בען. אבער אזוי איז עס. ווערענד וועגען די אנדערע גרינדער און פאנען טרעגער פון חסידות איז געשריבען געווארען אין אידיש, הונדער־טער ביכער און תלי תלים ארטיקלען, איז וועגען דיזען גייסטיגען ריז, ר' שניאור זלמן, ווייניג געשריבען און דערצעלט געווארען.

די סעריע ארטיקלען וועגען דעם לעבען און ווירקען פון רב, וועלכע וועלען ערשינען אין „די אידישע וועלט,“ זונטג, פרייטאג און מיטוואך רעגעלמעסיג, וועלען דעם חסרון אביסעל ממלא זיין.

---

## קאפיטעל 1

חסידישע מעשות אין דער העברעאישער און אידישע לעטעראטור. — ר' שניאור זלמן, זיין געבורט און זיין פריהסטע יוגענד.—די באדיי־טונג פון נאמען שניאור.—גריגט דעם טיטעל „תנא ופליג“ ווען ער ווערט 13 יאהר אלט.—האט חתונה צו 15 יאהר.—צו 18 יאהר איז ער קלאר אין ש"ס ופוסקים ראשונים ואחרונים.—באשליסט צו פאהרען קיין מעזריטש צום רבי'ן ר' בער, דער ממלא מקומו פון בעל שם.

ר' שניאור זלמן איז געבוירען געווארען אין יאהר תק"ז (1747) אין לוזנא, מאליווער גובערניע. זיין פאטער ר' ברוך איז געווען א תלמיד חכם, אבער נישט קיין מפורסם. חסידים דערצעלען, אז זיינע עלטערען, זיין פאטער ר' ברוך און זיין מוטער רבקה, האבען זיך נישט געקענט פאר־אייניגען וועגען נאמען וועלכען זיי זאלען געבען זייער ניי־געבוירען קינד. א נאכט בעפאר דער ברית מילה האט זיך צו ר' ברוך'ן באוויזען אין חלום אן אלטער מאן און צו איהם אזוי געזאגט: „דיין קינד וועלכען דו וועסט מארגען אריינפירען בבריתו של אברהם אבינו, וועט פארלייכטען די וועלט מיט צוויי ליכ:ט. פון נגלה (די אפענבארע לעהרע) און פון נסתר (באהאלטענע לעהרע—קבלה) דארום זאלסטו איהם א נאמען געבען שני־אור.“ דאס מיינט שני—אור. צוויי ליכט.

ביז צו זיין בר מצוה יאָהר, ווייס די געשיכטע וועגען ר' שניאור זלמן ווייניג וואָס. ער האָט געלעבט אין אַ קליין שטעדטעל, וואו דער איינציגער געשיכטע שרייבער איז געווען דער שמש, אָדער דער נאמן הקהל. דאָס געשיכטע בוך איז געווען דער פנקס העיר. און די געשיכטע איז געווען—תקנות, חרמים און דער גלייכען. וועגען אַ קינד אַן עילוי, האָט זיך דער שמש אָדער דער נאמן הקהל פון לוזנאָ ווייניג געקימערט.

זיין געשיכטע הויבט זיך ערשט אָן ווען ער איז אַלט געוואָרען 13 יאָהר. זאָגאָר דער פנקס הקהל פון לוזנאָ, האָט שוין נישט געקענט פאַרשווייגען אַ וואונדער קינד וואָס האָט ממש מרעיש עולמות געווען מיט זיין לומדות. דאָרט ווערט דערצעלט אַז „אור ליום שלישי", דאָס הייסט די נאַכט וואָס געהט צו דינסטאָג, אין יאָהר תקכ"א, ווען שניאור זלמן איז אַלט געוואָרען דרייצען יאָהר, האָבען זיך די תלמידי חכמים פון לוזנאָ פאַרזאַמעלט און איהם געקרוינט מיט דעם טיטעל „ה"ה החכים המופלא, תנא ופליג, החתן מו"ה שניאור זלמן, בהרב המופלא מו"ה ברוך." און וויסענדיג אַז אין יענער צייט זיינען אידען, איבערהויפּט תלמידי חכמים נישט געווען אַזוי מילד מיט טיטלען, ווי אין דער איצטיגער צייט, קען מען זיך משער זיין אַז אַ אינגעל פון דרייצען יאָהר ווען די תלמידי חכמים פון שטאָדט מיט דעם רב אָן דער שפּיצע (דער רב פון לוזנאָ איז דאַן געווען ר' יעקב ב"ר צבי הירש דער מחבר פון „ישועת יעקב" אויף דעם מדרש) ווען מען באַטיטעלט „החכים המופלא, תנא ופליג", האָט געמוזט זיין דער וואונדער פון דער אידישער וועלט.

אין דעמזעלבען יאָהר שרייבט דער באַרימטער רב רבי ישכר בער פון ליבאַוויטש, ביי וועמען דער דרייצען יעהריגער ר' שניאור זלמן האָט געלערענט, פאָלגענדע ווערטער: „ראוי הנער הזה להיות לי לחבר אבל לא לתלמיד. ובכלל אין הוא נזקק עוד לשום מורה-דרך בלמוד הגמרא והפוסקים." אין אידיש: דיזער אינגעל מעג זיי מיין חבר אָבער נישט מיין תלמיד. און בכלל דאַרף ער שוין גאָר נישט קיין רבין אין גמרא און פוסקים.

אַלט ווערענדיג פופצען יאָהר האָט איהם אַ וויטעבסקער גביר גענומען פאַר אַן איידעם. זייענדיג ביי אַ גביר אין הויז האָבען זיך זיינע פעהיגקייטען ערשט רעכט אַנטוויקעלט, אין דריי יאָהר צייט האָט ער אויסגעלערענט גאַנץ ש"ס מיט אַלע פוסקים ראשונים ואחרונים.

זיין שטירמישע נשמה האָט זיך אָבער נישט געקענט באַפרידיגען מיט דעם בלויזען אָפּענבאַרען טרוקענעם לערנען. זיין גייסט האָט געזוכט עטוואָס מעהר. עטוואָס פאַרבאָרגענעס. ער איז געווען שטאַרק גענייגט צו מיסטיציזם. צו קבלה און סתרי תורה.

שוין אין זיין יוגענד, נאָך איידער ער האָט זיך מתחבר געווען מיט חסידים, האָט ר׳ שניאור זלמן זיך פאַרטיפט אין הימלישע ענינים. ער האָט געלערענט און געדאַוונט מיט התלהבות. זיין דבקות איז אָפּט געווען חוץ לדרך הטבע. א חסידישע אגדה דערצעלט אז שוין אין זיין יוגענד פלעגט ער, אריינפאַלענדיג אין התלהבות, אויסשרייען: רבונו של עולם, איך וויל נישט דיין גן עדן, איך וויל נישט דיין עולם הבא, איך וויל נאָר דיך אליין. נאָר דיך אליין גאָטעניו.״

דאָס חסידות האָט שוין צו יענער צייט געהאַט פאַרשפּרייט איהרע פליגלען איבער א גרויסען טייל פון יודענטום. עס האָט אויפגעשיינט אין אוקראַינאַ, עס האָט זיך אריינגעכאַפּט אין פוילען, גאַליציע און אפילו אין ליטע.

דער קאָפּ פון חסידות איז דאַן געווען דער רבי ר׳ בער פון מעזריטש. אָדער ווי ער איז באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט דער „מגיד.״ צו וועמען עס האָבען זיך געצויגען נישט נאָר דער פּשוט׳ער המון נאָר אויך גדולי ישראל און דער יונגער שניאור האָט באַשלאָסען צו באַזוכען דעם מגיד טאָמער וועט ער דאָרט געפינען א באַפרידיגונג פאַר זיין דורשטיגע נשמה.

זיין רייכער שווער האָט בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין צו דעם דאָזיגען באַשלוס. זיין פרוי סטירני, וועלכע האָט שפּעטער געהאַט א גוואַלדיגע השפּעה אויף דעם רב׳ס לעבען, האָט אויך נישט מסכים גע־ווען און ר׳ שניאור האָט זיך ארויסגעלאָזען אין וועג אָהן זייער הסכמה. און זעלבסטפאַרשטענדליך אָהן א קאָפּיגע געלד. ער האָט אויף דעם וועג געטאָן כלערליי ארבייט אום צו פאַרדינען זיין שטיקעל ברויט. ער האָט זיך פאַרדונגען צו פעלד ארבייט. ער פלעגט האַקען האָלץ, און נאָך אַזעלכע ארבייטען—ביז ער האָט זיך דערשלאָגען צו קומען אין מעזריטש.

צוואַנציג יאָהר איז ר׳ שניאור זלמן אַלט געווען ווען ער איז אָנגע־קומען צום מגיד.

---

## קאַפּיטעל 2

ווי אזוי דער מגיד (דער רבי ר׳ בער) ווערט דעם בעל שם׳ס אָנהענגער.—
א מעשה פון בעל שם מיט דעם פּני יהושיע.—ר׳ שניאור זלמן קומט
צום מגיד אָבער קיינער, אויסער דעם מגיד, וויים ניט ווער ער איז.—
דעם מגיד׳ס תלמידים באַדינען זיך מיט ר׳ שניאור׳ן ווי מיט א שיק

אינגעל.—דורך א צופאל געפונען די תלמידים אויס אז דער יונגער מאן איז א ליכט, וואס פארשיינט די וועלט.

כדי בעסער צו פארשטעהן די געשיכטע פון „רב" (רבי שניאור זלמן) מוז מען זיך בעסער באקענען מיט דער געשיכטע פון „מגיד" (דער רבי ר' בער פון מעזריטש דעם בעל שם'ס ממלא מקומו.)

דער מגיד (געבוירען אין 1710. געשטארבען אין 1772) פונקט ווי דער בעל שם איז געקומען צום פאלק אונערווארטעט. פונקט ווי דער בעל שם איז אויך דער מגיד געווען א מתבודד. באהאלטען מען זאל נישט ווי־סען ווער ער איז. ער איז צו ערשט געווען א דארפס מלמד. פארטיג ווערענדיג מיט זיין קנעלונג פלעגט ער אריין אין וואלד און דארט זיך פארטיפען אין דער קבלה. אין סתרי תורה. זיין שיטה„ איידער ער האט זיך באקענט מיט דעם בעל שם, איז געווען די שיטה פון האר"י הקדוש: סגופים און תעניתים. אז „א איד דארף אפשוואכען דעם גוף כדי דער יצר הרע זאל אויף איהם נישט האבען קיין שליטה."

ער איז שפעטער נתגלה געווארען אלס א גאון אין לומדות און א וואונדערבארער דרשן. ער איז געווארען א מגיד אין קאריץ און שפעטער אין דובנא. ווי אלע מגידים אין יענער צייט אין אויך ר' בער ארומגע־פארען אין די שטעדט דעם עולם מחזיר בתשובה צו זיין. זיינע דרשות פלעגט ער זאגען מיט אזא מתיקות אז קוים האט איהם איינער געהערט איז ער צו איהם צוגעבונדען געווארען ממש ווי א קינד צו א פאטער. זיינע דרשות און זיין לומדות האבען איהם באקאנט געמאכט מיט די גדולי הדור פון יענער צייט.

חסידים דערצעלען אז שפעטער, ווען דער ווילנער גאון איז שוין גע־ווען דער ביטערסטער מתנגד פון חסידות, האט ער אבער דאך משתוקק געווען זיך צו באקענען מיט דעם מעזריטשער מגיד. הגם דער מגיד איז שוין דאן געווען דער קאפ פון חסידות. דער גאון איז זאגאר געווען גרייט צו פארען צום מגיד. זייע מקורבים האבען איהם אבער צוריקגעהאלטען. זיי האבען אזא שריט באטראכט אלס א פחיתת הכבוד פאר דעם גרעסטען גאון פון דור. איינזעהענדיג אז זיי וועלען דעם גאון פון זיין באשלוס נישט קענען צוריקהאלטען, האבען זיי זיך געווענדעט צום גאון'ס מוטער אז זי זאל נישט דערלאזען דעם גאון מאכען אזא שריט. די מוטער האט געפאלט. זי האט גוזר געווען אויף דעם גאון בגזירת „כבוד אם" אז ער זאל קיין מעזריטש נישט פארען. און דער גאון נאטירליך האט געמוזט פאלגען—חסידים ענדיגען, אז ווען די צוויי מאורות הגדולים (גרויסע

ליכט) וואָלטען זיך געווען צוזאַמענגעקומען וואָלטען זיי געווען מקרב געווען די גאולה. משיח וואָלט געווען געקומען.

ווי אזוי דער רבי ר' בער איז געוואָרען דעם בעל שם'ס אָנהענגער דערצעלט אַ חסידישע אגדה פאָלגענדע מעשה:

דער רבי ר' בער פלעגט יעדעס יאָהר פאָרען קיין קארלסבאד, היילען זיינע קראַנקע פיס. אויף זיין רייזע פלעגט ער תמיד באזוכען דעם פני יהושע (ר' יעקב יהושע פאָלאַק, פראנקפורטער רב, און איינער פון די גרעסטע גאונים אין זיין דור) דער פני יהושע האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' בער אויב איהם איז באקאנט דער בעל שם וועמעס נאָמען האָט שוין פארקלונגען די אידישע וועלט. דער רבי ר' בער האָט געוואוסט פון בעל שם ווייל דער בעל שם האָט אָנגעווענדעט אַלעס מעגליכע איהם, ר' בער'ן צו קריגען אַלס איינער פון זיינע אָנהענגער. ר' בער האָט דאָס דערצעלט דעם פני יהושע, באַמערקענדיג אַז ער האַלט נישט פון בעל שם'ס דרכים.

ויהי היום, ווען דער פני יהושע איז געזעסען אין בית המדרש ארומ־גערינגעלט פון זיינע תלמידים, איז צוגעפאָרען אַ וועגעלע מיט צוויי אור־חים. איינער פון די אורחים איז אריין אין בית המדרש, און אָהן צערע־מאָניעס, געבעטען דעם פני יהושע ער זאָל מוחל זיין און ארויסקומען צו זיין חבר, וועלכער וויל איהם מגלה זיין אַ טיפען סוד.

דעם פני יהושע"ס תלמידים זיינען געוואָרען אויסער זיך פאַר כעס. אזא חוצפה געגען זייער גרויסען רבי'ן, האָט נאָך קיינער נישט געוואגט. דער פני יהושע איז אָבער גאָר נישט אויפגערעגט געוואָרען. ער האָט פארשטאַנען אַז עפּעס איז אָ נישט פּשוט.

„זאָגט אייער חבר"—האָט דער פני יהושע געענטפערט דעם מאָד־נעם אורח—„אַז אויב ער האָט מיר עפּעס צו זאָגען מוז ער אריינקומען אין בית המדרש. ווייל מיר האַלטען אין מיטען לערנען, און מען טאָר נישט מבטל זיין פון תורה."

„דער ענין איז אזוי וויכטיג"—האָט דער שליח צוריקגעבראַכט אַ תשובה פון זיין חבר,—„אַז מען דאַרף וועגען דעם מבטל זיין, אפילו תורה דרבים."

דעם פני יהושע איז שוין די זאַך געוואָרען אויפפאַלענד: הלא דבר הוא, און איז ארויסגעגאַנגען צו דעם איד אויף דעם וועגעלע.

„וואָס איז דאָס אזא דבר נחוץ?"—האָט דער פני יהושע געפרעגט—נאָכדעם ווי ער האָט דעם אורח געגעבען שלום.

„רבי"—האָט דער אורח געענטפערט—„אייער שוחט איז שוין צעהן

יאָהר מאכיל טרפות. שיקט נאָך איהם און ער וועט זיך מודה זיין." און איידער דער פּני יהושע האָט נאָך צייט געהאַט עפּעס צו פרעגען איז דאָס וועגעלע מיט די צוויי אורחים נעלם געוואָרען.

דער פּני יהושע איז איבערראַשט געוואָרען. אַזאַ זאַך האָט איהם נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט. ער האָט באַלד געשיקט נאָך דעם שוחט, וכאשר אמר כן היה, דער שוחט האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז שוין צעהן יאָהר אַ מאכיל טריפות.

ווער איז אָבער געווען דער געהיימניספולער איד? דעם פּני יהושע איז דורכגעפלויגען אַ געדאַנק, צו איז דאָס נישט געווען דער בעל שם מיט וועמען די וועלט האָט געקלונגען.

מיט עטליכע חדשים שפּעטער איז ווידער צוגעפאָרען דאָס זעלבע וועגעלע צום פּני יהוש'ס בית המדרש, מיט דיזעלבע צוויי אידען. דער משרת האָט ווידער אַרויסגערופען דעם פּני יהושע.

דער פּני יהושע האָט נישט געצעגערט אַ מינוט און איז אַרויס צו דעם געהיימניספולען איד אויף דעם וועגעלע.

„רבי"—האָט דער איד אויף דעם וועגעלע געזאָגט צום פּני יהושע— „ווען ר' בער מעזריטשער וועט אייך ווידער באַזוכען, זאָלט איהר איהם מוחל זיין זאָגען, אַז קאַרלסבאַד קען איהם גאָר נישט העלפען ביז ער וועט נישט קומען צו מיר." און ווידער איז דאָס וועגעלע נעלם געוואָרען.

איצט איז שוין דער פּני יהושע געווען זיכער אַז דער איד איז דער בעל שם.

לימים האָט ר' בער מעזריטשער ווידער באַזוכט דעם פּני יהושע. ר' בער איז נשתומם געוואָרען פון דער געשיכטע און האָט באַשלאָסען צו פאָרען צום בעל שם.

אַ חס ידישע מסורה דערצעלט אַז בעת דער רבי ר' בער איז אַריינ־געקומען צום ערשטען מאָל צו דעם בעל שם, האָט זיך דער בעל שם אויפ־געשטעלט מלא קומתו און האָט פאַרבעטען ר' בער'ן ער זאָל בלייבען וואוי־נען אין זיין הויז. באַמערקענדיג אַז זיינע מקורבים וואונדערען זיך פאַר־וואָס ער איז אַזוי מקרב דעם אורח וועמען ער זעהט צום ערשטען מאָל, האָט דער בעל שם צו זיי געזאָגט: „צו מיר איז אַריינגעקומען אַ קאַסטען פול מיט ליכט, מען דאַרף זיי נאָר אָנצינדען." דער רבי ר' בער איז גע־בליבען דעם בעל שם'ס אָנהענגער און שפּעטער, זיין ממלא מקומו.

אַזאַ רבין האָט דער יונגער גייסטיגער ריעז ר' שניאור זלמן געזוכט, און אַזאַ רבין האָט ער געפונען.

ווי עסאיז שוין אויבען דערצעלט געוואָרען איז ר' שניאור זלמן אַלט

געווען צוואנציג יאָהר ווען ער איז אָנגעקומען צום מגיד אין מעזריטש. דאָרט האָט ר' שניאור געפונען עטוואָס וואָס ער האָט זיך גאָר נישט פאָר־געשטעלט. ער האָט דאָרט געטראָפען די צוויי באַרימטע ברידער, דער רבי ר' שמעלקע פון ניקעלסבורג, און זיין ברודער ר' פנחס דער בעל הפלאה" פון פראנקפורט אם מאין. ר' לוי יצחק בערדיטשעווער, דעם רבין ר' מלך פון ליזענסק, זיין ברודער דער רבי ר' זישאַ, ר' מענדעלי וויטעבסקער. דעם „חוזה" פון לובלין. ר' אהרן קאַרלינער, דעם שפּיטובקער גאון, און אַנדערע שפּעטער באַרימט געוואָרענע גאונים און צדיקים. ר' שניאור זלמן האָט זיך נישט אויסגעגעבען, אויסער דער מגיד וועלכער האָט באַלד דערקענט אַז דער יונגער ר' שניאור איז אַ ליכט, אַ ליכט וואָס פאַרשיינט די וועלט, האָט קיינער איהם נישט געקענט. דעם מגיד'ס תלמידים האָ־בען איהם פאַררעכענט אַלס אַ פּרומען פשוט'ן יונגענמאַן, וואָס האָט ליב משמש צו זיין (באַדינען) תלמידי חכמים, און פלעגען זיך מיט איהם טאַקע באַדינען.

---

## קאַפּיטעל 3

ר' שניאור זלמן ווערט נתגלה.—אַ גרויסער גאָט אין אַ קליינעם גוף.—די תלמידים פון מגיד ווערען נשתומם פון דעם יונגען גאון.—ער ווערט אַ חבר מיט ר' אברהם'לע מלאך דעם מגיד'ס זוהן.—די געשיכטע פון דעם שידוך פון דעם מלאך מיט דער יונגער גיטעלע.—דעם מלאך'ס ספרים ווערען פאַרברענט אַלס אַן עונש.

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין פאָריגען קאַפּיטעל האָט אויסער דער רבי ר' בער, קיינער פון זיינע תלמידים נישט געוואוסט דעם מהות פון דעם יונגען ר' שניאור. די תלמידים פון מגיד האָבען איהם באַטראַכט אַלס אַ פשוט'ן פרומען יונגען מאַן.

אין אכסניה איז ר' שניאור געווען ביי אַן אָרימע אַלטע אלמנה וועל־כע פלעגט איהם פון רחמנות וועגען געבען יעדען טאָג אַ טשיקעל ברויט מיט אַ ביסעל מילך. פון דעם האָט ער געלעבט. געשלאָפען האָט ער אין בית המדרש הינטער אַ טיש. ווען דער מגיד האָט געזאָגט זיינע דרשות פאַר די תלמידים פלעגט ר' שניאור זיצען אין אַ זייט צוהערענדיג זיך יעדעם וואָרט וואָס דער מגיד זאָגט. די תלמידים פלעגען זיך וואונדערען וואָס דער יונגער מאַן זיצט דאָרט. וואָס פאַרשטעהט ער פון זיינע דרשות וואָס שפּאַלטען הימלען.

איינמאָל, ביי נאַכט ווען די תלמידים זיינען אַלע געשלאָפען אין בית

המדרש איז דער מגיד אריינגעקומען מיט א ליכט אין האנד. ר' מענדעלע וויטעבסקער, איינער פון מגיד'ס גרעסטע תלמידים האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף, און האט געזעהן ווי דער מגיד געהט פון איינעם צום צווייטען און קוקט יעדען גוט אין פנים אריין. פלוצלונג האט זיך דער מגיד אנידער־געשטעלט ביי איינעם פון די שלאפענדע און האט ווי צו זיך אליין גע־זאגט: „א פלא! א פלא! אזא גרויסער גאט האט זיך אויסגעקליבען צו רוהען אין אזא קליינעם גוף." ווען דער מגיד איז ארויס פון בית המדרש איז ר' מענדעלי געגאנגען זעהן ווער דער שלאפענדער איז, ר' מענדעלי האט אויפגעציטערט דערזעהענדיג אז דער שלאפענדער איז דאס דער יונ־גער בחור, מיט וועמען אלע באדינען זיך. ר' מענדעלי האט צו מארגענס דערצעלט זיינע חברים דאס וואס ער האט געהערט, און אלע זיינען נבהל ומשתומם געווארען פון דער דאזיגער התגלות. דעם מגיד'ס תלמידים האבען אנגעהויבען זיך בעסער צוצוקוקען צו דעם יונגען ר' שניאור.

ר' שניאור האט פון קיין זאך נישט געוואוסט. ער האט באמערקט אז דעם רבינ'ס תלמידים באדינען זיך נישט מעהר מיט איהם, און ער האט זיך שטארק מצער געווען.

דערווייל האט פאסירט נאך עפעס: דער מגיד האט געהאלטען א דרשה אין סתרי תורה פאר זיינע תלמידים וועלכע האט ממש געשפאלטען הימלען. ער האט מגלה געווען אזעלכע רזין דרזין, אז אפילו זיינע גרעס־טע תלמידים האבען איהם נישט געקאנט נאכפאלגען. נאך דער דרשה האבען זיך די תלמידים מצער געווען, וואס זיי האבען א סך ענינים נישט פארשטאנען און עס איז ביי זיי געבליבען צו בעטען דעם רבין דעם דרוש פאר זיי נאכאמאל צו זאגען. פארלייגענדיג זייער בקשה, האט דער מגיד געענטפערט קורץ: „געהט צו דעם יונגען ר' שניאור'ן, זאגט איהם אז איך האב געהייסען ער זאל איבערזאגען פאר אייך מיין גאנצען דרוש." הער־רענדיג די ווערטער פון זייער רבי'ן זיינען די תלמידים געבליבען ווי פאר־גליווערט: צו ר' שניאור'ן? אט צו דעם יונגען מאן וועמען מען האט גע־רעכענט פאר א פשוט מענשעל און מיט וועמען אלע האבען זיך געשאפט? זיי האבען זיך נישט געגלויבט וואס זייערע אויערען הערען. „געהט, געהט"—האט דער מגיד געזאגט, זעהענדיג ווי די תלמידים וואונדערען זיך אזוי—„געהט און ר' שניאור וועט אייך אלעס מגלה זיין."

ר' שניאור האט זיך דערשראקען הערענדיג דעם רבינ'ס באפעהל. ער האט געוואוסט אז דערמיט וואס ער וועט איבערזאגען דעם דרוש פון זיין רבי'ן וועט ער פארלירען די מצוה, משמש צו זיין די תלמידי חכמים. די תלמידים וועלען זיך מיט איהם מעהר ניט וועלען באדינען. ער האט נאכגעדענקט א לענגערע צייט, און עס איז ביי איהם געבליבען, מצוה

לשמוע דברי רבו, אז ער איז מחויב צו פאָלגען דעם רבי'ן, ער האָט דעם דרוש פון זיין רבי'ן איבערגעזאָגט פאַר די תלמידים „דברים כהווייתן." פונקט ווי דער מגיד האָט זיי געזאָגט. די הייליגע תלמידים פון מגיד זיינען ממש ארויס פון די כלים, הערענדיג פון דעם יונגען שניאור די סתרי תורה מיט אזא טיפע פארשטענדנים און הייליגער באגייסטערונג. און כאָטש ר' שניאור האָט זיך געפירט פונקט ווי פריהער, מיט עניוות און מיט הייליגער באשיידענהייט, האָבען אָבער די גרויסע צדיקים, הגם אַלע אַלע זיינען געווען עלטער פון איהם, אויף איהם געקוקט מיט הכנעה און דרך ארץ.

באַלד נאָך דער פאַסירונג, האָט דער מגיד אריינגענומען ר' שניאור אַלס חבר פון זיין בן יחיד, ר' אברהם'לע, וועלכער האָט שפּעטער געקראָגען אין דער גאַנצער חסידישער וועלט דעם טיטעל, דער מלאך הקדוש (דער הייליגער מלאך.)

ר' אברהם'לע מלאך (געבוירען אין 1740, געשטאָרבען אין 1780) איז געווען ממש א מלאך אלקים. ער האָט זיך פורש געווען (אָפּגעזונ־דערט) פון אַלע תענוגי עולם הזה (וועלט פארגעניגענס) און געזעסען יומם ולילה און געלערנט תורה נגלה און נסתר, בקדושה וטהרה. איהם האָבען פארהייליגט זאָגאר מתנגדים און ארויסגעזאָגט זיין נאָמען מיט יראת הכבוד (עהרפורכט), זיין ספר „חסד לאברהם", איז ביז דעם היינטיגען טאָג א הייליגטום ביי אַלע חסידים פון דער וועלט.

וועגען איהם, דעם מלאך הקדוש, דערצעלט א חסידישע אגדה פאָל־גענדע געשיכטע:

ער איז אַן אַלמן געוואָרען, ווען ער איז אַלט געוואָרען 25 יאָהר, און באַשלאָסען מעהר נישט חתונה צו האָבען. זיין גרויסער פאָטער, דער רבי ר' בער האָט אָבער נישט מסכים געווען צו זיין באַשלוס. און אָהן דעם זוהנ'ס ידיעה, האָט ער געשיקט צוויי חשובי העיר קיין קרעמענעץ צום גרויסען מגיד ר' פייוועל, דער בעל „משנת חכמים" און פועל'ן ביי איהם, ער זאָל געבען זיין טאָכטער גיטעלע פאַר א ווייב צום הייליגען מלאך.

אָנקומענדיג אין קרעמעניץ, זיינען די שלוחים באַלד פארפאָרען צום מגיד'ס הויז. זיי האָבען אָבער דעם מגיד נישט געטראָפען אין דער היים, נאָר זיין ווייב, די מגיד'כע. ווייל ר' פייבוש פלעגט שטענדיג זיצען אין בית המדרש על התורה ועל העבודה. הערענדיג וועגען דער שליחות פון די צוויי חשובים. האָט זיך די מגיד'כע צולאַכט. גיטעלע איז נאָך געווען כמעט א קינד, קוים 12 יאָהר אַלט, און איהרע עלטערען האָבען גאָר נישט אָנגעהויבען צו דענקען וועגען א שידוך. ווען די מגיד'כע האָט אָבער געהערט אז דאָס איז די בקשה פון גרויסען מעזריטשער מגיד, איז זי גע־

וואָרען ערנסטער, און האָט געשיקט נאָך איהר מאַן. ער זאָל באַלד אַהיימ־קומען מכח אַ זעהר וויכטיגען ענין.

קוים האָט ר׳ פייוועלע דערהערט וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך איז ער געוואָרען מלא שמחה. אַ קלייניגקייט דעם רבי׳ן ר׳ בער פאַר אַ מחותן און דעם מלאך הקדוש פאַר אַן איידעם? דער שידוך איז צו מזל געשלאָ־סען געוואָרען, און טאָקע באותו היום, איז די מגיד׳בע מיט איהר טאָכטער גיטעלע, מיטגעפאָרען מיט די שלוחים קיין מעזריטש. ר׳ פייוועלע אַליין איז געבליבען אין דערהיים. ער האָט נישט געוואָלט מבטל זיין פון תורה און עבודה.

די חתונה איז פאָרגעקומען ברוב עם. כמעט אַלע צדיקים פון דור זיינען אַנוועזענד געווען. דער מלאך האָט זיך אָבער ווייטער געפירט ווי פריהער מיט פרישות און קדושה וטהרה. זיין יונגע פרוי האָט איהם פאַר־שטאַנען. זי האָט געשעצט זיין הייליגקייט. זי האָט אָבער פאָרט שווער געליטען. דאָך אַ יונגע פרוי.

איינמאָל שבת נאָכמיטאָג, דאָס איז שוין געווען נאָך דער פטירה פון דעם גרויסען מעזריטשער, איז גיטעלע אַריינגעקומען צו איהר מאַן אין זיין ספרים חדר אומגעמאָלדען.

דער מלאך האָט אויפגעציטערט, וואָס ווילסטו, האָט דער מלאך געפרעגט?

„נעכטען ביי נאַכט“—האָט גיטעלע געענטפערט מיט אַרונטערגעלאָ־זענע אויגען—„איז צו מיר געקומען צו חלום דיין הייליגער פאָטער און מיר געהייסען דיר זאָגען אַז מהיום והלאה זאָלסטו וואוינען אין מיין חדר, אָדער לכל הפחות אַריינשטעלען אַלע דיינע ספרים, וויבאַלד דו וועסט נישט פאָלגען וועסטו חרטה האָבען.“

„אויב מיין פאָטער וויל מיר עפּעס זאָגען“—האָט דער מלאך געענט־פערט—„קען ער דאָך צו מיר אַליין קומען.“ דער מלאך הקדוש האָט נישט געפאָלגט און זיך געפירט ווי פריהער.

עס האָט נישט גענומען לאַנג און עס האָט אויסגעבראָכען אַ פייער אין מלאך׳ס הויז און אַלע זיינע ספרים זיינען פאַרברענט געוואָרען.

דער מלאך האָט דאָס אָנגענומען אַלן אַן עונש וואָרום ער האָט מצער געווען זיין ווייב. און די גרויסע צדיקים, דעם מגיד׳ס תלמידים האָבען זייט דאַן, די יונגע גיטעלע, כמעט פאַרהייליגט.

און אָט פון אַלע תלמידים פון מגיד, האָט דער מלאך, דעם מגיד׳ס זוהן, אויסגעקליבען ר׳ שניאור זלמנ׳ען אַלס אַ חבר, צוזאַמען צו לערנען.

## קאפיטעל 4

פארוואס ר' שניאור זלמן האט מגלה געווען סודות התורה, מעהר ווי זיינע חברים.—די פייערדיגע מחלוקה צווישען איהם און דעם רבי'ן ר' ברוך'ל.—איך בין דעם בעל שם'ס אן אייניקעל ברוחניות.—„פיטער־בורך" און „פעטער־ברוך."—דער מגיד הייסט נישט ענטפערען אויף דעם גאון'ס.—די הויפט סיבה פון די מחלוקה איז דאס ארוים טרייבען ר' לוי יצחק'ן פון פינסק.

ווי הייליג ר' שניאור זלמן האט געשעצט דאס וואס ער איז געווען א חבר פון דעם מלאך און מיט איהם צוזאמען געלערענט תורה ביי דעם מלאך'ס פאטער, דער מגיד, איז צו זעהן פון פאלגענדע צוויי עפיזאדען:

מען האט אמאל געפרעגט דעם רב, ר' שניאור זלמנ'ען, פארוואס ער איז מגלה סודות התורה וואס ער האט מקבל געווען פון זיין רבי'ן דעם מגיד, מעהר ווי די אנדערע תלמידים פון דעם מגיד?

דער רב האט געענטפערט:

„דער הייליגער מגיד האט מגלה געווען סודות התורה צו זיינע תלמידים דורך לבושים (פארקליידעט) דאריבער האבען זיינע תלמידים מגלה געווען די דאזיגע סודות התורה צו זייערע תלמידים אויך דורך לבושים. איך אבער האב געלערענט ביי דעם מגיד צוזאמען מיט זיין זוהן דער מלאך הקדוש, און א פאטער איז מגלה זיין זוהן די סאמע פנימיות (דאס אינערליכע) פון דער תורה, אהן לבושים, דאריבער קען איך אויך מגלה זיין זיינע סודות התורה צו מיינע תלמידים אהן לבושים.

א חסידישע אגדה דערצעלט נאך אן עפיזאד, וועלכער באווייזט נאך בולט'ער ווי שטאלץ דער רב האט געפיהלט, דערמיט וואס ער איז געווען דעם מלאך'ס חבר.

נאך דעם ווי ר' שניאור זלמן איז ארוים פון דער תפיסה (ווענען וועלכען עס וועט דערצעלט ווערען אין די שפעטערע קאפיטלעך) האט אויסגעבראכען א מחלוקה צווישען איהם און דעם רבי'ן ר' ברוך'ל, דעם בעל שם'ס אן אייניקעל. (דער רבי ר' ברוך'ל איז געווען דער זוהן פון בעל שם'ס טאכטער אדל פון וועלכע חסידים דערצעלען זיך אן וואונדערליכע מעשיות.)

וועגען וואס די מחלוקה האט אויסגעבראכען צווישען די צוויי צדיקים וויים די חסידישע מסורה ווענינ וואס. א חסידישע אגדה באהויפטפעט אז די סיבה פון דער מחלוקה איז געווען „מעות ארץ ישראל" ארץ ישראל געלדער. ר' שניאור זלמן האט געוואלט איינפירען א בעסערען סדר אין

די זאַמלונגען און פאַרטיילונגען פון די ארץ ישראל געלדער. דאָס האָט אויסגעזעהן ביי דעם רבי'ן ר' ברוך'ל ווי אַ מרידה געגען זיין גרויסען זיי־דען דער בעל שם. ענדערען אפילו א קוצי של יוד אין די איינפירונגען פון זיין זיידען, איז ביי ר' ברוך'ל געווען אַ מורא'דיגע עולה און ער איז ארויס אין אַ מחלוקה געגען דעם רב.

עס ווילט זיך קוים גלויבען אַז דאָס אַליין האָט געזאָלט זיין די סיבה פון דער מחלוקה. אַלענפאַלס איז דער רבי ר' ברוך'ל געווען אַ שרעקלי־כער קפּדן. אַ מורא'דיגער בייזער איד. ער האָט זיך געקריגט כמעט מיט אַלע גוטע אידען אין זיין צייט, און איז אויך ארויס געגען רב, וועמען ער אַליין, ר' ברוך'ל, האָט אין די פריהערדיגע יאָהרען פאַרהייליגט.

ר' שניאור זלמן וועלכער האָט שטאַרק געשעצט ר' ברוך'ל, שוין צוליב זיין זיידען דעם בעל שם, איז געפאָרען קיין מעזיבעש, וואו דער רבי ר' ברוך'ל האָט געפירט זיין רבי'שע מלוכה מיט דער האָפנונג איהם מפייס צו זיין, און צוריקברייננגען דעם שלום צווישען זיי ביידע.

קוים איז ר' שניאור אריינגעקומען צו ר' ברוך'לען אין שטוב און דער מורא'דיגער קפּדן איז אויפגעשפרונגען פון זיין שטול אויסשרייענדיג: צו וואָס זייט איהר צו מיר געקומען? ווער האָט נאָך אייך געשיקט? פאַר־וואָס שטערט איהר מיין מנוחה?

ר' שניאור זלמן האָט זיך אָנגעפאַנגען צו פאַרטיידיגען. ר' ברוך'ל האָט איהם נישט געוואָלט לאָזען רעדען, „איהר דאַרפט פאַר מיר דרך ארץ האָבען"—האָט ר' ברוך'ל געשריען—„איך בין דעם בעל שם'ס אַן אייניקעל."

דער גוטמוטיגער און געלאַסענער ר' שניאור האָט שוין נישט גע־קענט שווייגען. ער האָט געענטפערט געלאַסען אָבער מיט אינערליכע אויפרעגונג:

„איהר זייט דעם בעל שם'ס אַן אייניקעל בגשמיות, און איך בין דעם בעל שם'ס אַן אייניקעל ברוחניות. איך האָב געלערענט ביי דעם מגיד צוזאַמען מיט זיין זוהן דעם מלאך, און דער מגיד איז געווען דער תלמיד מובהק פון בעל שם."

איהר דאַרפט דרך ארץ האָבען, ווייל איך טראָג יעצט די תפילין פון בעל שם"—האָט ר' ברוך'ל געשריען.

„מען דאַרף בודק זיין די תפילין"—האָט ר' שניאור געענטפערט.

ר' ברוך'ל האָט זיך דערשראָקען און האָט זאָפאָרט באַפוילען זיין סופר בודק צו זיין די תפילין.

דער סופר האָט די תפילין געעפענט, וכאשר אמר כן היה. די תפילין

זיינען געווען פסולים. דער סופר האָט געפונען אָפּגעמעקטע אותיות, פון אַלטקייט.

די צוויי צדיקים זיינען זיך צוגאנגען. קיין שלום איז אָבער צווי־שען זיי נישט מעהר געווען.

חסידים דערצעלען אז ר׳ שניאור זלמן, צוריק פאָרענדיג פון ר׳ ברוך׳לען, האָט אויף דעם וועג באזוכט ר׳ נחמן בראסלאָווער, אויך דעם בעל שם׳ס אן אייניקעל. הערענדיג וועגען דעם וואָס איז פאָרגעקומען צווישען ר׳ שניאור׳ן און ר׳ ברוך׳ל, האָט ר׳ נחמן געזאָגט:—פון פיטער־בורך (אידען פלעגען רופען פעטערסבורג—פיטערבורך.) זייט איהר שוין פטור געוואָרען. עס איז אָבער שווער פטור צו ווערען פון פעטער—ברוך" (ר׳ ברוך׳ל איז געווען ר׳ נחמן׳ס פעטער.

דאָס אַלעס איז דערצעלט געוואָרען אגב אורחא. צו ווייזען ווי הויך ר׳ שניאור זלמן האָט געשעצט דעם פאַקט וואָס ער איז געווען א חבר מיט דעם מלאך און מיט איהם צוזאמען געלערענט תורה ביי דעם מלאך׳ס פאָ־טער—דער מגיד.

ווי עס איז שוין דרעצעלט געוואָרען, האָבען זיך די צוויי חברים, ר׳ שניאור זלמן און ר׳ אברהם׳לע מלאך, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, אפילו פון זייערע איבריגע חברים, דעם מגיד׳ס תלמידים, און עוסק געווען יומם ולילה אין תורה ועבודה. ר׳ שניאור זלמן וואָלט אפשר געווען געבליבען, פונקט ווי זיין חבר דער מלאך, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, כל ימי חייו, האָט אָבער עפּעס פּאסירט וואָס האָט איהם אריינגעוואָרפען אין דעם שטורם פון איינע פון די מורא׳דיגסטע מחלוקות אין יודענטום, און איהם באשטימט אַלס קעמפּפער, מאַרטירער און רעטער פון חסידות.

פּאסירט האָט אייגענטליך צוויי זאכען:

ערשטענס דער מורא׳דיגער חרם וואָס דער ווילנער גאון האָט ארויס־גערופען געגען די חסידים (ח׳ ניסן תקל״ב.)

צווייטענס, ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, וועלכער איז דאַן געווען רב אין פינסק, אין ארויסגעטריבען געוואָרען פון שטאָדט מיט חרפות און בזיונות, און אויף זיין פלאַץ איז באשטימט געוואָרען אַלס רב איינער א ר׳ אביגדור (וועגען וועמען עס וועט דערצעלט ווערען אין די שפּעטער־דיגע קאפּיטלעך) וועלכער איז געווען דער ביטערסטער שונא פון די חסידים.

חסידים באהויפּטען אז ניט ווילנא, נאָר פינסק, איז געווען דער אור־שפרונג פון די מורא׳דיגע מחלוקות וואָס האָבען זיך צופלאַקערט צווישען די מתנגדים און חסידים, אז די שרעקליכע בזיונות וואָס ר׳ לוי יצחק איז

אויסגעשטאנען אין פינסק האט מעהר אויפגעשטורעמט דעם צארן פון די חסידים ווי דער חרם פון גאון. זיי באגרינדען זייער באהויפטונג מיט פאלגענדע ערקלעהרונג:

דער חרם פון גאון האט, אמת, ארויסגערופען א ביטערען צארן צווי־שען די חסידים. די חסידים זיינען געווען גרייט צו טאן ווער ווייס וואס, אויס נקמה. איז אבער דער מגיד געווען דער קאפ פון דער חסידישער וועלט און ער האט ארויסגעגעבען א שטרענגען באפעהל הזהר והזהר, נישט צו ענטפערען. די סיבה פארוואס דער מגיד האט ארויסגעגעבען אזא באפעהל, איז געווען א דאבעלטע.

דער מגיד וועלכער איז געווען א שטארקער פארעהרער פון גאון, האט מורא געהאט אז די חסידים אין זייער צארן, וועלען זיך פארגעסען און חס ושלום פוגע בכבוד זיין (פארלעצען די עהרע) פון דעם גאון. צוויי־טענס האט דער מגיד געהאפט אז דער גאון אליין וועט זיך שפעטער איבערצייגען אז די חסידים זיינען נישט קיין מינים ואפיקורסים, ווי מען האט זיי ביי איהם פאר'מסר'ט, און אז זיי געהן נישט אין דעם וועג פון די שבתי צבי'ניקעס, אז בכלל, האלטען זיך די חסידים אין שולחן ערוך פונקט ווי די מתנגדים, און אז אפילו אין דער שיטה פון בעל שם בנוגע די קבלה איז נישטא קיין שום שמץ אפיקורסות חס ושלום, און ווען דער גאון וועט זיך דאס איבערצייגען, וועט ער דעם חרם, אליין צוריקציהען. אזוי האט געהאפט דער מגיד און האט דארום ארויסגעגעבען א באפעהל, „חבי כמעט רגע עד יעבור זעם“: ווארטען ביז דער צארן וועט פאראיבער.

איז אבער געקומען פינסק, מיט איהרע מורא'דיגע רדיפות אויף ר' לוי יצחק'ן איהר רב, וועלכעס האט דעם צארן פון די חסידים ארויסגערו־פען מיט אזא שרעקליכען שטורם, אז אפילו דער מגיד האט מעהר זיינע חסידים נישט געקענט צוריקהאלטען, און דאס פייער פון דער מלחמה האט מעהר נישט געקענט פארלאשען ווערען.

---

## קאפיטעל 5

ר' לוי יצחק די קרוין פון חסידות.—מעשה'לאך פון בעל עגלה, פון וואסער טרעגער און פון די זינדיגע אידענע.—ר' לוי יצחק'ס דורקע ליד.—ר' לוי יצחק אנטלויפט מיט דעם אתרוג און לולב אין האנד אזש ביז קאזינץ.—ר' לוי יצחק ווערט רב אין פינסק.

כדי בעסער צו פארשטעהן פארוואס די פינסקער רדיפות אויף ר' לוי יצחק'ן האבען ארויסגערופען אין דער חסידישער וועלט מעהר שטורעם

זאָגאר ווי דעם גאון'ס חרם גופא, מוז מען צוערשט זיך באַקענען, כאָטש נאָר אביסעל, מיט דעם לעבען פון ר' לוי יצחק'ן.

ר' לוי יצחק בערדיטשעווער, דאָס איז געווען די שעהנסטע פּערל וואָס דאָס חסידות האָט ארויסגעבראכט. דאָס איז געווען די סאַמע קרוין פון חסידות. אין זיין לעבען האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט דאָס שעהנסטע און ער־האבענסטע פון דעם חסידות אין ריינסטען געשטאַלט. ר' לוי יצחק איז אפשר נישט געווען אזא גאון אין נגלה ווי זיין חבר ר' שניאור זלמן. ער איז אפשר נישט געווען אזא מקובל ווי זיין רבי, ר' בער מעזריטשער, דער מגיד. ער איז אָבער געווען די ליבסטע נשמה וואָס גאָט האָט אַמאָל ארונטערגעשיקט אויף דער זינדיגער ערד. דער טרייסט פון פאָלק און דער ליבלינג פון די מאַסען. דאָס זעהט מען באַשיינפּערליך פון די לעגענ־דעס וואָס זיינען פארבונדען מיט זיין פּערזאָן. פון די מעשה'לאך וואָס געהן ארום אין פאָלק, ביז דעם היינטיגען טאָג, און פון זיינע פאָלקס לידלאך וואָס ווערען געזונגען מיט אזויפיל הארציגקייט אפילו פון מתנגדים.

אָט זיינען עטליכע פון די מעשה'לאך פון ר' לוי יצחק'ן:

ר' לוי יצחק געהט ארוים אין גאַס און זעהט ווי בעל עגלה שטעהט אין טלית און תפילין, און שמירט די רעדער, און ער שרייט אוים מיט שמחה: „רבונו של עולם, וואָס פאר א טייער פאָלק דו האָסט! זעה נאָר דעם בעל עגלה, אפילו בשעת ער שמירט די רעדער, דאַווענט ער אויך."

ר' לוי יצחק דערזעהט תשעה באב ווי א וואסער טרעגער געהט זיך אין גאַס, און עסט גאַנץ געשמאַק. ר' לוי יצחק רופט איהם צו, און זאָגט: „מיין קינד, דו האָסט אודאי פארגעסען אז היינט איז א תענית ציבור?"

„ניין," זאָגט דער וואסער טרעגער—„נישט פארגעסען."

„האָסטו מן הסתם פארגעסען, מיין קינד, אז עס איז היינט תשעה באב"—בעט זיך ר' לוי יצחק.

„ניין."—ענטפערט דער וואסער טרעגער—„איך האָב נישט פאר־געסען."

„אהא"—זאָגט ר' לוי יצחק,—„דאָס הארץ טוט דיר מן הסתם וועה און עס איז דיר שווער צו פאַסטען."

„דאָס הארץ טוט מיר נישט וועה,"—בייזערט זיך דער וואסער טרעגער.

און ר' לוי יצחק הויבט אויף די אויגען צום הימעל און שרייט אוים מיט שמחה: רבונו של עולם, זעה ווי דער אמת איז איינגעוואָרצעלט אין דיין פאָלק, טאקע א בעל עבירה אָבער קיין ליגען וויל ער דאך נישט זאָגען.

א אידענע קומט צו ר' לוי יצחק'ן, בעטענדיג ער זאָל איהר אַרויס־געבען אַ תשובה, בכן ביי איהר האַלטען זיך נישט, נישט דאָ געדאַכט, קיין קינדער, און זי איז זיכער אַז דאָס שטראָפט איהר גאָט פאַר איהרע זינד.

„וואָס האָסטו אַזוינס געזינדיגט, קינד?" פרעגט איהר ר' לוי יצחק. „איך האָב"—זאָגט זי אָפט די פלייש נישט געוויַיקט." „עט"! מאַכט ר' לוי יצחק—„פאַר דאָס זאָל דער אויבערשטער אַוועקנעמען דיינע קינדער? ניין ניט דאָס! אפשר האָסטו באַגאַנגען אַנאַנדערען חטא?"

„איך האָב"—זאָגט די אידענע—„אָפט דאָס פלייש נישט געזאַלצען." —„ניין."—זאָגט ר' לוי יצחק—„דערפאַר קען דער אויבערשטער נישט שטראָפען אַזוי האַרט. „אפשר האָסטו עפּעס אַנדערש געטאָן?" די אי־דענע איז ביסלעכווייז מודה. זי האָט עופות אַליין געקוילעט. זי איז געוועז אונטריי איהר מאַן. אָבער ר' לוי יצחק שאָקעלט אַלץ מיט דעם קאָפּ. פאַר די אַלע זאַכען, שטראָפט נישט גאָט אַזוי שווער. "אפשר האָסטו נאָך עפּעס געטאָן?"—פרעגט דער צדיק, און די ווייבעל קלערט, און קלערט, און ענטפערט:

„הייליגער צדיק, איך האָב די אורחים פון מיין אכסניא געגעבען טריפות צו עסען."

„אָט, אָט,"—זאָגט ר' לוי יצחק—„זעהסטו מיין קינד, וואָס דו האָסט אַליין געטאָן, איז גאָט, אַ בעל הרחמים, ער איז מוחל, אָבער אַז מען מאַכט שטרויכלען יענעם אין אַן עבירה, אָהן זיין וויסען, איז דאָס ערגער ווי אַלץ."

אַזעלכע מעשה'לאַך ווערען דערצעלט אין די הונדערטער פון ר' לוי יצחק'ן, וועלכע דריקען מיט זיך אויס די גרענצלאָזע ליבע צו זיין פאָלק. און מיט נאָך מעהר פייערליכקייט ווערען געזונגען זיינע לידלאַך וואָס דריקען אויס זיין פייערדיגע ליבע צו זיין באַשעפער.

מיר וועלען דאָ איבערגעבען זיין באַרימטע **„דודקע ליד," וועלכע** רופט אַרויס התרוממות הנפש צו דעם העכסטען עקסטאַז פון באַגייס־טערונג, אפילו ביי מתנגדים. אָט איז דאָס ליד:

רבונו של עולם, (צוויי מאָל)\
איך וויל פאַר דיר אויף דער דודקע שפּילען:\
אַנאַ אַמצאַך ואנא לא אמצאך —\
אוואו קען איך דיך יאָ געפינען,\
און אוואו קען איך דימ נישט געפינען?\
אַז וואו איך געה ביסט—דו,\
און וואו איך שטעה—ווייטער—דו,

און וואו איך זיץ—אבער דו,
אליץ—דו, נאר—דו, אך—דו, רק—דו,
דו, דו, דו, דו אך דו, דו רק דו.
אז ס'איז גוט ביסט—דו!
חלילה נישט—ווייטער דו!
גוט—דו! שלעכט—דו!
אליץ דו! נאר—דו!
אך דו! רק—דו!
דו—דו—דו! דו—או—או—דו! . . .
מזרח—דו, מערב—דו, צפון—דו, דרום—דו;
מעלה—דו מטה—דו; נאר—דו! אליץ—דו! אך—דו! רק—דו!
דו—דו—דו! דו—או—או—דו! . . .

אזוי פלעגט ר' לוי יצחק אויסגיסען זיין ליבע צו זיין באשעפער. דיזע לידעל באלאנגט צו די שעהנסטע און הארציגסטע פאלקס לידלאך ביז דעם היינטיגען טאג.

און אט, דיזע הייליגע נשמה און הארץ, ברייט ווי די גאנצע וועלט, איז אויסגעקומען צו ליידען מעהר ווי זיינע רבי'ס און זיינע חברים.

ר' לוי יצחק האט געהאט דאס אומגליק, וואס זיינע ערשטע רבנות שטעלען, זיינען געווען אין מתנגדישע שטעדט. זיין ערשטע רבנות איז געווען אין ריטשוויל. דארט האט ער געליטען שרעקליכע רדיפות מצד די מתנגדים. חסידים דערצעלען אז איינמאל, הושענא רבה, ווען ר' לוי יצחק האט געזאגט מיט גרויס התלהבות די הושענות, און געשפרונגען און געטאנצט מיט דעם אתרוג און לולב אין האנד, ווי זיין שטייגער איז געווען, זיינען די מתנגדים געווארען אזוי אויפגערעגט, א זויי זיינען איהם געלאפען שלאגען. א מורא'דיגע מחלוקה האט אויסגעבראכען אין בית המדרש צווישען די חסידים און מתנגדים. ר' לוי יצחק האט פון גאר נישט געוואוסט, אזוי פארטיפט איז ער געווען אין דער עבודה. זיינער א חסיד, זעהענדיג די געפאהר, האט איהם אפגעריסען פון זיין עבודה און איהם געבעטען ער זאל פארלאזען דאס בית המדרש. ר' לוי יצחק האט געפאלגט, אבער אנשטאט אהיים איז ער געלאפען ארויס פון שטאטד, אום צו ענדיגען די הושענות אין פעלד, און אזוי לויפענדיג, איז ער געקומען ביז קאזיניץ, (א שטעדטעל נישט ווייט פון ריטשוויל) מיט דעם אתרוג און לולב אין האנד. דער קאזיניצער מגיד, איינער פון די גרעסטע גוטע אידען אין זיין דור האט איהם געקושט פאר שמחה.

שפעטער איז ר' לוי יצחק אויפגענומען געווארען אלס רב פון פינסק.

# קאפיטעל 6

דעם ביטערען רושם וואס די פינסקער רדיפות אויף ר׳ לוי יצחק׳ן האבען געמאכט אויף זיינע חברים.—ר׳ שניאור זלמן באשליסט נישט מעהר צו פארשווייגען.—דעם רבי׳ן ר׳ בער׳ס פטירה.—ר׳ שניאור זלמן בלייבט איינער אליין אויף דעם שלאכטפעלד.—ר׳ שניאור זלמן׳ס הארציגער בריף צו זיינע חסידים אין ווילנע.

אז ר׳ לוי יצחק איז געווען א חוץ זיין צדקות, און קדושה וטהרה, אויך א גאון אין נגלה, באווייזט שוין דער פאקט, אז פינסק, די שטאדט אויף וועמעס רבנות שטול עס זיינען געזעסען די גרעסטע גאונים, האט איהם, אויסערוועהלט פאר איהר רב ואב בית דין, ווען ער איז נאך געווען כמעט א גאנץ יונגער מענש. ער איז דארום געווען ביי זיינע חברים אפילו די וואס זיינען געווען עלטער פון איהם, די קרוין פון קאפ, און דער ליבלינג פון אלעמען.

מען קען זיך דארום קוים משער זיין דעם ביטערען רושם, וואס די רדיפות אויף ר׳ לוי יצחק׳ן אין פינסק האבען געמאכט אויף זיינע חברים, די תלמידים פון מגיד. איבערהויפט ווען זיי האבען געהערט וועגען דעם מורא׳דיגען פארברעכען וואס פינסק האט אנגעטאן זייער טייערען חבר, ארויסטרייבענדיג איהם פון שטאדט מיט חרפות ובושות, און צונעמענ־דיג ביי זיינע בני בית אלעס וואס זיי האבען פארמאגט.

צו זייער רבי׳ן, דעם מגיד, האבען זיך ר׳ לוי יצחק׳ס חברים נישט מעהר געקענט ווענדען. זיי האבען געוואוסט אז איינמאל האט דער מגיד באשלאסען, אז מען דארף די מתנגדים נישט ענטפערען, וועט ער זיין באשלוס נישט ענדערען, מעג קומען דאס שרעקליכסטע וואס קאן נאר זיין. ר׳ לוי יצחק׳ס חברים האבען זיך דארום געווענדעט צו ר׳ שניאור זלמנ׳ען, וועלכער איז געווען דעם מגיד׳ס ליבלינג און איז געשטאנען אין נגלה און אין נסתר כמעט העכער פון אלעמען.

ר׳ שניאור זלמן האט אויפגעציטערט הערענדיג וועגען דעם שרעק־ליכען פארברעכען וואס פינסק האט באגאנגען געגען זיין טייערען חבר דעם גוטען און הייליגען ר׳ לוי יצחק׳ן. טרערען האבען זיך געגאסען פון זיינע אויגען אויף דעם חלול הקודש און בזיון התורה. ער האט לאנג נאכגעדענקט און האט ענדליך באשלאסען, אז מען טאר נישט פארשוויי־גען. אז מען מוז האנדלען געגען מגיד׳ס רצון און ענטפערען צו די פינסקער מתנגדים, מיט דערזעלבער וואפע וואס זיי אליין, די מתנגדים האבען באנוצט—מחרים זיין.

ווען דער רבי ר׳ בער האָט אויסגעפונען וואָס זיינע תלמידים האָבען געטאָן, אָהן זיין וויסען, האָט ער זיך שטאַרק מצער געווען. ער האָט אַריינגערופען די תלמידים און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט: איהר האָט געטאָן אַזוי ווי דער דין הייסט, איהר האָט אָבער מיט אייער טהאָט פאַר־לוירען אייער רבי׳ן, און אַזוי איז געווען. עס האָט נישט גענומען לאַנג און דער מגיד איז נפטר געוואָרען. (י״ט סלו, תקל״ג—1773.)

נאָך דעם רבי׳ן ר׳ בער׳ס פּטירה, האָט עס אויסגעזעהן אַז דאָס פייער פון מחלוקה וועט פאַרלאָשען ווערען. נישט מצד די מתנגדים, נאָר מצד די חסידים. די באַרימטע תלמידים פון רבי׳ן ר׳ בער האָבען זיך פאַר־שפּרייט אין אַלע טיילען פון רוסלאַנד, וואָהלין, פּאָדאָליע, פּוילען, און גאַליציע, און דאָרט געגרינדעט זייערע גוט אידישע דינאַסטיעס. פון די גאָר גרויסע זיינען געווען: ר׳ מענדעלי וויטעבסקער. ער איז דערנאָך אַוועק נאָך ארץ ישראל. דער רבי ר׳ מילך אין ליזענסק, זיין ברודער דער רבי ר׳ זישאַ אין אַניפּאָלי. ר׳ לוי יצחק אין בערדיטשעוו. ר׳ ישראל דער קאָזיניצער מגיד, ר׳ נחום׳ל טשאַרנאָבלער און דער „חוזה“, ר׳ יעקב יצחק אין לובלין. די אַלע גוטע אידען זיינען געווען אין געגענדען וואו עס זיינען קיין מתנגדים כמעט נישט געווען. זיי האָבען זיך דאַריבער ווייניג געקימערט וואָס די מתנגדים אין ליטע טוען אָדער פּלאַנעווען צו טאָן.

אַנדערש איז געווען דער שיקזאַל פון רבי שניאור זלמן. ער איז געבליבען נאָהענט צו ליטע, דער מקור פון מתנגדות. ער איז איבער־הויפּט נאָך געווען יונג, מיט אַ שטורמישע נשמה. אין לערנען האָט ער זיך נישט געהאַט וואָס צו שעהמען מיט קיינעם, אויסער דעם גאון, איז ר׳ שניאור פאַררעכענט געוואָרען אַלס איינער פון די גרעסטע גאונים אין יענער צייט. חסידים דערצעלען אַז בעת ר׳ שניאור איז אַלט געוואָרען דרייסיג יאָהר האָט ער שוין געהאַט זעכצען מאָל דורכגעלערנט ש״ס ופּוסקים. די מתנגדים האָבען געוואוסט זיין כח. איבערהויפּט ווען עס אַרויס זיין „תניא“ מיט וועלכע ער האָט אויפגעשטורעמט די לומדישע וועלט, און זיי, די מתנגדים האָבען דאַריבער געריכטעט אַלע זייערע כלי־זין געגען ר׳ שניאור׳ן. די ענד איז געווען אַז ר׳ שניאור איז אַריינגע־צויגען געוואָרען אין די געפעהרליכסטע מחלוקה וואָס האָט איהם נישט געגעבען קיין מנוחה ביז די לעצטע מינוט פון זיין לעבען.

ר׳ שניאור זלמן האָט אָבער נאָך אימער געהאָפט אַז ס׳וועט איהם געניגען די מלחמה איינצושטילען. איהם האָט געצויגען צו דעם לעבען פון התבודדות (אָבגעזונדערהייט) צו דעם לעבען וואָס ער האָט פאַרבראַכט צוזאַמען מיט זיין חבר, דער מלאך הקדוש. ר׳ שניאור האָט זאָגאָר נישט

געוואָלט זיין קיין רבי פון חסידים, זאָגאר דאן ווען ר' מענדעלי וויטעב־סקער האָט אויף איהם גוזר געווען, אז ער מוז ווערען דער מנהיג פון די חסידים אין ראסיין, ווי עס וועט שפּעטער דערצעלט ווערען.

„איינמאָל"—דערצעלט א חסידישע אגדה—„שטעהענדיג ביים פענ־סטער, און זעהענדיג ווי מחנות חסידים ציהען זיך צו זיין הויז, האָט ר' שניאור אויסגעשריען: וואָס ווילען זיי פון מיר? וואָס קומען זיי צו מיר; וואָס האָבען זיי אין מיר געפונען? זיין ווייב, וועלכע האָט גע־הערט זיינע ווערטער האָט איהם בארוהיגט: זיי קומען נישט צו דיר, האָט איהם זיין ווייב געזאָגט, זיי קומען פון דיר הערען די תורה וואָס דו האָסט געלערענט ביי דעם מגיד הקדוש. דאָס האָט דעם רב בארוהיגט און ער האָט די חסידים אויפגענומען און פאר זיי געזאָגט תורה און חסידות."

ווי ווייט דער רב האָט געוואָלט פארמיידען מחלוקות באווייזט א בריף וואָס ער האָט געשריבען צו זיינע חסידים אין אושאץ. ער שרייבט:

„השמרו בנפשותיכם מלהתיצב נגד הקמים עליכם. ובד' בטחתי שאל יעזבנו נס"ו (נצח סלה ועד) והנה עד כה וכה יתנהגו במצער. ולא עם מסירה חס ושלום„ (היט זיך אנטקעגענ צו שטעלען געגען די וואָס שטע־הען געגען אייך. איך האָב בטחון צו גאָט אז ער וועט אונז קיינמאָל נישט פארלאָזען. דערווייל האלט זיך צוריק פון מחלוקות און פון א מסירה חס ושלום.)

נאָך מעהר באווייזט זיין פארלאנג פאר שלום פון דעם באשלוס וואָס ער, ר' שניאור, מיט זיין עלטערען חבר ר' מענדעלי וויטעבסקער, וועלכער איז אויך געווען א גאון עולם, האָבען געפּאסט צו געהן נאָך ווילנע, און אויפצייגען דעם גאון גופא אז אלע מסירות וואָס זיינען געמאכט גע־וואָרען אויף חסידות איז פאלש און ליגען.

דאָס איז געווען א געוואגטער שריט. דער רב און זיין לעטערער חבר ר' מענדעלי האָבען געוואוסט אז דער גאון איז א מוח נפלא וואָס אזוינס איז נישט געווען פאר כמה וכמה דורות. זיי האָבען אויך גע־וואוסט, אז דעם גאון קען מען נישט געווינען מיט סודות און מיט חסידות. אז הגם, ער איז א מקובל אלקי, פאָדערט ער אָבער קודם כל אָפּ־צוהיטען דעם שלחן ערוך און אלע דינים ומנהגים ווי זיי זיינען געשריבען, נישט אָפּצואווייכען אפילו א קוצו של יוד. זיי האָבען זיך אָבער פאר־לאָזט אויף זייער לומדות און אויף דעם גרויסען בטחון אז בזכות השלום וואָס איז שמו של הקדוש ברוך הוא, וועט זיי געלינגען צו באווייזען דעם גאון, דעם אמת.

ווענען דעם באזוך אין ווילנע שרייבט דער רב צו זיינע ווילנער

חסידים וועלכע האבען איהם געבעטען ער זאל קומען א צווייטען מאל נאך ווילנע, טאמער וועט איהם געלינגען דעם גאון צו בארוהיגען, פאל־נענדע הארציגע ווערטער:

„מה לנו לעשות ולא עשינו. הרבה מאד טרחנו בזה, ולא עלתה בידנו, נקיים אנחנו מד׳ ומישראל. הנה מראשית כזאת הודענו והלכנו אל הגאון החסיד נ״י לביתו להתוכח עמו ולהסיר תלונותיו מעלינו, בהיותי שם עם הרב הקדוש המנוח מוהרמ״מ זצלה״ה (מנחם מענדיל מוויטעבסק), וסגר הדלת בעדנו פעמים. וכאשר דברו לו גדולי העיר: „רבנו! הנה זה הרב המפורסם שלהם בא להתוכח עם כתר״ה (כבוד תורתו הרם) וכאשר ינוצח הנה בזה יהיה שלום על ישראל״ דחה אותם בדחויים, וכאשר החלו להפציר בו מאד, חלף הלך לו ונסע מן העיר, ושהה שם עד יום נסיעתינו מהעיר. (וואס קענען מיר טאן וואס מיר האבען שוין נישט געטאן. מיר האבען אנגעוועגדעט אונזערע מיהע, און עס האט נישט געהאלפען. מיר זיינען ריין פון גאט און פון מענשען. מיר זיינען געקומען אין ווילנע, מיר זיינען געגאנגען צו דעם גאון אום מיט איהם צו האלטע א וויכוח, און ארונטערצונעמען פון אונז זיינע באשולדיגונגען. איך בין דארט געוועזען מיט הרב הקדוש מוהרמ״מ זצלה״ה, און ער, (דער גאון), האט צוויי מאל פאר אונז די טיהר פארשלאסען, און ווען די גדולי העיר האבען פון איהם געבעטען: „רבי! עס איז אהער געקומען זייער בארימטער רב צו האלטען א וויכוח מיט אייך, און אויב איהר וועט איהם מנצח זיין, וועט זיין שלום ביי אידען,״ האט דער גאון זיי צוריקגעשטויסען, און ווען זיי האבען אויף איהם שטארק מפציר געוועזען האט ער פארלאזען די שטאדט און איז נישט צוריקגעקומען ביז מיר האבען די שטאדט פארלאזט.)

---

## קאפיטעל 7

ר׳ שניאור זלמן און ר׳ מענדעלי וויטעבסקער פארען קיין שקלאוו צו האבען א וויכוח מיט ר׳ יהושע צייטלין.—זייער שיקזאל אין שקלאוו איז דעזעלבער וואס אין ווילנע.—די געשיכטע פון ר׳ מענדעלי ווי־טעבסקער.—ר׳ מענדעלי ביים בעל שם.—ר׳ מענדעלי גיט איבער זיין חסידישע מלוכה צו זיין יונגען חבר ר׳ שניאור זלמן.

ווי עס איז שוין דערצעלט געווארען אין די פריהערדיגע קאפיטלאך האבען זיך די תלמידים פון מגיד הקדוש, נאך דעם מגיד׳ס פטירה, פאר־שפרייט אין פארשידענע טיילען פון רוסלאנד, פאדאליע, וואהלין, פוילען און גאליציע. זיי האבען זיך אוועקגערוקט אלץ ווייטער און ווייטער פון ווילנע וועלכע איז געוועזען די פעסטונג פון די מתנגדים, און האבען געגרינ־

דעט זייערע גוט אידישע דינאסטיעס, אין געגענדען וואו מתנגדים האָבען כמעט גאָר נישט עקזיסטירט, געבליבען נאָהענט צו דעם „שונא'ס לאַגער" זיינען, ר' שניאור זלמן און ר' מענדעלי וויטעבסקער.ביידע זיינען געווען געבוירענע פון ליטע. ביידע האָבען געהאַט די שאַרפע מוחות מיט וועל־כע דאָס יודענטום פון יענעם קליינעם לאַנד האָט זיך אזוי שטאַרק אויס־געצייכענט, און ביידע האָבען פּרובירט די מחלוקה געגען די חסידים איינצושטילען.

ווען דער גאון האָט פאַר זיי פאַרהאַקט די טיהרען און האָט זיי נישט געוואָלט זעהן, ווי עס איז דערצעלט געוואָרען אין פאָריגען קאַפּיטעל, זיינען זיי געפאָרען קיין שקלאָוו, האָפענדיג צו געווינען אויף זייער זייט ר' יהושע צייטלין וועלכער האָט דאַן געוואוינט אין שקלאָוו.

ר' יהושע צייטלין (געב. 1742, געש. 1822) איז געווען אַן ערשיי־נונג אין יודענטום. ער איז געווען כמעט דער צווייטער פון גאון, צו וועמען די גדולי ישראל האָבען זיך געווענדעט מיט די שווערסטע שאלות. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות. ער האָט זיך גענומען צו מסחר און איז געוואָרען איינער פון די גרעסטע גבירים אין רוסלאַנד. און נישט קענענדיג צוקומען צום גאון האָבען זיך די צוויי פאַרטרעטער פון חסידות ר' שניואר זלמן און ר' מענדעלי פּרובירט צו ווענדען צו ר' יהושע צייטלין.

עס זעהט אויס אַז זייענדיג אין ווילנע האָבען די צוויי גדולי החסידים געקראָגען אַ ידיעה אַז אין שקלאָוו וועט מען זיי אויפנעמען בסבר פּנים יפות און מיט זיי האַלטען אַ ויכוח. אויסגעלאָזט האָט זיך אַז זייער שיק־זאַל אין שקלאָוו איז געווען דרעזעלבער ווי אין ווילנע.

אין דעמזעלבען בריף צו זיינע ווילנער חסידים וואו דער רב באַ־קלאָגט זיך אַז דער גאון האָט פאַר איהם און פאַר זיין חבר ר' מענדעלי צוויי מאָל פאַרהאַקט די טיהר און זיי נישט אריינגעלאָזען צו זיך שרייבט דער רב:

„נסענו לק" שקלאָוו גם כן לויכוח, ולא עלתה בידינו, ועשו לנו מעשים אשר לא יעשו, ושינו טעמם והבטחתם, אשר הבטיחו תחלה שלא לעשות לנו מאומה." (מיר זיינען געפאָרען קיין שקלאָוו צו האַלטען אַ ויכוח אָבער עס איז אונז נישט געלונגען. מען האָט געגען אונז באַגאַנגען מעשים וואָס האָבען נישט געדאַרפט באַגאַנגען ווערען, מען האָט געענדערט דאָס פאַרשפּרעכען וואָס מען האָט פאַרשפּראָכען אונז גאָר נישט צו טאָן.)

דאָס באַווייזט אַז פאַרשפּראָכען האָט מען זיי, אַז מען וועט זיי אין שקלאָוו מקבל זיין בסבר פּנים יפות. מען האָט אָבער דאָס פאַרשפּרעכען נישט געהאַלטען.

וועגן ר׳ מענדעלי וויטעבסקער וועלכער האָט געשפּילט אזא וויכ־טיגע ראָלע אין דעם לעבען פון ר׳ שניאור זאַלמן איז כדאי צו ווידמען א באזונדער קאַפּיטעל.

ר׳ מענדעלי איז ערצויגען געוואָרען אין הויז פון מגיד, און איז גע־ווען אונטער׳ן מגיד׳ס השפּעה פון דער צייט וואָס ער איז אַלט געוואָרען צעהן יאָהר ביז דער מגיד איז נפטר געוואָרען. דער מגיד האָט איהם געליבט ווי אַן אייגען קינד.

א חסידישע אגדה דערצעלט אַז איינמאָל שבת נאָרמיטאָג האָט דער מגיד געזעהן ווי זיין קליינער תלמיד, מענדעלי, געהט זיך ארויף און אראָפּ מיט א פּאַררּיסענעם קאָפּ און מיט דעם היטעל אָפּגערוקט אָן א זייט. דער מגיד האָט איהם אריינגערופען צו זיך.

„מענדעלי״—האָט דער מגיד איהם געפרעגט—„וויפיל בלאָט גמרא האָסטו היינט געלערענט״?

„זעקס״—האָט דער יונגער תלמיד געענטפערט מיט שטאָלץ.

דער מגיד האָט געזאָגט ווי צו זיך אליין: „אויב פון זעקס בלאָט גמרא רוקט מען אָפּ דעם היטעל אין א זייט, וויפיל בלאָט גמרא דאַרף מען לערנען דעם היטעל אויסצוטאָן אין גאַנצען?״ דער מגיד האָט נישט געוואָרט אויף אַן ענטפער און האָט פאַרשלאָסען די טיהר.

דער יונגער מענדיל איז געבליבען ווי פאַרשטיינערט. ער האָט פאַר־שטאַנען דעם מגיד׳ס וואונק און האָט זיך צוואוויינט אויפ׳ן קול.

ווען ער האָט זיך אביסעל בארוהיגט איז ער אריין צום מגיד אין שטוב.

„רבי״—האָט מענדעלי מיט געוויין געבעטען—„איך ווייס אַז איך האָב געזינדיגט. גאוות איז א מיאוסע מידה וואָס גאָט ברוך הוא האָט פיינט. גיט מיר ארויס א תשובה רבי.״

דער מגיד האָט איהם בארוהיגט און איהם פאַרשפּראָכען מיטצונעמען צום בעל שם. דאָרט ביים בעל שם, האָט דער מגיד געזאָגט צו זיין יונגען תלמיד, וועסטו לערנען מדת עניוות.

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז דער מגיד אװעקגעפאָרען צום בעל שם און האָט מיטגענומען זיין יונגען תלמיד, מענדעלי.

זיי זיינען געקומען קיין מעזיבוש פרייטאָג נאָכמיטאָג ווען דער בעל שם איז שוין געווען אין בית המדרש, צו קבלת שבת. (דער בעל שם פלעגט מקבל שבת זיין פרייטאָג באלד נאָך האַלבען טאָג) דערזעהענדיג דעם מגיד האָט דער בעל שם איהם געגעבען א הארציגען שלום, ער האָט אָבער געלאָזט שטעהן דעם יונגען מענדעלי נישט געבענדיג איהם שלום.

מענדעלי האָט זיך שטאַרק מצער געווען און איז אַ גאַנץ שבת געווען שטאַרק צורודערט. שבת צו נאַכט האָט דער בעל שם געלאָזט אַריינרופען מענדעלי'ן און האָט דערצעלט אַ מעשה פון אָקסען און אַקערן. אין דער מעשה איז געווען פאַרוויקעלט אַלצדינג וואָס האָט פּאַסירט און וואָס וועט פּאַסירען מיט מענדעלי'ן ביז זיי פּטירה.

מענדעלי האָט פאַרשטאַנען וואָס דער בעל שם מיינט.

איינמאָל, ווען ר' מענדעלי איז שוין געווען אַ רבי פון טויזענטער חסידים, איז ער קראַנק געוואָרען אַזוי אַז דאָקטוירים האָבען זיך פון איהם מיאש געווען. ר' מענדעלי האָט דערהערט די קולות און יללות פון זיינע חסידים. ער האָט אַרויסגעשיקט זיין גבאי צו די חסידים אַז זיי זאָלען זיך נישט שרעקען. „פון דער מעשה, וואָס דער בעל שם האָט מיר דער־צעלט ווען איך בין אַלט געווען צעהן יאָהר“— האָט ר' מענדעלי געזאָגט צום גבאי—ווייס איך אַז איך דאַרף נאָך זיין אין ארץ ישראל.“

אַזוי איז עס טאַקע געווען. ר' מענדעלי איז געזונט געוואָרען און איז שפּעטער אַוועק נאָך ארץ ישראל.

פאָלגענדע חסידישע אגדה באַווייזט ווי הויך ר' מענדעלי איז געשטאַ־נען ביי זיין רבי'ן דעם מגיד און ביי זיינע חברים.

ביי אַלע גוטע אידען, דעם בעל שם'ס נאָכפאָלגער, איז געווען אַ מנהג צו בלאָזען שופר איינער אַליין. אויסער ביי דעם מגיד. דער מגיד האָט די גרויסע מצוה פון שופר בלאָזען מכבד געווען ר' מענדעלי וויטעב־סגער, און ער אַליין, דער מגיד, איז געווען דער מקריא (פאָרזאָגער) אַזוי איז געווען פון יאָהר צו יאָהר.

איינמאָל, ראש השנה, ווען ר' מענדעלי האָט דורך אַ סיבה נישט געקענט זיין דער בעל תוקע, האָט דער מגיד מכבד געווען מיט דער מצוה ר' לוי יצחק בערדיטשעווער. קוים האָט דער מגיד אָנגעהויבען פאָרצו־לייענען די תקיעות און ר' לוי יצחק איז געפאַלען אין חלשות. ער האָט דערזעהען דעם מגיד איינגעהילט אין פלאַם פייער, ווי ער האָט דערנאָך איבערגעגעבען צו זיינע חברים.

„איך ווייס גאָר נישט וואָס מיט ר' לוי יצחק'ן איז געשעהן“—האָט דער מגיד נאָך דעם דאַוונען געזאָגט צו זיינע חסידים—„מיין ר' מענדעלי זעהט מעהר פון איהם און דערשרעקט זיך גאָר נישט אַזוי.“

דאָס איז געווען אַ מעין סמיכה פון מגיד. אַז ר' מענדעלי הייסט עס, איז דער גרעסטער פון אַלע זיינע תלמידים. און עס איז געווען זעלבסט־פאַרשטענדליך אַז נאָכ'ן מגיד'ס פּטירה, זאָלען זיך אַ סך פון מגיד'ס תלמידים אונטערוואַרפען אונטער ר' מענדעלי'ן אַלס זייער רבי'ן. און

אפילו ר׳ שניאור זלמן וואס איז געשטאנען אין נגלה און נסתר העכער פון ר׳ מענדעלי׳ן, האט ר׳ מענדעלי׳ן אנערקענט אלס דעם צדיק הדור.

דאס איז געווען אין תקל״ג, אין תקל״ז האט ר׳ מענדעלי באשלאסען איבערצוגעבען די כסא מלוכה צו זיין חבר און תלמיד ר׳ שניאור זלמן, און אליין זיך באזעצען אין ארץ ישראל.

---

## קאפיטעל 8

חבת ארץ ישראל און חסידות.—ר׳ מענדעלי וויטעבסקער פאהרט נאך ארץ ישראל איזדער האפנונג צו ברענגען שלום צווישען די חסידים און מתנגדים.—דער גורל צו קעמפפען די מלחמה פאר חסידות פאלט אויף דעם יונגען ר׳ זלמן לאדיער.—חב״ד די נייע שיטה אין חסידות.

חבת ארץ ישראל (די ליבע צום הייליגען לאנד) האט אין חסידות געפונען א טיפערען אויסדרוק זאגאר ווי אין דער גמרא און מדרשים, וועל־כע שטעלען ישוב ארץ ישראל העכער פון אלע מצות.

געשטיצט אויף דעם זוהר: „כל מאן דזכי לאתקשרא בחייו בהאי ארעא קדישא, זכי לאתקשרא לבתר בארעא קדישא עילאה, וכל מאן דזכי למיפק נשמתיה בארעא קדישא אתכפרו חובוי וזכי לאתקשרא תחות גדפוי דשכנתא״ (ווער עס איז זוכה זיך צו באהעפטען ביים לעבען אין דעם הייליגען לאנד, וועט שפעטער זוכה זיין זיך צו באהעפטען אין דעם הימ־לישען הייליגען לאנד, און ווער עס איז זוכה צו שטארבען אין הייליגען לאנד, ווערען זיינע חטאים פארגעבען און ער איז זוכה זיך צו באהעפטען אונטער די פליגלען פון דער שכינה אליין.) געשטיצט אויף דעם זוהר און אויף אנדערע שטעלען אין זוהר הקדוש וועלכע הויבען אויף ישוב ארץ ישראל ביז צו דער געטליכקייט אליין, האבען שוין די אלטע מקובלים ווי דער האר״י הקדוש, זיין תלמיד ר׳ חיים וויטאל, ר׳ יוסף קארו, ר׳ משה אלשיך, נישט נאר פארהייליגט ישוב ארץ ישראל אלס מצוה נאר אויפגע־הויבען ארץ ישראל איבער אלע עולמות עליונים.

דער בעל שם און זיינע נאכפאלגער האבען נאכגעפאלגט דיזעלבע שיטה, „ציון״—זאגט דער מגיד—„איז דער מקור פון דער גאנצער וועלט. פון ציון ציהט די גאנצע וועלט איהר חיות.״

„ארץ ישראל—זאגט ר׳ מענדעלי וויטעבסקער—איז די שכינה אליין.״

„די ליבע צו ארץ ישראל—זאגט ר׳ שניאור זלמן אין זיין „תניא״— דארף ברענען אין אידישען הארץ ווי אן אייביג פייער.״

„דער מוח פון תורה און חכמה איז ארץ ישראל"—זאָגט ר' נחמן בראַצלאַווער—„ווער עס וויל זיין אַ איד באמת, מוז פאָהרען קיין ארץ ישראל."

כמעט אַלע גוטע אידען פון בעל שם אָן, האָבען פּרובירט צו פאָהרען נאָך ארץ ישראל. דעם בעל שם אַליין איז שוין געווען אויף זיין וועג נאָך ארץ ישראל אַזש אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. מען האָט איהם אָבער פון הימעל מודיע געווען, אַז עס איז נאָך נישט די צייט. דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט מיט זיין תלמיד דער בעל „התולדות" (ר' יעקב יוסף פּאָל-נאָער), צווישען די ווענינע בעל שם'ס תלמידים וואָס האָבען יאָ זוכה גע-ווען צו פאָהרען אין ארץ ישראל און זיך דאָרט באַזעצען איז געווען ר' מענדעלי וויטעבסקער.

אין יאָהר תקל"ז איז ר' מענדעלי אַוועק נאָך ארץ ישראל באַגלייט פון דריי הונדערט פון זיינע געטרייעסטע חסידים און זיי האָבען זיך באַ-זעצט אין צפת.

עס דאַרף נאָך דאָ געזאָגט ווערען אַז ר' מענדעלי וועלכער האָט פיער לאַנגע יאָהר (זינט דעם מגיד'ס פּטירה) געאַרבייט צוזאַמען מיט זיין יונ-גען חבר ר' שניאור זלמן איינצושטילען די מחלוקה פון די מתנגדים געגען די חסידים, האָט געהאָפט אַז דאָס וואָס איהם איז נישט געלונגען אין חוץ לארץ, וועט איהם געלינגען אין ארץ ישראל. ער האָט געהאָפט אַז דער זכות פון ארץ ישראל וועט איהם ביישטעהן צו ברענגען שלום.

אין איינעם פון זיינע בריף, באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין ארץ ישראל, שרייבט ר' מענדעלי:

„הנני עומד כהיום על אדמת קודש, והיה ה' אלקים לי לעד, בו אני נשבע, ובשמו אני נושא, באם שיש בנו ובדעתנו ובאמונתנו, חס ושלום, שום שמץ דופי, או חס ושלום כפירות תורתנו שבכתב ושבעל פה אפילו איזה סייג וגדר מצוה נגד ד' ונגד משיחו, אל יושיענו היום הזה." (איך שטעה היינט אויף דער הייליגער ערד, און גאָט זאָל זיין מיין עדות, ביי איהם שווער איך, אויב עס איז דאָ אין אונז, אָדער אין אונזער געדאַנק, אָדער אין אונזער גלויבען חס ושלום עפּעס אַ כפירה (אָפּלייקענונג) געגען אונזער הייליגער תורה, אָדער אפילו נאָר געגען אירגענד אַ מנהג, אויב יאָ זאָל גאָט אונז נישט העלפען דעם טאָג.

און ר' מענדעלי בעט זיך ווייטער:

„הלא אב אחד לכלנו, אל אחד בראנו ומדוע נבגוד איש באחיו," (מיר האָבען דאָך אַלע איין פאָטער, איין גאָט האָט דאָך אונז אַלעמען באַשאַפען און פאַרוואָס זאָלען מיר פאַלש זיין אַ ברודער געגען אַ ברודער?)

ר׳ מענדעלי׳ס בריף האָט אָבער גאָר נישט געהאָלפען, דאָס פייער פון די מחלוקה האָט זיך פארשפרייט אַלץ שטארקער און מורא׳דיקער, און אויף דעם נאָך גאָר יונגען ר׳ זלמן לאַדיער, איז געפאַלען דער גורל צו ווערען דער פיהרער פון דער שווידרעהאפטער מלחמה.

ר׳ שניאור זלמן האָט גוט געוואוסט די געפעהרליכע אויפגאבע וואָס די השגחה האָט איהם צוגעטיילט. ר׳ שניאור זלמן איז אָבער אויך גע־ווען אויסגעשטאטעט מיט אַלע כלי זין וואָס די מלחמה האָט געפאָדערט.

די השגחה האָט איהם פארציערט מיט אַלע מעלות. אויסער דעם וואָס ער איז געווען אַ גאון אין נגלה און נסתר, איז ער אויך געווען אַ גאון אין דער וויסענשאפט: אסטראָנאָמיע, מאטהעמאטיק, נאטור וויסענ־שאפט און אַנדערע וועלטליכע וויסענשאפטען. ער איז אויך געבענטשט געווען מיט אַ זיסע שטימע. זיין דאַוונען און זיינע נגונים האָבען גע־בראכט זיינע צוהערער כמעט צו התפשטות הגשמיות. ממש צו כלות הנפש. מען האָט געפיהלט אז די נשמה געהט אוים פון מתיקות, און יראת הרוממות. „ווען דער רב הויבט אָן זינגען אַ זמר— איז געווען ביי זיינע חסידים פעסטגעזעצט,—הויבט זיך אויף זיין נפש ביז צום היכל הנגינה, און פון דאָרט צו אַלע אַנדערע הימלישע היכלות, ביז זיין נפש דערגרייכט צום כסא הכבוד אַליין, וואו די מלאכים זינגען שירה צום בורא עולם.“

אַ חסידישע אגדה דערצעלט אז איינמאָל ביי אַ מסיבה פון חסידים, צווישען וועלכע עס איז געזעסען דער בארימטער חסיד ר״י פסחזאָן, האָ־בען אַלע אָנגעהויבען צו זינגען דעם רב׳ס אַ ניגון. ר״י פסחזאָן איז אריינגעפאַלען אין אַזאַ באגייסטערונג אַז ער איז געפאַלען אין אונמאכט. ווען מען האָט איהם דערמונטערט האָט ער ארויסגעלאָזט אַ געוויין „אוי ווער“ האָט ער אויסגעשריען,— „ווי קען מען זינגען אין אַ וואָכענדיגער מסיבה דעם ניגון מיט וועלכען דער רב האָט ממש מרעיש עולמות געווען.“ —איך נשיר את שיר ד׳ על אדמת נכר.“

דער רב האָט אויך אריינגעבראכט אַ נייע שיטה אין חסידות. ביז איהם איז די שיטה פון חסידות געווען כמעט אין גאנצען אַ חצוניות׳דיגע, אַן אויסערליכע. מען דאַרף גלויבען, אָהן קשיות, אָהן תירוצים. די אמונה אַליין פיהרט שוין דעם מענש צו תכלית השלמות, (צו דער פאָל־קאָמענהייט.) די הויפט זאך הייסט עס, איז דאָס הארץ, און נישט דער מוח. גריבלען זיך אין פראגען פון דער אמונה איז אַן עבירה.

ר׳ שניאור זלמן האָט אריינגעבראכט אַ נייע שיטה אין חסידות. ער האָט געבראכט צו דעם חסידות נישט נאָר דאָס הארץ, נישט נאָר די חצוניות׳דיגע אמונה, נאָר אויך דעם שכל. דאָס פנימיות׳דיגע.

ר׳ שניאור זלמן איז געווען א קינד פון ליטע. דארט אין יענעם לאנד פון עמקות, פון טיפזיניגקייט און לאגיק, האט ר׳ שניאור געלערענט אין זיין יונגער יוגענד. דארט האט ער אין זיך ארייגעזאפט דאס חריפות (שארפזיניגקייט) פון ליטווישען לומדות. דארט איז ער אויסגע־וואקסען א גאון אין נגלה. און דיזעלבע שארפזיניגקייט און דעמזעלבען לאגיק האט ער שפעטער ארייגעטראגען אין חסידות.

פאר ר׳ שניאור זלמן איז דער צדיק, נישט נאר דער מיטעלפונקט פון איהם צו לערנען בלויז יראת שמים, צו זעהן זיין עבודה, און ביי איהם זוכען מופתים. נאר דער צדיק איז דער מרכז פון תורה. טאקע פשוטו כמשמעו, לערנען. לערנען און פארשטעהן וואס מען לערנט. סאי אין אפענבארע לעהרע (נגלה), סאי אין דער געהיימער לעהרע (נסתר), מען מוז פארשטעהן. דע את אלוהי אביך—ועבדהו. דע. פארשטעהן, דאס איז דער עיקר.

דיזע שיטה האט געקראגען דעם נאמען חב״ד (חכמה, בינה דעת), ווייל דער רב האט באגרינדעט דאס חסידות אויף די דריי זיילען: חכמה, בינה, דעת.

און דארום זיינען די חסידי חב״ד, אדער ווי מען רופט זיי די חב״ד־ניקעס באטראכט געווארען אפילו פון די חסידים פון אנדערע גוטע אידען אלס די אריסטאקראטען פון חסידות, ווייל ביי זיי איז דער עיקר נישט די מופתים פון רבי׳ן, און אפילו נישט די עבודה פון רבי׳ן, נאר זיין תורה—חכמה, בינה ודעת.

דערמיט האט דער רב אויפגעהויבען דאס חסידות צו נאך א העכערע מדריגה ווי זיינע רבי׳ם דעם בעש״ט און דער מגיד. די שיטה האט צוגע־צויגען צום רב צענדליגע טויזענטער אנהענגער. איז אימיצער צום רב איינמאל געקומען איז ער צו איהם צוגעבונדען געווארען בלב ונפש. זיין חסידות, זיין קדושה וטהרה, צוזאמען מיט זיין תורה און חכמה האט גע־צויגען צו איהם ווי א מאגנעט. מתנגדים וואס האבען געהערט זיין תורה זיינען איבער נאכט אומגעוואנדעלט געווארען אין פייערדיגע חסידים.

די דאזיגע ערשיינונג האט געווארפען א מורא׳דיגע שרעק אויף די גדולי המתנגדים, וועלכע האבען געזעהן אין דעם חסידות, קיין אונטער־שיד אונטער וועלכער שיטה—כפירה חס ושלום. זיי האבען איינגעזעהן אז אויב עפעס וועט נישט געטאן ווערען, וועט ר׳ שניאור זלמן ארונטער־נעמען אונטער זיינע פליגלען דאס גאנצע יודענטום.

## קאפיטעל 9

מתנגדים דערשראָקען פאַר באַשיינפּערליכען וואוקס פון חסידות וועלכען
זיי באַטראַכטען אַלס מורא'דיגען געפאהר צו דער אידישער אמונה,
זוכען מיטלען צו פארטיליגען די נייע באוועגונג אין אידענטום.—
דער חרם אַלס וואפע.—ווילנער גאון ווערט נפטר, און חסידים ווערען
באשולדיגט אין פּראווען סעודות, צו פייערען דעם טויט פון זייער
שונא.—חסידים לייקענען, און ר' זלמן לאדיער זוכט מיט אזהרה
איינצושטילען די אויפגעפלאַמטע שנאה, אָבער אָהן ערפאָלג און נאָך
פאַרביטערטער ווערט דער קאַמף.

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין פאַריגען קאַפיטעל, האָבען
זיך די מתנגדישע גדולים שטארק דערשראָקען זעהענדיג דעם כח המושך
פון ר' שניאור זלמנ'ען, וועלכער האָט נאָר וואָס איבערגענומען די חסידי-
שע פירערשאַפט. זעהענדיג ווי די צאָל פון זיינע אָנהענגער וואקסט פון
טאָג צו טאָג (די היסטאָריקער באהויפּטען אז שוין אין די ערשטע עטליכע
יאָההרען פון דעם רב'ס חסידישע מלוכה האָט די צאָל פון זיינע חסידים
דערגרייכט ביז הונדערט טויזענט) און זיי האָבען אָנגעהויבען צו זוכען
נייע מיטלען ווי אזוי די מורא'דיגע געפאהרען (די מתנגדים האָבען צו
יענער צייט באמת מורא געהאט אז דאָס חסידות וועט ברענגען די גרעס-
טע געפאהרען פאַר דער אידישער אמונה) צו פאַרמיידען.

עס איז אָבער דאָך מעגליך אז די „נייע מיטלען" וואָלטען אַלץ נישט
געווען מסירה. אמת, די חרמים וואָס די מתנגדים האָבען ארויסגערופען
געגען די חסידים האָבען דערגרייכט ביז צו פאַרניכטונג. ממש ביז בלוט
פאַרגיסונג. דער גאון גופא אין זיין חרם (ה' אב שנת תקמ"א, 17871)
ניט ארויס די מורא'דיגע גזירה „להדפם ולרדפם ברדיפות מלאות הזעם,
ולהחרימם ולעקור שרשם בנפשם ומאודם" (צו יאָגען זיי און פאַרפאָלגען
זיי, מיט דעם ביטערסטען צאָרן, זיי צו פאַרניכטען, און אויסוואָרצלען
גייסטיג און מאַטעריעליש.) דער חרם וואָס איז ארויסגערופען אויף דעם
יריד אין זעלווא (ראש חודש אלול תקמ"א) איז געווען נאָך שרעקליכער.
אין יענעם חרם ווערען די חסידים ממש אָפּגעשניטען פון קהל ישראל.
„מען טאָר זיך מיט זיי נישט מתחתן זיין," „זייער וויין איז יין נסך",
„זייער ברויט איז אסור", „זייער געלד איז הפקר" און „ווער עס איז זיך
מיט זיי מתחבר איז אין חרם פונקט ווי זיי אַליין."—די אַלע חרמות האָ-
בען זיך אָבער געדרעהט נאָר אין אייגענעם לאַגער. אין אידישען לאַגער.
אין די אידישע קהלות. צו קיין מסירות וואָלט עס אפשר נאָך אַלץ נישט
געווען געקומען.

האָט אָבער עטוואָס פּאַסירט וואָס האָט געגעבען דער מחלוקה וועל־כע האָט שוין אזוי ווי אַזוי געפלאַקערט ביז צו די הימלען, א נייע ווענ־דונג—די געפעהרליכסטע און מורא'דיגסטע ווענדונג.

דאָס איז געווען דעם ווילנער גאון'ס פּטירה.

דער גאון איז נפטר געוואָרען י"ט תשרי תקנ"ח. זיין טויט האָט ארויסגערופען טרויער אויף דער גאַנצער וועלט. זאָגאַר די גדולים פון די חסידים וועמען דער גאון האָט ביטער גערודפט, האָבען באוויינט דעם פארלוסט פון דעם גייסטיגען ריעז. און אין דער צייט ווען די גאַנצע וועלט האָט געטרויערט, האָבען ווילנער חסידים געפּראַוועט סעודות, און זיך משמח געווען וואָס זיי זיינען פּטור געוואָרען פון זייער ביטערסטען שונא.

די ווילנער חסידים האָבען געלייקענט שטיין אוןביין. זיי האָבען געשוואָרען אַז עס איז זיי אפילו נישט ארויף אויף דעם געדאַנק זיך משמח צו זיין אויף דעם גאון'ס טויט. זיי וואָלטען זיך נישט גפערעהט אויף דעם טויט פון קיין מענש, וואָלט ער געמעגט זיין זייער ביטערסטער שונא. ווייל „בנפול אויבך אל תשמח", ווען דיין פיינט פאַלט, פרעה זיך נישט, ובפרט נאָך אויף דעם טויט פון דעם אמת'ן גאון און שר התורה. אזוי האָבען די ווילנער חסידים גע'טענה'ט. זייערע טענות זיינען אָבער געווען א קול קורא במדבר.

די שנאה געגען די חסידים איז שוין געווען סאַי ווי סאַי א ביטערע. א פארניכטענדע. אויף זיי האָט מען געגלויבט כל דבר אסור. זיי זיינען געווען מוחרם ומנודה. האָט מען נאַטירליך אויך געגלויבט די לעצטע מורא'דיגע געשיכטע, אַז זיי האָבען זיך משמח געווען אויף דעם טויט פון גאון. און דער ערביטערונג געגען די חסידים, זאָגאַר, ביי די מעהר געלאַסענע מתנגדים, איז געווען ממש גרעניצלאָז.

דער גאון, דאַרף מען וויסען, איז געווען די גרעסטע ערשיינונג אין אידישען לעבען זינט דעם רמב"ם. א סך גדולי ישראל האָבען איהם גע־שטעלט זאָגאַר העכער פון רמב"ם. שוין אַלס 7 יעהריגער אינגעל האָט ער געהאַלטען א דרשה אין דער גרויסער ווילנער שוהל. מיט וועלכער ער האָט איבערראַשט אַלע לומדים וואָס האָבען איהם געהערט. אַלס 12 יעהריגער אינגעל, ווי דער „עליות אליהו" דערצעלט, איז ער קלאָר געווען אין אַלע „שבע חכמות בתכלית הדקות והאמת." ער איז ארויסגעוואַקסען א הימלישער ריעז אויף וועמען עס איז מיט רעכט געזאָגט געוואָרען „כל רז לא אנוס ליה" קיין זאַך אין דער תורה איז פאַר איהם נישט געווען פארהוילען.

און פונקט ווי זיין גאונות אזוי גרויס איז אויך געווען זיין קדושה

וטהרה. זאָגאַר די גרעסטע רביים פון יענער צייט, ווי דער מעזריטשער מגיד, ר׳ מענדעלי וויטעבסקער, ר׳ שניאור זלמן לאַדיער, ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער געגען וועמען דער גאון האָט אָנגעפיהרט אַ מוראַ׳דיגע מחלוקה, האָבען נישט געוואַגט אַרויסצוזאָגען אַ וואָרט וואָס זאָל חס ושלום אָנריהרען דעם כבוד פון גאון. אדרבה, יעדעס מאָל וואָס זיי האָבען זיין נאָמען דערמאָנט, זאָגאַר אין די פלאַם פייערדיגע מחלוקה, האָבען זיי איהם באַטיטעלט „הגאון החסיד.״ אָהן די צוויי ווערטער, האָט קיי־נער נישט געוואַגט אַרויסצוזאָגען דעם נאָמען פון גאון. אַלע האָבען מודה געווען אַז „אין שני לו״, אַז צו איהם איז נישטאָ קיין צווייטער.

מען קען זיך קוים משער זיין, דעם שטורם וואָס האָט אַרויסגערופען צווישען די מתנגדים, אויסגעפינענדיג אַז אין ווילנע האָבען די חסידים געפּראַוועט אַ סעודה און זיך לוסטיג געמאַכט אויף דעם גאון׳ס טויט. זייער צער אויף דעם חלול הקודש איז געווען אין לשער ,און זיי האָבען געשוואָרען צו נעמען די ביטערסטע ראַכע נישט נאָר פון די וואָס האָבען באַגאַנגען די אונערהערטע נבלה, נאָר עוקר מן השורש צו זיין דאָס גאַנצע חסידות, מיט די חסידים צוזאַמען.

הערענדיג פון די טרויעריגע פּאַסירונג, וואָס האָט פּאַסירט אין וויל־נע איז ר׳ שניאור זלמן תיכף אַרויס מיט אַ פייערדיגען אויפרוף צו זיינע חסידים, „באזהרה כפולה ומכופלת לכל סיעת מרחמינו, הקרובים והר־חוקים, בלי שום מורה היתר לעצמו, לפתוח פה ולשון, על כבוד התורה, כבוד הגאון החסיד ז״ל, כי ידוע לנו בבירור שלא מאתו יצאו הדברים ח״ו לילך עמנו בגדולות. וכל ימי חייו לא יצא המכשלה והשגגה מלפני השליט ח״ו. (אַז קיינער פון זיינע חסידים פון נאָהענט און פון דערווייטענס, זאָל חלילה נישט פּוצה פּה זיין געגען דעם גאון וחסיד, פון וועמען עס איז זיין גאַנץ לעבען נישט אַרויס חלילה וחס אַ מכשול אָדער אַ טעות.)

דער דאָזיגער אויפרוף נאַטירליך, האָט די מתנגדים נישט באַרוהיגט. זיי האָבען אַזוי וועניג געהאַלטען פון ר׳ שניאור זלמן ווי פון זיינע חסידים. דאָס פייער האָט זיך צופלאַקערט ווי קיינמאָל נישט בעפאָר, און עס האָט מהער נישט געקענט זיין קיין געדאַנק אַז מען וועט קענען דאָס פייער פאַרלעשען.

און דאָ האָט זיך ווידער באַוויזען אויף דער אַרענאַ אונזער אַלטער ר׳ אביגדור „רב הכולל פון פּינסק״ ווי ער פלעגט זיך אונטערשרייבען.

זינט ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער איז אַרויסגעטריבען געוואָרען פון פּינסק, פון ר׳ אַביגדור׳ן און זיינע אָנהענגער, און ער אַליין, ר׳ אביגדור, איבערגענומען אָי כסא הרבנות, האָט ער געליטען פון די חסידים די ביי־טערסטע צרות.

און אנשטאט דאס חסידות אפצושוואכען, האט זיך דאס חסידות אין פינסק גאר פארשטארקט. קארלין, די צווילינג שטאדט פון פינסק, איז געווארען א פעסטונג פון דעם חסידות. און פון דארט האט עס זיך ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אריינגעכאפט אויך אין פינסק און, דער רודף איז געווארען א נרדף. די חסידים האבען אויפגענומען א פייערדיגע מחלוקה געגען ר׳ אביגדור׳ן, ביז ער איז געצוואונגען געווארען דאס רבנות אויפצוגעבען. (דאס איז געווען אין יאהר תקנ״ד אדער תקנ״ה.)

און איצט, נאך דער מורא׳דיגער פאסירונג אין ווילנע, וואו די חסידים זיינען באשולדיגט געווארען צו האבען זיך משמח געווען אויף דעם טויט פון גאון, האט ר׳ אביגדור וועלכער איז געווען א נוקם ונוטר כנחש, נאך מעהר ווי א תלמיד חכם דארף זיין, געפונען א גוטע געלעגענהייט זיין „חוב“ איינצומאנען. „כאן מצא בעל חוב מקום לגבות את חובו.“

---

## קאפיטעל 10

ר׳ שניאור זלמן ארעסטירט און ווערט מיט פארבונדענע אויגען געבראכט אין פעסטונג פאר געפעהרליכע פאליטישע געפאנגענע אין פעטערבורג.—פארברענגט ערשטע דריי טעג און נעכט אהן עסען און אהן שלאף, בעטענדיג גאט פאר ערלייזונג.—גענעראל פון דער פעסטונג פאראינטערעסירט זיך מיט׳ן רב, און אפערט איהם צו ברענגען עסען פון א אידען.—צעטעלע אונטער דעם איינגעמאכץ דערצעלט דעם פרעמדען אידען ווער דער פראמינענטער ארעסטאנט איז.

א חסידישע אגדה דערצעלט, אז ווען דער שליח איז אריינגעקומען אין שטוב פון ר׳ לוי יצחק און דערצעלט דעם צדיק פון דעם אומגליק וואס האט באטראפען דעם רב, איז ר׳ לוי יצחק ארונטערגעפאלען פון זיין שטול און האט זיך ביטער צוואויינט. קומענדיג צו זיך האט ר׳ לוי יצחק געפרעגט דעם שליח, אויב ער וויים דעם נאמען פון רב׳ס מוטער. דער שליח האט נישט געוואוסט. ר׳ לוי יצחק האט אויפגעעפענט דאס חומש׳ל וואס איז ביי איהם שטענדיג געלעגען אויפ׳ן טיש און עס איז אויפגעפאלען דער פסוק „וירא יעקב כי יש שבר במצרים.“

„שבר—שבר“—האט ר׳ לוי יצחק ווי צו זיך אליין געזאגט. די ראשי תיבות (די איינצעלנע בוכשטאבען) פון שבר, זיינען: „שניאור בן רבקה.“

די שכינה האט גערעדט פון זיין מויל. רעם רב׳ס מוטער האט ווירקליך געהייסען רבקה.

דער רב האָט אויף דעם גאַנצען וועג נישט געוואוסט וואוהין מען פיהרט איהם. מען האָט איהם געפיהרט אין אַ פאַרמאַכטען וואָגען צו־געשמידט מיט קייטען. ערשט ווען מען האָט איהם די אויגען פאַרבונדען האָט ער פאַרשטאַנען אַז ער איז נאָהענט צו דעם פּלאַץ וואוהין מען פיהרט איהם.

ווען מען האָט איהם די אויגען געעפענט האָט דער רב דערזעהן, אַז ער געפינט זיך אין אַן ענגען צימער, מיט אַ פינסטער פענסטער'ל פאַרקאַ־וועט מיט אייזערנע גראַטעס. דער גאַנצער קערפּער זיינער האָט אָנגע־הויבען צו ציטערן. ער האָט זיך ביטער צוואויינט. ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך. ער האָט ארויסגענומען אַ תהלים'ל פון זיין טלית ותפילין זאַק (דאָס איינציגע וואָס מען האָט איהם ערלויבט מיטצונעמען אין דער תפיסה איז געווען, טלית ותפילין און אַ תהלים'ל) און האָט אָנגעהויבען צו זאָגען תהלים אויף דעם קול. אַזוי איז ער געזעסען דריי טעג און דריי נעכט, נישט געגעסען און נישט געשלאָפען, נאָר געדאַווענט, געזאָגט תהלים און ארויפגעשיקט זיינע תפילות צום בורא עולם.

די וועכטער פון פּריזאָן, זעהענדיג אַז זייער נייער פּריזאָנער, האָט שוין דריי טעג נישט גענומען אין מויל, האָבען געמאָלדען די זאַך ביי דעם גענעראַל פון דער פעסטונג.

דער גענעראַל, וועלכער האָט שוין געוואוסט פון פריהער, אַז מען האָט גבעראַכט אין פעסטונג אַ זעהר וויכטיגען ארעסטאַנט, אַ בארימטען רב וועלכער ווערט באַשולדיגט אין מרידה, איז אַליין געגאַנגען אין דעם רב'ס קערקער אויסצוגעפינען וואָס דאָרט טוט זיך.

אריינקומענדיג אין דעם פּריזאָן צימער'ל און דערזעהענדיג פאַר זיינע אויגען די געטליכע צורה פון רב, איז דער גענעראַל געבליבען ווי פאַר־שטיינערט. אַזאַ שעהן פּנים האָט ער אין זיין לעבען נישט געזעהן. ער איז צוגעגאַנגען צום רב און האָט פריינדליך געררייכט די האַנד. דער רב האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז דער מאַן פאַרנעמט אַ גרויסע שטעלע און האָט זיך פאַר איהם טיף פאַרנייגט.

„מען האָט מיר דערצעלט“—האָט דער גענעראַל אָנגעהויבען זיין שמועס—„אַז איהר האָט שוין דריי טעג נישט געגעסען, איז דאָס אמת“?

יאָ, עס איז אמת,“—האָט דער רב געענטפערט.

„וואָס איז די אורזאַך“?—האָט דער גענעראַל געפרעגט.

„טריף“! האָט דער רב געענטפערט—איך קען נישט עסען ווייל אַלעס איז טריפה.“

וואָס לענגער דער גענעראַל האָט גערעדט מיט דעם רב אַלץ מעהר

צוגעבונדען איז ער צו איהם געוואָרען. ער האָט געזעהן אז ער האָט פאַר זיך אַן אמת'ן איש אלקים (געטליכען מענש.)

„איך האָב געהערט"—האָט דער גענעראַל געזאָגט—„אַז אין אייער תלמוד איז דאָ אַ געזעץ, אַז אַ זעלבסטמערדער פאַרלירט זיין חלק עולם הבא" (המאבד עצמו לדעת אין לו חלק לעולם הבא), איז דאָס אמת"?

„יאָ"—האָט דער געענטפערט—„עס איז אמת."

„טו פאַרוואָס עסט איהר נישט, אויב איהר וועט זיך אַזוי אויפפיהרען ווייטער, וועט איהר באַגעהן זעלבסטמאָרד, און איהר וועט פאַרלירען אייער חלק עולם הבא."

„איך וויל פאַרלירען מיין חלק עולם הבא"—האָט דער רב מוטיג געענטפערט—„טריפות וועל איך אָבער דאָך נישט עסען."

דער גענעראַל האָט געקוקט אויף דעם רב מיט באַוואונדערונג.

„געעהרטער רבי"—האָט דער גענעראַל נאָך אַ ווײלע נאָכדענקען געזאָגט,—אויב איך וועל אייך ברענגען עטוואָס עסענוואַרג פון אַ איד, וועט איהר עסען"?

„אַביסעל איינגעמאַכץ, דאָס האַרץ צו דערכאַפּען, יאָ".—האָט דער רב געענטפערט—„אָבער אויך נאַר, אויב איהר, גנעדיגער הערר, וועט מיט פאַרשפּרעכען, אַז קיינער וועט זיך נישט צוריהרען צו דעם עסען אויסער איהר אַליין."

צו יענער צייט, האָט שוין אין פּעטערבורג געוואוינט דער באַוואוסטער ר' מרדכי ליפּליער. (שפּעטער איז ר' מרדכי ליפּליער אויסדערוועהלט געוואָרען פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען אַלס איינער פון די דריי אידישע פאַרשטעהער וועמעס אויפגאַבע עס איז געווען צו פאַרהאַנדלען מיט דער רעגירונג אַלע אידישע אַנגעלעגענהייטען.) ר' מרדכי איז געווען באַקאַנט אין קייזערליכען הויף, און אויך דער גענעראַל פון דער פעסטונג האָט זיך מיט ר' מרדכי גוט געקענט, און צו איהם, צו ר' מרדכי'ן, האָט זיך דער גענעראַל געווענדעט מיט דער מערקווירדיגער בקשה פון זיין מערקווירדיגען פריזאָנער.

ר' מרדכי ליפּליער האָט, הערענדיג די געשיכטע, באַלד פאַרשטאַנען אַז אין דער פעסטונג קומט פאָר עטוואָס מורא'דיגעס. ר' מרדכי האָט צוואַר געהערט פון דעם רב. ער האָט אויך געהערט אַז דער רב איז אַרעסטירט געוואָרען. איהם איז אָבער נישט עולה על דעתו געווען אַז דעם רב האָט מען אַריינגעפיהרט אין דער פעסטונג פון די געפעהרליכסטע פּאָליטישע פאַרברעכער.

אונטערדעסען האָט ר' מרדכי גענומען אַ נייע קריגעלע, האָט דאָס

אַנגעפילט מיט איינגעמאַכץ און אונבאַמערקבאַר אַריינגעלעגט אין דעם קריגעלע, אַ קליין צעטעלע, אויף וועלכען ער האָט אָנגעשריבען: „איך וויל וויסען ווער דער מאַן, וואָס דאַרף די איינגעמאַכץ, איז."

ווען דער רב האָט דאָס צעטעלע פון ר' מרדכי'ן געפונען האָט ער אויפ־געהויבען די אויגען צום הימעל און געלויבט און געדאַנקט זיין ליעבען נאָמען, פאַר די חסדים וואָס ער טוט מיט איהם. דער רב האָט געוואוסט אַז גאָט איז מיט איהם.

אין עטליכע טעג שפּעטער איז דער גענעראַל פון דער פעסטונג ווידער געקומען צום רב. ער האָט געוואָלט ווידער אַמאָל רעדען מיט דעם געטליכען מאַן, וועלכער האָט איהם שוין ביי דער ערשטער באַגעגעניש געוואונען אויף זיין זייט.

נאָך דעם ווי ביידע האָבען גערעדט אַ געוויסע צייט, האָט דער גענע־ראַל געפרעגט דעם רב, אויב ער וויל נאָך אַ קריגעלע איינגעמאַכץ.

דער רב האָט אויף דער דאָזיגער פראַגע געוואַרט.

דאַנקענדיג דעם גענעראַל פאַר זיין פריינדשאַפט, האָט דער רב ווידערהאָלט זיין ערשטע בקשה: „אויב דער גנעדיגער הערר וועט מיר פאַרשפּרעכען אַז קיינער וועט זיך צו דעם איינגעמאַכץ נישט צוריהרען, נאָר איהר אַליין, וועל איך עס עסען."

דער גענעראַה האָט איהם פאַרשפּראָכען.

דער רב האָט דערלאַנגט דעם גענעראַל דאָס אַלטע קריגעלע, אין וועלכען עס איז נאָך געווען אַביסעל איינגעמאַכץ. באַמערקענדיג אַז לויט דעם אידישען דין, טאָר מען נישט אויפעסען אַלעס וואָס איז אין דער כלי.

דער גענעראַל האָט נישט געהאַט די מינדעסטע אַהנונג אַז דער רב האָט אונטער דעם ביסעל איינגעמאַכץ אַריינגעלעגט אַ צעטעלע.

אויף דעם צעטעלע האָט דער רב אויפגעשריבען נישט מעהר ווי זיין נאָמען: „שניאור זלמן."

ר' מרדכי ליפּפּליער האָט איצט געוואוסט ווער עס איז אין דער פעסטונג.

צו דער רב האָט אין ערשטען אויגענבליק נישט געהאַט קיין פולע צו־טרוי צו ר' מרדכי ליפּליער, צו ווענען אַן אַנדער סיבה איז נישט באַקאַנט, גענוג איז, אַז אין דעם שאַרפען מח פון רב, האָט זיך אָנגעפאַנגען צו שפּינען נייע פּלענער פאַר זיין באַפרייאונג. ער האָט דערזעהן, אַז דורך די פריינדשאַפט פון דעם גענעראַל וועט ער זיך קענען צוזאַמענרעדען מיט זיין שוואָגער ר' ישראל קאָזיק.

# קאפיטעל 11

ר׳ ישראל קאזיק׳ם אלטע קליידער העלפען ער זאל גרינג קענען אויסגע־
פונען ווערען אין פעטערבורג.—דער רב באפעהלט זיין שוואגער ער
זאל תיכף ומיד פאהרען נאך ווילנע.—ר׳ שניאור זלמן פארגעבראכט
פאר די ריכטער, איבערראשט זיי מיט זיין מערקווירדיגע חכמה.—
פאלט נישט אין נעץ אויסגעשפרייט פאר איהם, טרעפט ריכטיגע
צייט פון טאג, אין פארשפארטען חדר, און דערקענט דעם קייזער,
וועלכער קומט איהם זעהן א פארשטעלטער.

ווי עס איז שוין דערצעלט געווארען האט דער רב, בעת די סאלדא־
טען זיינען געקומען איהם ארעסטירען, געהייסען זיין שוואגער ר׳ ישראל
קאזיק, תיכף ומיד פאהרען נאך פעטערבורג. דער רב האט אויך באפוי־
לען זיין שוואגער, אז ער, דער שוואגער, זאל נישט ענדערען די מלבושים
וואס ער טראגט. „אין דיזעלבע מלבושים וואס דו ביסט איצט אנגע־
טאן"—האט דער רב געזאגט צו זיין שוואגער—„זאלסטו פאהרען קיין
פעטערבורג."

דער דאזיגער באפעהל איז געווען א שטיק רוח הקודש. א ווייט־
זעהענדער בליק פון א שארפען געניאלען מח.

דער גענעראל פון דער פעסטונג וואו דער רב האט זיך געפונען, איז
צוגעבונדען געווארען צום רב, ווי עס איז שוין דערצעלט געווארען, מיט
אן אמת׳ער פריינדשאפט. ער פלעגט קומען צום רב אין זיין קערקער
פון צייט צו צייט און באוואונדערען די חכמה, און די שארפזיניגקייט פון
זיין פריזאנער.

איינמאל האט דער גענעראל געפרעגט דעם רב, וואס ער קען עפעס
טאן, אום צו פארלייכטערען זיין לאגע.

דער רב האט געווארט אויף דער דאזיגער פראגע.

דער רב האט געענטפערט מיט טיפע דאנקבארקייט, אז ער, דער גע־
נעראל, קען פאר איהם טאן א גרויסע געפעליגקייט.

דער רב האט דערצעלט דעם גענעראל, אז זיינער א שוואגער גע־
פינט זיך אין פעטערבורג און ער וואלט געוואלט איבערגעבען זיין שווא־
גער א קליין אונשולדיג צעטעלע וועלכע ער, דער גענעראל, קען עס לעזען.
„איהר, גנעדיגער הערר"—האט דער רב געזאגט—„קענט מיר טאן די טובה
און איבערגעבען מיין שוואגער דאס דאזיגע צעטעלע."

דער גענעראל איז געבליבען גאנץ איבערראשט. „ווי קען איך וויסען

ווער אייער שוואָגער איז?" האָט דער גענעראַל געפרעגט מיט באוואונ־דערונג.

„גאַנץ לייכט"—האָט דער רב געענטפערט.

„איך בין זיכער"—האָט דער רב פאָרטגעזעצט—„אַז מיין שוואָגער, דרעהט זיך ארום אין די גאַסען וואָס פיהרען צום קייזערליכען הויף, פאַהרט ארויס אין די דאָזיגע גאַסען, און ווען איהר וועט זעהן אַ מאַן אין אַזעלכע און אַזעלכע קליידער, וועלכע זיינען אַ זעלטענהייט אין פעטערבורג, זאָלט איהר וויסען אַז דאָס איז מיין שוואָגער."

דער רב האָט דעם גענעראַל דערצעלט די גאַנצע געשיכטע. געמליך, אַז ער האָט אָנגעזאָגט זיין שוואָגער, ער זאָל זאָפאָרט פאַהרען קיין פעטערבורג, אין דיזעלבע קליידער וואָס ער האָט דאַן געטראָגען.

דער גענעראַל איז נשתומם געוואָרען איבער דעם וייט־זעהענדיגען בליק פון זיין מערקווירדיגען פריזאָנער.

דער גענעראַל האָט דעם רב'ס שוואָגער ווירקליך געפונען און איהם איבערגעגעבען דאָס צעטעלע פון רב.

אויף דעם צעטעלע איז געווען אָנגעשריבען נישט מעהר ווי אָט די עטליכע ווערטער:

„ליב פון יאנאָוויטש זאָל תיכף ומיד פאָהרען קיין ווילנע."

מיט דעם דאָזיגען צעטעלע האָט דער רב ווידער אמאָל געצייגט זיין שאַרפזיניגקייט, זיין ווייט־זעהענדען בליק—זיין רוח הקודש. ווי עס וועט שפּעטער דערצעלט ווערען.

וועגען דעם רב אין תפיסה, און וועגען זיין פּראָצעס האָט די חסידישע אגדה אַ סך מעשה'לאַך. מיר וועלען דאָ איבערגעבען עטליכע:

די ריכטער וואָס האָבען איהם געדאַרפט משפּט'ן זיינען פּשוט נשתומם געוואָרען פון זיין מערקווירדיגע חכמה און פון זיין שאַרפזיניגע תירוצים וואָס ער האָט געענטפערט אויף אַלע זייערע פראַגען. איינמאָל האָבען די ריכטער באַפוילען אריינצוברייגגען דעם רב מיט פאַרבונדענע אויגען. אין מיטען פון דעם זאָל איז געווען אַ גראָבען, וועלכער איז גע־ווען פאַרדעקט מיט דינע ברעטלאַך. דאָס איז געווען איינע פון די מיט־לען ארויסצוציהען פון די פריזאָנערס דעם אמת פון זייער שולדיגקייט. אריינפאַלענדיג אין גרוב, פלעגען די פריזאָנערס זיך דערשרעקען, און אויסזאָגען דעם אמת.

די וועכטער האָבען אריינגעפיהרט דעם רב מיט פאַרבונדענע אויגען. ביי דער טיהר האָבען זיי איהם געהייסען געהן אַליין, ביז צו די ריכטער. דער רב איז געבליבען אַ רגע ווי פאַרמישט, ער האָט באַלד געפאַסט מוט,

און אָנגעפאַנגען צו געהן, אָבער אנשטאַט געהן גראַד האָט דער רב גע־נומען געהן אין א זייט רעכטס. ביז ער האָט אָנגעטאַפּט די וואַנט, פון דאָרט האָט ער זיך גענומען געהן גראַד ביז צו די ריכטער.

די ריכטער זיינען איבערראַשט געוואָרען. זיי האָבען אָנגעקוקט איי־נער דעם צווייטען מיט ערשטוינונג.

„פאַרוואָס האָט איהר זיך גענומען געהן אין א זייט, און נישט געקומען צו אונז מיט דעם גראַדען וועג"? האָט דער פּאָרזיצענדער גע־פרעגט דעם רב.

„איך האָב געטאָן"— האָט דער רב געענטפערט—„ווי אונזער גמרא לערנט אונז צו טאָן. אין אונזער גמרא שטעהט: „בכל פינות שאתה פונה לא יהיו אלא דרך ימין," וואו דו וועסט זיך קעהרען זאָל אַלץ זיין רעכטס. מען האָט מיר פאַרבונדען די אויגען. מען האָט מיך געהייסען געהן. איך האָב נישט געוואוסט אין וועלכע זייט צו געהן, און איך האָב געפאָלגט די גמרא. איך בין געגאַנגען רעכטס.

א צווייטען מאָל האָבען די ריכטער געהייסען איהם אריינזעצען אין א פינסטערען חדר. זיי האָבען באַפוילען אז א ליכט זאָל אין דעם חדר ברענען טאָג און נאַכט. אין עטליכע טעג שפּעטער זיינען די ריכטער איהם געקומען זעהן.

„וואָס איז איצט"—האָט איהם איינער פון די ריכטער גפרעגט—„טאָג אָדער נאַכט"?

„טאָג"—האָט דער רב געענטפערט.

„קענט איהר אונז זאָגען ווי שפּעט איצט איז"? האָט דער ריכטער ווייטער געפרעגט.

„צוויי אוהר מיט צוואַנציג סעקונדען נאָך מיטאָג"—האָט דער רב פּינקטליך געענטפערט.

דע רב האָט דאַן ערקלערט די ריכטער אז לויט די לעהרע פון קבלה קען מען פּינקטליך אויסרעכענען ווען עס איז טאָג און ווען עס איז נאַכט. מען קען אויך פּינקטליך וויסען די צייט און די שטונדען.

חסידים דערצעלען, אז הערענדיג וועגען דער אויסערגעוועהנליכער חכמה פון דעם רב האָט קייזער פּאַוועל באַשלאָסען, דעם מערקווירדיגען פריזאָנער אַליין צו זעהן און מיט איהם צו ריידען.

דער קייזער האָט זיך אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער און איז אריין צום רב אין צימער.

קוים האָט זיך דער גאַסט באוויזען אויף דער טיהר, און דער רב האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך טיף פאַרנייגט, אויסרופענדיג „איך בין

גליקליך צו זעהן דעם גנעדיגען קייזער אין מיין צימער."

דער גאַסט האָט זיך צולאַכט. „איהר האָט א טועת"—האָט ער צום רב געזאָגט—„איך בין נישט דער קייזער."

„איהר זייט דער גנעדיגער קייזער—האָט דער רב מיט זיכערקייט געענטפערט.

„ווי אזוי ווייסט איהר דאָס"? האָט דער גאַסט געפרעגט.

„אין דער גמרא שטעהט"—האָט דער רב דעם גאַסט דערקלערט—אז „מלכותא דארעא כעין מלכותה דרקיע" דער אירדישער קעניג איז פונקט ווי דער הימלישער קעניג, און ווען איהר זייט אריינגעקומען איז אויף מיר געפאַלען א פחד וואָס נאָר פאַר גאָט אַליין קען מען זיך אזוי שרעקען, און איך האָב באַלד געוואוסט אז איהר זייט דער קייזער."

די דאָזיגע מעשה'לאך כאַראַקטעריזירען אויסגעצייכענט די שיטה פון די חב"ד'סקער חסידים, וועלכע זוכען זאָגאר די מופתים פון זייערע גוטע אידען נישט צו איבערטרייבען נאָר זיי צו מאַכען עטוואָס פאַר־שטענדליך.

---

דער יום המשפט ברענגט ר' שניאור זלמנ'ען אין א פאַרלעגענהייט צוליב זיין אונגרינדליכע באַקאַנטשאַפט מיט דער לאַנדעס־שפּראך.—שרעקט זיינע תשובות זאָלען ניט מיספאַרשטאַנען ווערען און אז זיין משפט זאָל חלילה זיך ענדיגען ווי דער טרויעריג־באַרימטער וויכוח צווישען די פראַנקיסטען און רבנים.—די געשיכטע פון יענעם ויכוח.—דער רב פאַלט אויף אַן המצאה. ער גיט די תשובות אין לשון קודש.—אָבער אָט איז א נייע זאָרג, וועט מען עס ריכטיג איבערזעצען?—מתנגדים זוכען אונטערצוקויפען דעם איבערזעצער.—דאָ ווייזט זיך ארויס דער טיפער זין פון שיקען ר' ליב יאַנאָוויטשער נאָך ווילנע.—ער זעהט דערצו אז די איבערזעצונג זאָל זיין קאָרעקט, און דער רב ווערט באַפרייט. י"ט כסלו פאַרבלייבט אייביגער יום־טוב ביי די חסידים אלס אנדענק פון דער באַפרייאונג פון זייער גרויסען רבי'ן, ר' שניאור זלמן לאַדיער זצ"ל.

## קאַפּיטעל 12

דער יום המשפט איז ענדליך געקומען. דער יום המשפט וואו דער רב האָט געדאַרפט ענטפערען אויף אַלע באַשולדיגונגען וואָס זיינען געגען איהם געמאַכט געוואָרען.

די גרעסטע געפאַהר אין דעם פּראָצעס איז געווען, וואָס דער רב האָט

נישט געקענט די רוסישע שפראך ווי עס געהערט צו זיין. זיינע שופטים זיינען געווען געבילדעטע מענשען. זיי האבען אויסשטודירט אלע באשול־דיגונגען פארזיכטיג. אין אזעלכע ענינים מוזען די שאלות און די תשובות זיין קלאר און פארשטענדליך. א קליינער טעות אין דער שפראך קען געבען דעם פראצעס אן אונגליקליכע ווענדונג. דער רב האט גע־וואוסט אז אלע שאלות וואס זיינע שופטים וועלען איהם פרעגען וועלען זיין קלאר און דייטליך. ער האט אבער מורא געהאט אז זיינע תשובות אויב ער וועט זיי געבען אין דער רוסישער שפראך, וועלען נישט זיין קאר־רעקט, און דאס קען אויף איהם ציהען א מורא'דיגע געפאהר.

דער רב האט געקענט יענע שוידערהאפטע געשיכטע, פון קאמענעץ פאדאלסק ווען די פראנקיסטען האבען „גובר" געווען די רבנים, און גע־בראכט צרות און אומגליקען אויף דעם כלל ישראל נאך דערפאר וואס די רבנים האבען נישט פארשטאנען ווי עס געהער צו זיין די לאנדעס שפראך, און דער רב האט מורא געהאט אז יענע געשיכטע זאל זיך נישט חלילה ווידערהאלען.

אט איז א קיצור פון יענע שוידערהאפטע געשיכטע:

יעקב פראנק (געב. אין 1720 אין בוטשאטש פאדאליע) איז געווען דער ממלא מקומו פון שבתי צבי. אויב שבתי צבי איז געווען א שווער־מער וואס האט ווירקליך געגלויבט אז ער איז משיח, איז יעקב פראנק געווען אן אבסאלוטער באוואוסטזיניגער שווינדלער. איהם איז אבער דאך געלונגען צוציהען צו זיך מאסען אנהענגער. ווען זיינע שווינדלע־רייען זיינען אויפגעדעקט געווארען, און די פוילישע רעגירונג, וואו ער האט זיינע שווינדלערייען געשריבען, האט איהם ארעסטירט, האט ער זיך, פונקט ווי שבתי צבי, געשמד'ט. שבתי צבי האט אנגענומען דאס מחמד'אנישע גלויבען וועהרענד יעקב פראנק איז געווארען א קאטאליק.

מיט יעקב פראנק'ן האבען זיך אויך מיטגעשמד'ט א מאסע פון זיינע אנהענגער. (זיי האבען זיך גערופען די פראנקיסטען.) צווישען פראנקס אנהענגער האבען זיך אויך געפונען עטליכע רבנים, ווי יהודה ליב קריסא, נאדווארנער רב, נחמן בלוי, בויסקער רב און איינער שלמה שור וועלכער איז נישט געווען קיין רב נאר א אידישער מלומד. די דאזיגע באנדע איז מיטגעגאנגען מיט זייער רבי'ן צו דער שמד.

די פראנקיסטען זיינען געווארען די ביטערסטע שונאים פון יודענ־טום. מוסרים ומלשינים. זיי האבען הויפטזעכליך באשמוצט דעם תלמוד, באהויפטענדיג אז דער תלמוד פאדערט צו באנוצען קריסטליך בלוט פאר ריטואלע צוועקען. אז דער תלמוד ערלויבט אויסצונארען געלד

פון קריסטען, אז דער תלמוד איז מתיר צו שווערען פאלש געגען א קריסט, און דער גלייכען.

אין קאמענעץ פאדאלסק האט דאן געלעבט דער באקאנטער צורר ישראל בישאף ניקאלאי דאמבראווסקי אין וועמעס הענד עס איז געלעגען די רעגירונג. פאר איהם איז די געשיכטע פון די פראנקיסטען געקומען צו געוואונשען. ער האט זיך מיט די פראנקיסטען צוזאמענגערעדט און עס איז באשלאסען געווארען אויפצופאדערען די רבנים צו א ויכוח.

דאס איז געווען ב׳ תמוז, תקי״ז. צו דעם ויכוח אין קאמענעץ פאדאלסק זיינען געקומען די רבנים, ר׳ מענדעל פון סאטנוב, ר׳ ליב פון מעזיבעזש, ר׳ בער פון יאסלאוויטש און ר׳ יוסף פון קאמענעץ. פון די פראנקיסטען זיינען געקומען ליב קריסא פון נארווארנא, נחמן פון בויסק און שלמה שור פון רוהאטין וועמעס נאמען עס איז שוין אויבען דערמאנט געווארען.

איז אבער געווען דאס אומגליק וואס די רבנים האבען ניט פארשטאנען גוט די פוילישע שפראך, און די ריכטער וואס האבען געדארפט אנטשיידען וועגען דעם ויכוח האט געוואונען, האבען ארויסגעגעבען זייער אורטייל אז געוואונען דעם ויכוח האבען די פראנקיסטען.

ניקאלאי דאמבראווסקי, מיט דער צושטימונג פון דער רעגירונג, האט נאך דעם ויכוח ארויסגעגעבען א גזירה, אז מען זאל צוזאמענברענגען אלע ש״ס׳ן וואס מען קאן נאר געפינען און זיי פארברענען אין דער עפענטליכקייט.

יענער פינסטערער טאג איז געקומען. ערב ראש חודש כסלו תקי״ח איז דאס געווען.

די יללה אויף חורבן בית המקדש איז אפשר נישט געווען גרעסער, ווי אין יענעם טאג, ווען דער תלמוד איז פארברענט געווארען. טויזענדער ש״ס׳ן זיינען געבראכט געווארען קיין קאמענעץ פאדאלסק, און ארויפגעווארפען געווארען אויף דעם שייטער הויפען, און ווען די פייערען פון די ברענענדע ש״ס׳ן האבען געפלאקערט, און ווען די אידען האבען זיך געריסען די האר פון די קעפ, און געקלאגט און געוויינט אויף דעם גרויסען חורבן, האבען די פראנקיסטען געפראוועט סעודות און זיך געפרעהט אויף זייער פינסטערען נצחון.

יענער טאג איז באקאנט אין דער געשיכטע אלס דער „יום שרפת התורה״ (דער טאג אין וועלכען די תורה איז פארברענט געווארען.)

פונקט א חודש שפעטער נאך דעם טאג פון שרפת התורה, האט דאמבראווסקי איינגענומען א מיתה משונה. אין מיטען גאס, נישט

ווייט פון דעם פּלאַץ וואו די ש"ס'ן זיינען פאַרברענט געוואָרען איז דער צורר ישראל, פּלוצלונג אַנידערגעפאַלען אַ טויטער.

און נישט נאָר די אידען, נאָר אויך די רעגירונג האָט אין דאָמבראָווסקי'ס פינסטערע מפּלה געזעהן גאָט'ס נקמה, און פון דאַן אָן האָט די רעגירונג אָנגעהויבען די פראַנקיסטען צו פאַרפאָלגען, ביז עס איז פון זיי נישט איבערגעבליבען קיין שריד ופליט.

אַלענפאַלס, איז אַ גרויסער טייל פון דעם אומגליק אין קאַמענעץ פּאָדאָלסק געקומען דערפון, וואָס די רבנים האָבען נישט פאַרשטאַנען די לאַנדעס שפּראַך.

ר' שניאור זלמן האָט פון דער געשיכטע געוואוסט, און דאָס איז געווען זיין גרעסטע זאָרג.—ער האָט נישט פאַרשטאַנען גרינדליך די רוסישע שפּראַך, און האָט מורא געהאַט. אָט דער געדאַנק האָט דעם רב געפּלאָגט זינט ער איז אַרעסטירט געוואָרען. אין וועלכע שפּראַך וועט ער ענטפערען זיינע ריכטער? די רוסישע שפּראַך האָט ער פאַרשטאַנען, ער האָט זיך אָבער אין איהר נישט געקענט געהעריג צוזאַמענרעדען. ער האָט געוואוסט אַז איין נישט ריכטיגער ענטפער קען שעדיגען דעם גאַנצען פּראָצעס זיינעם. דער רב האָט דאַרום באַשלאָסען צו ענטפערען אויף אַלע פראַגען וואָס זיינע שופטים וועלען איהם פרעגען אין דער שפּראַך וואָס ער קען אַמבעסטען—לשון הקודש.

אָבער דאָ האָט אין זיין מח אויפגעטויכט אַן אַנדער זאָרג. ווער וועט איבערזעצען זיינע ענטפערס פון לשון קודש אויף רוסיש?

דער רב האָט געוואוסט אַז ער איז אַרומגערינגעלט מיט געפעהרליכע שונאים. עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערען, אַז אויב די מחלוקה צווישען די חסידים און מתנגדים איז אין אָנפאַנג געווען אַ מחלוקה לשם שמים, האָט זי זיך שפּעטער אַנטוויקעלט אין אַ מחלוקה פון נצחון. פוןאַ ראַכע און פאַרניכטונג. איבערהויפּט נאָך דעם ווי דער גאון, דער גרויסער פיהרער וואָס איז געווען כלו קודש, איז נפטר געוואָרען. די מתנגדים האָבען געטאָן אַלעס אין דער וועלט צו פאַרניכטען די חסידים, און פאַר די חסידים איז נישט געווען קיין זאַך צו שווער צו פאַרניכטען די מתנגדים. האָט מען געמסר'ט איינער דעם צווייטען. איינער דעם צווייטען האָט רואינירט. און מען האָט נישט געשוינט קיין מיטעל איינער דעם צווייטען צו פאַרניכטען.

דער רב האָט פון דעם אַלעס געוואוסט, און ער האָט זיך געשראָקען פאַר דעם איבערזעצער פון זיינע תשובות. ווער וועט ער זיין, דער דאָזיגער איבערזעצער? איז עס נישט מעגליך, אַז די איבער־

זעצונג פון זיינע תשובות צו די ריכטער, וועט אריינפאלען אין די הענד פון איינעם פון זיינע שונאים? אדער איז עס נישט מעגליך אז זיינע שונאים וועלען אבקויפען דעם איבערזעצער, נישט צו איבערזעצען זיינע תשובות ווי עס געהערט צו זיין; די דאזיגע גדאנקען האבען דעם רב געפלאגט זינט מען האט איהם געבראכט קיין פעטערבורג.

א נישט ריכטיגע איבערזעצונג אין אזעלכע דעליקאטנע פראגען, ווי אמונה זאכען און מרידה געגען דער מלוכה, אויף וועלכע דער רב איז באשולדיגט געווארען, האט געקענט אויף דעם רב ברענגען די גרעסטע אומגליקען. דאס וואלט געקענט מיינען סיביר און קאטאר־זשנע ראבאטע. נאך מעהר האט דער רב געזארגט פאר דעם גאנצען חסידות. דער רב האט געוואוסט אז אויב ער וועט געפונען ווערען שולדיג, איז דאס גאנצע חסידות פארלוירען. און אין דעם שארפען מח פון רב האט עס געארבייט אונאויפהערליך צו פארהיטען אז זיינע תשובות זאלען נישט פאלש איבערזעצט ווערען.

* * *

איצט וועלען מיר פארשטעהן דאס צעטעלע וואס דער רב האט געשיקט פון זיין תפיסה צו זיין שוואגער ר' ישראל קאזיק. דאס צעטעלע נעמליך: „ליב פון יאנאוויטש זאל זאפארט פאהרען נאך ווילנע.“

ר' ליב פון יאנאוויטש איז געווען א געבוירענער פון ווילנע. ער איז געווען פון דעם גאון'ס משפחה. אנדערע באהויפטען אז ער איז געווען דעם גאון'ס א שוועסטער'ס זוהן. ער איז געווארען ווי אנדערע טויזענדער מתנגדים א הייסער חסיד. אבער כדי נישט צו באפלעקען זיין גרויסע משפחה, איז ער געווען א חסיד אין געהיים. אויבען אויף אבער איז ער געבליבען א מתנגד פונקט ווי געווען. דער רב האט פון איהם געוואוסט. זיי פלעגען זיך אפט דורכשרייבען אין פארשידענע חסידישע ענינים. דער רב האט אויך געוואוסט אז ר' ליב פון יאנא־וויטש האלט זיך אויף אין פעטערבורג צוליב זיינע געשעפטען, און דער רב האט געזעהן אז זיין ישועה איז א סך אבהענגיג אין ליב פון יא־נאוויטש. ער האט דארום באפוילען אז ר' ליב זאל זאפארט פאהרען נאך ווילנע.

די חסידים פון רב האבען קיינמאל נישט געפרעגט קיין קשיות, האט דער רב עפעס באפוילען צו טאן, האבען זיי געטאן נישט פרע־גענדיג פארוואס און פאר וועו. זיי האבען געוואוסט אז יעדער דיבור פון רב איז אויסגערעכענט, און יעדער באפעהל זיינער האט א טיפע כונה און ר' ליב איז זאפארט געפאהרען נאך ווילנע.

אין ווילנע איז ר' ליב אויפגענומען געוואָרען בכבוד גדול. עפּעס דאָך דעם גאון'ס אַ פּלימעניק! ער פלעגט זיך צוהערען צו אַלעם וואָס די מתנגדים רעדען וועגען דעם רב'ס פּראָצעס. די מתנגדים האָבען געהאַט זייערע מענשען אין פּעטערבורג וועלכע פלעגען באַריכטען קיין ווילנע אַלעם וואָס עס קומט פאָר. די מענשען זיינען נאַטירליך געווען פאַרזיכטיג. זיי האָבען זייערע באַריכטען געשיקט אין געהיים. אויך די מתנגדישע פיהרער אין ווילנע זיינען געווען שטאַרק פאַרזיכטיג נישט אויסצוזאָגען וואָס עס קומט פאָר. פאַר ר' ליב יאַנאָוויטשער האָט מען זיך אָבער נישט געהיט. דאָך פון דעם גאון'ס משפּחה.

איינמאָל, רעדענדיג מיט איינעם פון די מתנגדישע פיהרער וועגען דעם רב'ס פּראָצעס, האָט ר' ליב יאַנאָוויטשער אויסגעפונען אַז דער פּראָטאָקאָל פון אַלע תשובות וואָס דער רב האָט געגעבען צו זיינע שופטים זיינען געשיקט געוואָרען צו דעם ווילנער צענזור, אום ער, דער צענזור, זאָל זיי איבערזעצען פון לשון קודש אויף רוסיש. איצט האָט ר' ליב פון יאַנאָוויטש ערשט רעכט פאַרשטאַנען דעם רב'ס כונה, אין יענעם צעטעלע: „ליב פון יאַנאָוויטש זאָל זאָפאָרט פאָהרען נאָך ווילנע," דאָס איז געווען אַ ווייטזעהענדער בליק. אַ שטיק רוח הקודש.

דער רב האָט פאַרשטאַנען אַז זיינע תשובות צו די ריכטער וועלען געשיקט ווערען צו דעם ווילנער צענזור וועלכער איז געווען דער קייזערליכער צענזור, און ער האָט אויך געוואוסט אַז דער איינציגער וואָס קען פאַרהיטען אַז דער צענזור זאָל נישט פאַלש איבערזעצען זיינע תשובות איז ר' ליב יאַנאָוויטשער. און אַזוי איז עס טאַקע געווען.

ר' ליב האָט נישט געצעגערט קיין מינוט. ער איז באַלד געלאָפען זעהן דעם צענזור. פון צענזור האָט ער אויסגעפונען אַז ר' אביגדור'ס חברה איז שוין ביי איהם געווען און איהם פאַרשפּראָכען אַ גרויסע „מתנה" אַז ער זאָל איבערזעצען דעם פּראָטאָקאָל אַזוי, אַז עס זאָל זיין אַ „קידוש השם." כדי פּטור צו ווערען פון דער „כתה" אפּיקורסים און שבתי צבי'ניקעס.

ר' ליב האָט זיך איצט גענומען צו דער אַרבייט. ער האָט באַוויזען דעם צענזור אַז דאָ האַנדעלט זיך נישט וועגען קידוש השם, נאָר וועגען נצחון, און וועגען אַ ביטערע ראַכע וואָס די מתנגדים ווילען נעמען פון די חסידים. קיין געלד האָט ר' ליב'ן אויך נישט געפעהלט. ר' ישראל קאַזיק, דעם רב'ס שוואָגער, וועלכער האָט ר' ליב'ן געשיקט קיין ווילנע, האָט איהם מיטגעגעבען עטליכע טויזענד קערבלעך, טאָמער וועט ער, דאָס געלד דאַרפען. ענדליך האָט ר' ליב געוואונען דעם

צענזור אויף זיין זייט. די איבערזעצונגען זיינען געמאכט געוואָרען קאָרעקט, ווי עס געהערט צו זיין און די ישועה איז געקומען.

און י"ט כסלו איז עס געווען, אין יאָהר תקנ"ט, דער רב איז גע־זעסען אין זיין פינסטערען קערקער און מיט טיפע דבקות און מיט זיין הארציגען ניגון געזאָגט תהלים. קומענדיג צו דעם פסוק „פדה בשלום נפשי", (לייז אוים אין פרידען מיין נפש) האָט זיך די טיהר פון זיין קערקער געעפענט און דער וועכטער האָט איהם געבראכט די בשורה, אז ער איז—פריי!

די חסידי חב"ד פון דער גאנצער וועלט פראווען ביז דעם היינ־טיגען טאָג, י"ט כסלו אלס א גרויסען יום טוב. מען זאָגט נישט קיין תחנון, מען פראוועט סעודות און מען איז זיך משמח, ווייל י"ט כסלו איז באפרייט געוואָרען דער רב, גאון, קעמפפער, מארטירער און רעטער פון חסידות, ר' שניאור זלמן לאדיער זצ"ל.

(ענדע)

# חסידים, חסידות און גוטע אידען אין אונגאַרן

א פאָלשטענדיגע באשרייבונג פון אונגארישע צדיקים, זייער לעבען און ווירקונג

## קאַפּיטעל 1

דאָס חסידות אין אונגאַרן האָט געהאַט מעהר מזל ווי אין אנדערע לענדער. אין אונגאַרן האָט דאָס חסידות ניט באַגעגענט ניט קיין גע־פעהרליכע התנגדות מצד די גאונים, ווי למשל אין ליטאָ, און ניט קיין געפעהרליכע התנגדות מצד די משכילים ווי למשל אין גאַליציע. עס מעג געזאָגט ווערען אז דאָס גליק פון די חסידות אין אונגאַרן איז געווען, וואָס גראַד ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען מתפשט צו זיין, אין יענעם לאַנד, האָט עס געטראָפען דעם "חתם סופר" אלס דעם רב הרבנים פון אונגאַרן.

דער „חתם סופר“ (ר' משה סופר פון פרעסבורג, געבוירען 1762, גע־שטאָרבען 1839), דאַרף מען וויסען, האָט געשפּילט אין אונגאַרן דיזעלבע ראָלע וואָס ס'האָט געשפּילט אין ליטאָ און אין רוסלאַנד דער ווילנער גאון. דער חתם סופר ווערט פאררעכענט ביז דעם היינטיגען טאָג, אלס דער רב הרבנים פון אונגאַרן. ניט נאָר די וואָס האָבען געלערענט אין זיין ישיבה, נאָר אפילו די וואָס האָבען געלערענט אין דער ישיבה פון זיין זוהן און ממלא מקומו, דער „כתב סופר“ (ר' אברהם שמואל בנימין) און אפילו די וואָס האָבען געלערענט אין די ישיבות פון זיינע אייניקלאַך, און אור־אייניקלאַך, וועלכע ציהען זיך ווי א קייט ביז דעם היינטיגען טאָג, רעכענען זיך אַלץ פאַר דעם חתם סופר'ס תלמידים. אין אנדערע ווערטער: די תלמידים פון חתם סופר'ס חדר.

דער חתם סופר אליין איז געווען א תלמיד מובהק פון דער גרויסען ר' נתן אדלער פון פראנקפורט (ניט צו פארבייטען מיט ר' נתן אדלער פון לאָנדאָן.) ר' נתן אדלער פון פראנקפורט איז געווען ניט בלויז א גאון עולם, נאָר אויך א שטיק בעל שם, ניט פון ר' ישראל בעל שם טוב'ס שניט, נאָר א שטיק בעל שם פאר זיך אליין. אן איש מופת, פון וועמען עס

ווערט דערצעלט פלא פלאים'דיגע מעשיות און לעגענדען. מעגליך אז אין פארלויף פון דיזער סעריע, וועט מיר אויסקומען עטוואס צו דערצעלען פון דיזען וואונדערבארען גאון וקדוש, ר' נתן אדלער, דעם חתם סופר'ס רבי.

דער חתם סופר איז אויך געווען א תלמיד פון דעם גאון עולם ר' פנחס הורוויץ, פראנקפורטער רב, מחבר פון „הפלאה". ר' פנחס הורוויץ, ווי באקאנט, איז געווען איינער פון די גרעסטע חסידים פון מגיד הקדוש, דעם בעל שם'ס ממלא מקומו. ווערענדיג ערצויגען אונטער דער השגחה פון אזעלכע צוויי גאונים וקדושים, דער ערשטער אליין א בעל שם, און דער צווייטער א תלמיד פון בעל שם'ס חדר איז גאר קיין וואונדער אז דער חתם סופר איז ניט געווען קיין מתנגד פון נייעם חסידות, ווי עס זיינען געווען די גאוני ליטא, וועלכע האבען באטראכט דאס חסידות פון בעל שם'ס חדר אלס א מין נייע שבתי צבי באוועגונג.

ר' שלמה סופר, בערעגסאסער רב, א זוהן פון „כתב סופר" און אן אייניקעל פון „חתם סופר," דערצעלט אין זיין ספר „חוט המשולש" אז דער סאנזער גאון האט אמאל געזאגט צו זיין פאטער ר' שמעון סופר פון קראקא (דער חתם סופר'ס אינגערער זוהן) אז עס איז גאר קיין חידוש ניט אז זיין פאטער דער חתם סופר, איז נתעלה געווארען אלס גאון וקדוש, אז ער האט געהאט אזא רבי'ן ווי ר' נתן אדלער, אויף וועמען דער רבי ר' מלך פון ליזענסק האט עדות געזאגט, אז א חוץ דעם בעל שם, איז א סך יאהרען ניט ארונטערגעקומען אויף דעם עולם אזא הייליגע נשמה, ווי ר' נתן אדלער.

דער חתם סופר, אמת ווערט פאררעכענט אלס מתנגד. ער האט וויר־קליך ניט שטארק געהאלטען פון די שפעטערע חסידים מיט זייערע מנהגים, גערודפ'ט אבער, האט ער די חסידים נישט. אדרבה, פון אייני־גע חסידישע רביים, ווי ר' משה טייטעלבוים פון אוהעל, און ר' חיים האל־בערשטאם פון סאנז האט דער חתם סופר געהאלטען גאר, גאר גרויס.

די גאונים פון אונגארן, וועלכע האבען זיך כמעט אלע גערעכענט, ווי שוין געזאגט, פאר תלמידים פון חתם סופר'ס חדר, האבען נאכגעפאלגט זייער רבין'ס שיטה. זיי האבען דאס חסידות נישט גערודפט. א סך פון זיי זיינען נאך דעם חתם סופר'ס פטירה, אליין געווארען חסידים און אייניגע פון זיי זאגאר חסידישע רביים.

און אויך מצד דער השכלה האט דאס חסידות אין אונגארן ניט גע־פונען קיין געפעהרליכע התנגדות. אונגארן האט צוואר געהאט גרויסע אידישע וויסענשאפטס מענער, און משכילים, זיי האבען אבער דאס חסידות ניט גערודפט, ווי למשל די וויסענשאפטסמענער און משכילים

פון גאליציע און רוסלאנד, וועלכע האבען אנגעפיהרט אן אייביגען, ביי־טערען קאמף געגען די חסידים און חסידות. די אונגארישע וויסענ־שאפטסמענער האבען זיך באשעפטיגט מיט דער וויסענשאפט. אנדערע זיינען געווען פארקאכט אין דער רעפארם באוועגונג. דאס חסידות אן און פאר זיך האט זיי ווייניג וואס געקימערט. רעכענענדיג וואהרשיינליך, אז דאס חסידות פון אונגארן וועט פארשווינדען פון זיך אליין.

דאס חסידות אין אונגארן האט אזוי ארום, געפונען אין יענעם לאנד, א פריי און ברייט פעלד זיך אויסצושפרייטען. זיך איינצואווארצלען און איינצובירגערען. „אמונת הצדיקים," אין אונגארן, איז געווארען גרעסער ווי אין אלע אנדערע לענדער. ניט נאר פרומע, נאר אפילו אויפגעקלערטע, זיינען געווארען די שטארקסטע אנהענגער פון חסידישע רביים און גוטע אידען. אונגארן האט פאקטיש געגעבען חסידים צו אלע רביישע דינאס־טיעס, פון גאליציע, בוקאווינע און אויך פון אנדערע לענדער:—בעלז, סאנז, קאסוב, וויזניץ, שינאווע, זידיטשוב, רימינאוו, און טשארטקאוו, אלע האבען געצויגען מאסען חסידים פון אונגארן.

דאס מיינט אבער ניט אז אונגארן גופא האט ניט געהאט איהר איי־גענע גוטע אידען. אדרבה, ואדרבה, אונגארן האט שוין געהאט גאר, גאר גרויסע גוטע אידען, גאונים, און קדושי עלין. עס איז גענוג דא צו עראינערען אזעלכע צדיקים ווי ר' אייזיקעל קאלעווער, אדער ווי ער ווערט באצייכענט פון חסידים, דער קאלעווער קדוש, ר' משה טייטעלבוים, און זיינע קינדער ר' זלמן ליב טייטעלבוים, און ר' ליפעלע טייטעלבוים, ר' הירשל'ע ליסקער, און נאך, און נאך צדיקים וקדושים. מען מעג מיט רעכט באהויפטען, אז אונגארישע גוטע אידען, דאס איז א באזונדער וויכ־טיגער פרק, אין אידישען לעבען.

ווי ווייט מיר איז באקאנט, איז וועגען דעם פרק, „חסידות און גוטע אידען אין אונגארן," ווייניג וואס געשריבען געווארען. איך האב דארי־בער באשלאסען ממלא צו זיין דעם חסרון.

איך הויב אן מיט דער לעבענס געשיכטע פון איינעם פון די מערק־ווירדיגסטע צדיקים, זינט דעם בעל שם טוב, פון איינעם פון די עלטעסטע גוטע אידען אין אונגארן.

## ר' אייזיקעל קאלעווער, אדער דער קאלעווער קדוש

ר' אייזיקל קאלעווער (ר' יצחק אייזיק טויב, געבוירען אין יאהר תקי"א, געשטארבען אין יאהר תקפ"א) איז געווען, מעג מען זאגען, דער וואונדערבארסטער צדיק, אין דער געשיכטע פון חסידות. דאס איז געווען

א בענקענדע, פּאַטישע נשמה, וואָס איז ממש אויסגעגאַנגען פאַר בענ־קעניש צו דער שכינה הקדושה בכל רגע ורגע. א נשמה וואָס גאָט ברוך הוא האָט אַרונטערגעשיקט פון היכל השירה והזמרה, ווי אַלע צדיקים האָ־בען עדות געזאָגט, צו דערנעהענטערען אידישע הערצער לאביהם שבשמים, (צום הימלישען פאָטער.) מיט זיינע לידער אָפט אין מאַדיאַ־רישען לשון האָט ער ממש בוקע רקיעים געווען (געשפּאָלטען הימלען(. ווען ער פלעגט אַריינפאַלען אין דבקות, זינגענדיג צו דער שכינה (וועלכע ווערט אין דער קבלה באַצייכענט אַמאָל אַלס חתן און אַמאָל אַלס כלה) זיין לידעל: „אַך כלה וואו ביסטו", „אַך חתן וואו געלסטו," האָבען הער־צער אויפגעציטערט פאַר מתיקות, און קיין אויג איז ניט געבליבען טרוקען, הערענדיג און זעהענדיג די השתפכות הנפש פון דעם גרויסען קדוש.

א חסידישע אגדה דערצעלט, אַז הערענדיג צום ערשטען מאָל דאָס „וואלד לידעל" פון ר' אייזיקל קאַלעווער (וועגען וועלכען איך וועל שרייבען אין א שפּעטערען קאַפּיטעל,) איז דער ראָפּטשיצער צדיק, ר' נפתלי צבי הורוויץ, דער גרעסטער גוטער איד אין זיין דור, אַריינגעפאַלען אין א מורא'דיגע דבקות. ער האָט שפּעטער געזאָגט צו זיינע מקורבים, „איך בין זיכער, אַז ווען ר' אייזיקל זינגט זיינע לידער צו דער שכינה הקדושה, קומען כתות, כתות פון מלאכים צו ר' ליב שרה"ס, און זאָגען צו איהם, „ברוך שנתן לנו את הנפש היקרה הזאת" געבענשט זאָל זיין דער, וואָס האָט אונז געגעבען דיזען טייערען נפש.

וואָרום דאַרפען דאַרף מען וויסען, אַז אריי' ליב שרה'ס איז עס געווען וואָס האָט אַנטדעקט דעם דאָזיגען קדוש, ר' אייזיקל קאַלעווער.

דער נאָמען, ר' ליב שרה'ס, גלויב איך איז באַקאַנט צו א סך פון מיינע לעזער. ר' ליב שרה'ס, דעם בעל שם'ס תלמיד איז איינגעוויקעלט מיט אַזויפיל מעשיות און לעגענדען ווי זיין רבי דער בעל שם גופא. ר' ליב שרה'ס איז איבערהויפּט געווען אַנדערש ווי זיינע חברים, די אַנדערע בעל שם'ס תלמידים. ר' ליב שרה'ס האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטען פּלאַץ, וואו ער האָט געוואוינט. ער האָט אויך ניט גענומען פון קיינעם קיין פדיונות. ער האָט אָבער אַוועקגעגעבען מאַסען געלד פאַר אָרימע לייט, איבערהויפּט פאַר פדיון שבוים. פון וואַנען ער האָט דאָס געלד גע־נומען האָט קיינער ניט געוואוסט.

אפילו דער נאָמען אַליין „ליב בן שרה," איז פאַרוויקעלט מיט א מערקווירדיגע לעגענדע. ווייל בידוע, האָט זיך קיין גוטער איד פון בעל שם'ס חדר ניט גערופען מיט זיין מוטער'ס נאָמען, אויסער ר' ליב שרה'ס.

אט וואָס די חסידישע געשיכטע דערצעלט וועגען דעם נאָמען „ר' ליב שרה'ס."

—נעבען ראָוונע, רוסלאַנד, הט געוואוינט אַן ארענדאַר, וועלכער האָט געהאַט אַ טאָכטער אַ יפת תואר. אָבער טאַקע גאָר, גאָר וואונדערליך שעהן. שרה'לע האָט מען זי גערופען. וויסענדיג אַז די שעהנע אידישע טעכטער אין פוילען זיינען איבער אין אַ סכנה, חש ושלום אריינצופאַלען אין די הענד פון די פוילישע שקצים און אפילו פון פוילישע פּריצים, האָט דער ארענדאַר אָפּגעהיט זיין שעהנע שרה'לע ממש ווי דעם שווארצאַפּעל פון אויג. שרה'לע האָט זיך קיינמאָל ניט געטאָרט געפינען אין די קרעטש־מע ווען אימיצער איז דאָרט געווען, און פלעגט זי ארוים אין דאָרף, איז איהר פּנים געווען פארהילט אַזוי, אַז מען האָט קוים זי געקענט זעהן.

אָבער געה באַהאַלט אַ לעבעדיגען נפש, ווי מען באַהאַלט אַן אוצר! די יונגע שקצים פון דאָרף האָבען דעם סוד אויסגעפונען. זיי האָבען נאָכ־געשפּירט די שעהנע שרה'לע, און דערזעהענדיג איינמאָל איהר וואונדער שעהנע צורה, זיינען זיי פּשוט געבליבען שטעהן ווי געלעהמט. אַזאַ שעהנהייט האָבען זיי נאָך קיינמאָל ניט געזעהן. בקיצור שרה'לע איז געוואָרען דער געשפּרעך פון די דאָרפס שקצים, און אַזוי לאַנג, און אַזוי ברייט, ביז דער יונגער פּריץ פון דאָרף צו וועמען די ארענדאַ האָט באַ־לאַנגט, האָט אויך געוואָהר געוואָרען פון דער שעהנער שרה'לע.

אין אָנפאַנג האָט דער יונגער פּריץ, זיך וועניג וואָס געקימערט וועגען דער יונגער „זשידאָווקאַ.“ ער האָהט געהאַט גענוג געליבטע אָהן איהר, אָבער איינמאָל, פּארבייררייטענדיג די קרעטשמע, איז איהם איינגעפאַלען אריינצוגעהן זעהן די שעהנע זשידאָווקאַ. אומר ועושה, דער פּריץ איז אריין אין דער קרעטשמע.

דערזעהענדיג דעם פּריץ אין דער קרעטשמע, איז דער אידישער ארענדאַר שיער נישט געשטאָרבען פאַר פּחד. ווער ווייס וואָס פאַר אַ נייע צרה עס קלייבט זיך אויף איהם, האָט דער ארענדאַר זיך געטראַכט. דער פּריץ האָט איהם אָבער ניט געלאָזט לאַנג טראַכטען אָנרופענדיג זיך צו איהם: „זאָג מיר נאָר מאַשקע, מען האָט מיר געזאָגט אַז דו האָסט אַ שעהנע טאָכטער, איך וויל זי זעהן. רוף זי זאָפאָרט אריין.“ דער ארענדאַר נאַטירליך, האָט ניט געקענט מסרב זיין, ווייל אַזאַ זאַך וואָלט געמיינט פּארלירען זיין שטיקעל ברויט און ער האָט שרה'לען אריינגע־רופען.

דערזעהענדיג די וואונדערבאַרע שעהנהייט, איז דער יונגער פּריץ געבליבען שטעהן ווי צוגעשמידט צו דער ערד. ער האָט ניט געקענט אָפּרייסען די אויגען פון דער שעהנער שרה'לע. ער האָט פּרובירט צו רעדען עטליכע ווערטער צו דעם יונגען אידישען מיידעל. זי האָט זיך פארשעהמט. דאָס גאַנצע בלוט איז איהר געקומען אין פּנים, און יענעם

מאָמענט האָט זי פּשוט אויסגעזעהן ווי א יונגער מלאך.—דאָס אומגליק איז געווען פאַרטיג.

דער יונגער פריץ פלעגט קומען אָפט אין קרעטשמע. שרה'לע האָט זיך אויסגעהיטען, ווי וויט מעגליך, דער פריץ זאָל זי ניט זעהן, און דער פרומער אידישער ארענדאר האָט געטראכט אַלערליי תחבולות ווי אַזוי פון דעם אומגליק פּטור צו ווערען.

איינמאָל אין אַן אָוועגד, ווען די היידוקען פון הויף זיינען געזעסען אין קרעטשמע טרינקענדיג וואָרקא, ווי זייער שטייגער פלעגט זיין, האָט דער אַרענדאַר דערהערט ווי איינער פון די היידוקען דערצעלט זיינע חברים אַז מאָרגען ביי נאכט, וועט זיך אין דער קרעטשמע אָפּשפּילען אַ שעהנע חתונה. אז דער יונגער פריץ וועט מאָרגען ביינאכט קומען אין דער קרטשמע מיט איינינע היידוקען, און וועט נעמען די שעהנע שרה'לע צו זיך אין הויף און מיט איהר חתונה האָבען.

---

## קאַפּיטעל 2

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין לעצטען קאַפּיטעל, האָט דער אַרענדאַר, דער שעהנער שרה'לעס פאָטער, געהערט ווי די היידוקען פון פריץ'ס הויף סוד'ען זיך אז מאָרגען אָוועגד וועט דער יונגער פריץ קומען אין קרעטשמע, און נעמען די שעהנע שרה'לע אהיים צו זיך און מיט איהר חתונה האָבען.

אַ טויט שרעק איז באַפאַלען דעם אָרימען אַרענדאַר. ער האָט זיך באַמיהט מיט אַלע כחות צוריקצוהאַלטען זיין אויפרעגונג, אַזוי אז די היי־דוקען זאָלען ניט באַמערקען אז ער האָט געהערט זייער געשפּרעך. די היידוקען זיינען געזעסען אין דער קרעטשמע נאָך עטליכע מינוטען און זיינען אוועק.

קוים זיינען די היידוקען אוועק, איז דער אַרענדאַר אריינגעלאָפען אין דעם חדר וואו עס זיינען געזעסען זיין פרוי און טאָכטער, די שעהנע שרה'לע, אויסברעכענדיג אין אַ ביטערען געוויין. די צוויי פרויען האָבען פאַרשטאַנען אַז עפּעס אַן אומגליק איז געשעהען. עס האָט גענומען אַ לענגערע צייט ביז דער אַרענדאַר האָט זיך אַביסעל באַרוהיגט און גענומען דערבעלען, וועגען דעם מורא'דיגען אומגליק, וואָס ערוואַרטעט שרה'לען. דאָ האָט זיך דער חורבן אָנגעהויבען אופסניי. שרה'לע און איהר מוטער, זיינען פּשוט צוגאַנגען פאַר געוויין. מען קאָן דאָך אָבער נישט וויינען

אייביג. מען האָט זיך געמוזט באַרוהיגען, כדי צו זוכען א תחבולה, צו ראַטעווען שרה'לען פון גוי'שע הענד.

* * *

אין דעם זעלביגען דאָרף האָט געוואוינט אַן אַלטער, אָרימער מלמד, ר' יוסף האָט ער געהייסען. זעהר אַ פרומער און קלוגער איד. ר' יוסף איז געווען אַן אַלמן און האָט זיך געלעבט אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, און אין זייער גרויסער צרה איז געבליבען ביי דעם ארענדאַר און זיין פאַמיליע, צו האַלטען מיט אַט דעם ר' יוסף'ן אַן עצה וואָס צו טאָן. דער ארענדאַר האָט פאַרשטאַנען אַז מען טאָר ניט פאַרזאַמען קיין מינוט צייט, און איז תיכף ומיד געלאָפען צו ר' יוסף'ן.

עס איז שוין געווען נאָך האַלבע נאַכט. ר' יוסף איז נאָך געזעסען ביי דער גמרא און געלערענט. דערזעהענדיג דעם ארענדאַר אין זיין הויז אַזוי שפּעט ביי נאַכט, האָט ר' יוסף פאַרשטאַנען אַז הלא דבר הוא, אַז דאָ האָט געטראָפען עפּעס אַן אומגליק און האָט געבעטען דעם ארענדאַר אַלצדינג צו דערצעלען. דאָ האָט זיך ווידער אַ גאָס געטאָן אַ ים טרערען פון דעם ארענדאַר'ס אויגען דערצעלענדיג ר' יוסף וועגען דעם אומגליק וואָס ערוואַרטעט זיין איינציגע טאָכטער שרה'לע. ר' יוסף האָט אויפגעציטערט הערענדיג די מורא'דיגע בשורה. אויך זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען. דאָך האָט ער זיך געשטאַרקט, וויסענדיג אַז מיט וויינען וועט מען גאָר ניט אויפטאָן. ר' יוסף האָט זיך פאַרטראַכט. ער האָט לאַנג, לאַנג נאָכגעדענקט וואָס צו טאָן. פּלוצלונג האָט זיך ר' יוסף געווענדעט צום ארענדאַר, מיט אַ שטימע פון זיכערהייט, זאָגענדיג איהם:—געהט אַהיים, באַרוהיגט זיך אביסעל, און וואַרט אויף מיר מאָרגען גאַנץ פריה. איך האָף צום בורא עולם אַז ער וועט מציל זיין אַ אידישע טאָכטער פון גוי'שע הענד.—דער ארענדאַר האָט געפאָלגט.

ר' יוסף האָט געהאַלטען וואָרט. ער איז געקומען גאַנץ פריה. דער ארענדאַר האָט אויף איהם געוואַרט. ביידע האָבען זיך אַנידערגעזעצט ביי אַ טישעל און ר' יוסף האָט זיך געווענדעט צום ארענדאַר מיט אַט דיזע ווערטער:

„אייער שרה'לע מוז חתונה האָבען, און טאַקע נאָך היינט."

דער ארענדאַר איז געבליבען זיצען ווי אַ געלעהמטער. ער האָט אויסגעשטעלט אַ שרעקליע פּאָר אויגען אויף ר' יוסף'ן, מורמלענדיג:—„וואָס הייסט חתונה האָבען? מיט וועמען וועט זי חתונה האָבען?"

„נאָר נישט אויפגערעגט,"—האָט דער אַלטער ר' יוסף געזאָגט צום

ארענדאר גוטמוטיג—„איהר קענט מיך ניט פון היינט. איהר ווייסט אז איך בין ניט חלילה קיין באטריגער. האט צוטרויען און טוט וואס איך וועל אייך הייסען.“

ר' יוסף האט פארטגעזעצט:

לאדעט איין א מנין אידען. לאדעט אויך דעם שופט פון דארף און אויך אלע גוי'שע פּני. גרייט צו א חופה, און ווען עס וועט נאר נאכט ווערען וועלען מיט די חופה שטעלען.“

דער ארימער ארענדאר איז געווארען בלייך ווי דער טויט. ער האט געמיינט אז ר' יוסף איז חלילה ארונטער פון זינען, און מיט א ציטערנדע שטימע האט ער געפרעגט דעם אלטען מלמד:—„אבער ר' יוסף, גאט איז מיט אייך, מיט וועמען וועט שרה'לע חתונה האבען? ווער איז דער חתן?“

„איך“—האט דער אלטער ר' יוסף געענטפערט—„איך בין דער חתן,“ און ניט לאזענדיג דעם ארענדאר פרעגען מעהר קשיות, האט ר' יוסף גע־בעטען דעם ארענדאר, ער זאל אריינרופען זיין טאכטער די שעהנע שרה'לע, מיט איהר מוטער. ר' יוסף האט דערצעהלט די צוויי פרויען זיין פלאן, און ווענדענדיג זיך צו דער שעהנער שרה'לע האט ר' יוסף גע־פרעגט:—„שרה'לע, ביסטו מרוצה, צו געהן היינט אוונד מיט מיר צו דער חופה?“

שרה'לע איז געווארען רויט ווי פייער, און ארונטערלאזענדיג די אויגען, האט זי שטיל געענטפערט:—„יא, ר' יוסף.“

* * *

פארנאכט.

אלע אידען פון דארף ציהען זיך צו דער קרעטשמע. עס געהט אויך דער שופט און די „פני“ פון דארף. אלע געהן זעהן די קוריאזיטעט, ווי די שעהנע יונגע שרה'לע וועט געהן צו דער חופה, מיט דעם אלטען ר' יוסף מלמד.

עס איז נאכט. ר' יוסף הייסט זאפארט שטעלען די חופה. ר' יוסף איז מקדש די יונגע שרה'לע בדת משה וישראל.

דער ארענדאר לאדעט דעם גאנצען עולם צום טיש. מען זעצט זיך עסען די סעודת מצוה. אויבען אן זיצען חתן כלה. אן אלטער מאן און א יונג מיידעלע. מען קען זעהן אז דער אלטער איז אומרוהיג. אזוי איז אויך דער ארענדאר. זייווארפען זייערע בליקען פון מינוט צו מינוט צו דער טיהר. זיי ווייסען אז באלד, באלד וועט זיך דא עפעס אפשפילען.

פלוצלונג, און די טיהר עפענט זיך ברייט, און אין קרעטשמע קומט אריין דער יונגער פריץ מיט עטליכע היידוקען. ער בלייבט שטעהן ווי

א פארגליוועטער. דער ארענדאר לויפט צו איהם באלד צו. פארנויגט זיך, און דערצעלט איהם, דעם פריץ, זיין גרויס אומגליק:—„מיין טאכטער האט זיך פארליבט אין דעם אלטען עובר בטל, און זי האט אזוי לאנג בעוויינט מיינע יאהרען ביז איך האב איינגעוויליגט, זי זאל מיט דעם אלטען חתונה האבען, און אט נאר וואס, איז געווען די חופה.“

דער פריץ איז אין ערשטען מאמענט געווארען מלא כעס וחימה. ער האט זיך באלד בארוהיגט. ער האט ארויסגעלאזט א טיפליש געלעכטער באגלייט מיט א פוילישע „ברכה,“ און איז אוועק, מיטרופענדיג מיט זיך זיינע היידוקען.

דעם צווייטען אין דער פריה, איז ר׳ יוסף געקומען אין קרעטשמע, באפעהלענדיג דעם ארענדאר זיין „שווער“ אויפצואוועקען שרה׳לען, אום אריינצופאהרען קיין ראוונע.

„וואס איז“?—האט דער ארענדאר געפרעגט.

„היינט וועט זיין א גט“— האט ר׳ יוסף געענטפערט ערנסט. איך האב מקדש געווען אייער טאכטער, כדי זי אפצוראטעווען פון גוי׳שע הענד.

דער ארענדאר האט זאפארט אריינגערופען די שעהנע שרה׳לע, דער־צעלענדיג איהר, וואס ר׳ יוסף, איהר „מאן“ וויל טאן.

„ניין, ניין“—האט שרה׳לע ערנסט געזאגט. איך וויל ניט קיין גט. איך בין ר׳ יוסף׳ס ווייב, און וועל זיין ווייב בלייבען. ר׳ יוסף האט גע־ראטעוועט מיין עהרע, און איך וועל פארזיסען זיין לעבען, אויף זיינע על־טערע יאהרען.

און אין הימעל איז געווארען א רעש, און מלאכים און שרפים האבען געזאגט שירה צו דער הייליגקייט פון א יונגע אידישע טאכטער, און א בת קול איז ארויס מן השמים אז פון דעם זיווג זאל ארויס א נשמה, וואס זאל פארלייכטען די וועלט.

צום יאהר איז געבוירען געווארען א קינד וועלכען מ׳האט א נאמען געגעבען ליב. דאס איז געווען ר׳ ליב שרה׳ס. ער האט זיך כל ימיו גע־רופען נאך דעם נאמען פון זיין הייליגע מוטער.

ווי איך האב שוין דערצעלט איז ר׳ ליב שרה׳ס געווען „כלו סוד.“ זיין לעבען און ווירקען איז איינגעהילט אין פארשידענע לעגענדען. זא־גאר די חסידישע געשיכטע ווייס ניט פעסטצוזעצען וואו ר׳ ליב שרה׳ס האט געוואוינט. ער איז שטענדיג ארומגעפאהרען. און אפילו זיינע נסיעות זיינען אויך איינגעוויקעלט אין סודות. ר׳ ליב שרה׳ס האט ניט גענומען קיין „פדיונות“ ווי אנדערע רביים. געטיילט פאר ארימע לייט

האט ער אבער שוין, נאר א סך געלד, און אפט מיט שפּאגעל נייע רענד־לאך. לויט די חסידישע אגדה, האט ער, הויפּזעכליך מפרנס געווען די ל"ו צדיקים.

ווארום, דארפען דארף מען וויסען אז אין יעדען דור געפינען זיך ל"ו צדיקים. אזוי זאגט טאקע די גמרא (סוכה מ"ה) „אמר אביי לא פחות עלמא מתלתין ושיתא צדיקי, דמקבלי אפי שכינה בכל יום, שנאמר אשרי כל חוכי לו, „לו" בגמטריא תלתין ושיתא." אידיש:—אביי זאגט אז די וועלט האט ניט ווייניגער ווי 36 צדיקים, וואס זיינען מקבל די שכינה יעדען טאג, ווי עס שטעהט אין פסוק (ישעיה ל') „אשרי כל חוכי לו" (וואויל צו די אלע וואס האפען צו איהם) און דאס ווארט „לו" באטרעפט 36. פלעגט ר' ליב שרה'ס, לויט דער חסידישער אגדה ארומפאהרען אין אלע לענדער, אויפזוכען די ל"ו צדיקים־ און זיי מפרנס זיין.

איינמאל, ווען ר' ליב שרה'ס איז געווען אויף אזא רייזע אין אונ־גארן, דערצעלען חסידים, איז ער אנגעקומען אין דעם שטעדטעל סערענטש, א שטעדטעל אין אונגארן. אריינקומענדיג אין שטעדטעל, האט ער דער־זעהן א אינגעלע פון 8 יאהר פאשען גענז, זינגענדיג דאביי א לידעל אין דער מאדיארישער שפּראך. די שטימעלע פון דעם פאסטוכעל האט גע־קלונגען אזוי שעהן, און די מעלאדיע אזוי הארציג, אז ר' ליב האט ניט געקענט ווייטער פאהרען. ר' ליב איז ארונטער פון וואגען און איז צוגע־גאנגען צו דעם קליינעם פאסטוכעל.

„וואס איז דיין נאמען, אינגעלע;"—האט ר' ליב געפרעגט דעם פאסטוכעל.

„אייזיקל"—האט דאס קינד געענטפערט.

„האסט ליב גאט, מיין קינד?"

„זעהר, זעהר"—האט אייזיקל געענטפערט.—„איך קען איהם אבער גאר ניט געבען, נאר פאר איהם זינגען אלידעל."

„האסט עלטערן?"—האט ר' ליב ווייטער געפרעגט.

„איך האב ניט קיין טאטען, נאר א מאמען. זי איז אן אלמנה."

„ווילסט מיך אהינפיהרען צו דיין מאמען די אלמנה?"

„פארוואס נישט,"—האט דאס פאסטוכעל געענטפערט—„ביי וועמען קען איך אבער איבערלאזען די גענז?"

„נעם מיט די גענז, מיין קינד, און אויב עס וועט זיין עטוואס א שאדען, וועל איך באצאלען."

קומענדיג אהיים, האט אייזיקל באלד דערצעלט זיין מוטער וועגען דעם גאסט. די פרומע רייזעל, אזוי האט דעם קאלעווער'ס מוטער געהיי־

סען, האָט אויפגענומען דעם גאַסט זעהר פריינדליך, און איהם געבעטען עסען, דער גאַסט האָט איינגעוויליגט.

נאָכ'ן עסען האָט ר' ליב אויסגעפרעגט די אלמנה פון וואַנען זי נעמט פּרנסה און אויב זי גיט אייזיק'לען אַ גוטע אידישע ערציהונג?

די פרומע רייזעל האָט זיך צואַוויינט. „איך זאָרג ניט פאַר פּרנסה" —האָט די גוטע פרוי געזאָגט—„איך זאָרג אָבער פאַר מיין אייזיקל, וועמען איך קען נישט שיקען אין חדר."

ר' ליב שרה'ס האָט זיך פאַרטראַכט. פּלוצלונג האָט ער אַ זאָג געטאָן צו דער פרוי:—„גיט מיר אייער אייזיקל'ען. איך וועל איהם אריינגעבען אין אַ ישיבה. ער וועט אויסוואַקסען אַ למדן און אַ צדיק. ער האָט אַ הייליגע נשמה."

---

## קאַפּיטעל 3

הערענדיג די בקשה פון ר' ליב שרה'ס, אַז זי זאָל איהר קינד אייזיקל איהם געבען, און ער וועט אייזיקל'ען אריינגעבען אין אַ ישיבה, איז די אָרימע אלמנה, אייזיקל'ס מוטער געבליבען ווי אַ דערשלאָגענע. הייסע, שווערע טראָפּען טרערען האָבען זיך געגאָסען פון איהרע אויגען.

„האָט צוטרויען צו מיר"—האָט ר' ליב געטרייסט די אָרימע מוטער —„איך וועל אייך צוריקברענגען אייזיק'ען, אַ גרויסען למדן און אַ גרויסען צדיק."

„מען דאַרף פרעגען אייזיקל'ען,"—האָט די מוטער, נאָך אַ קורצען נאָכדענקען געענטפערט—„אייזיקל איז אַ קלוג קינד, זאָל ער אַליין ענטשיידען."

אייזיקל וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אין צימער, איינהערענדיג זיך וואָס זיין מוטער מיט דעם אַלטען אידען רעדען, איז צוגעגאַנגען צו זיין מוטער, און מיט זיין קליינגענדע שטימעלע האָט ער זיך געווענדעט צו זיין מוטער, זאָגענדיג:—„מאַמעניו, איך וויל פאָהרען מיט דעם איד אין דער ישיבה. איך וויל לערנען. איך האָב ליב גאָט."

דעמזעלביגען טאָג, איז ר' ליב שרה'ס אַוועקגעפאָהרען מיט אייזיקל'ען אָפּפיהרענדיג איהם קיין ניקולשבורג אין דער ישיבה פון רבי'ן ר' שמעלקא.

עס וועט זיכער זיין אינטערעסאַנט צו וויסען עפּעס מעהר וועגען דעם רבי'ן ר. שמעלקא, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דעם לעבען פון דעם מערקווירדיגען צדיק, ר' אייזיקל קאַלעווער.

דער רבי ר' שמעלקא איז געבוירען געוואָרען אין אָנפאַנג פון אַכ־צענטען יאָהרהונדערט אין טשארטקאָוו, גאַליציע. ער איז געווען דער זוהן פון דעם גאון וצדיק ר' הירשלי הורוויץ, רב פון טשארטקאָוו און אַן אייניקעל פון של"ה הקדוש (ר' ישעיה הורוויץ דער מחבר פון ש'ני ל'וחות ה'ברית.)

וועגען דעם ר' הירשלי'ן דערצעלט די חסידישע אגדה, גאָר וואונדער־ליכע מעשיות. איינע פון די מעשיות איז, אז בעת ר' הירשלי איז געווען רב אין טשארטקאָוו האָט זיך ר' ישראל בעל שם טוב אויפגעהאַלטען אין אַ דאָרף נעבען טשארטקאָוו. די פשוט'ע אידען פון יענער געגענד, אי־בערהויפט די ווייבער, פלעגען לויפען, על כל צרה שלא תבוא רחמנא ליצלן, צום בעל שם, ער זאָל פאַר זיי מתפלל זיין. ר' הירשלי, דער רב פון טשארטקאָוו, וועלכער איז געווען אַ מתנגד אויף דעם בעש"ט, האָט זיך שטאַרק מצער געווען, וואָרום אידען ווערען פאַרפיהרט, און פלעגט אין זיינע דרשות וואָרנען די אידען פון טשארטקאָוו אַז זיי זאָלען ניט וואַגען צו פאָהרען צו ר' ישראל באַהעלפער. אַזוי פלעגט מען אין יענער געגענד רופען דעם בעש"ט איידער ער איז נתגלה געוואָרען.

איינמאָל איז צו ר' הירשלי געקומען אַ שווערע שאלה, אין ענין „שאלת נשים." נאָך אַ געניויען נאָכדענקען האָט ר' הירשלי געפסק'ענט „טהור." שפּעט ביי נאַכט, האָט די שאלה, פון וועלכע ער האָט שוין גע־האַט פאַרגעסען, פּלוצלונג ווידער אַרויסגעשוואומען אויף זיין מח, דער־זעהנעדיג אַז ער האָט ניט ריכטיג גע'פסק'ענט. שרעקענדיג זיך אַז עס זאָל חלילה ניט געשעהן קיין מכשל, איז ר' הירשלי אַליין געלאָפען צו דעם באַטרעפענדען הויז פון וואַנען די שאלה איז געקומען אָנקלאַפּענדיג אין פענסטער . . . עס איז אָבער שוין געווען צו שפּעט.

ר' הירשלי האָט זיך שטאַרק מצער געווען פאַרוואָס ער איז נכשל גע־וואָרען אין אַזאַ ערנסטען ענין. איהם איז איינגעפאַלען, אַז אפשר איז דאָס אַן עונש מן השמים דערפאַר ווייל ער איז אַ מתנגד אויף דעם בעל שם, וועמען ער קען ניט און האָט קיינמאָל ניט געזעהן. און ניט לאַנג טראַכטענדיג, האָט ר' הירשלי באַשלאָסען באַלד אין דער פריה אַריבער־צופאָהרען צו ר' ישראל'ן, כדי זיך צו איבערצייגען איינער אַליין צו מאַכט ער ניט קיין טעות אין דעם איד, וואָס אַלע רופען דער בעל שם.

אומר ועושה, דער גאון ר' הירשלי האָט אָפּגעדאַווענט גאַנץ פריה, און איז אַוועק אין יענעם דאָרף, וואו דער בעל שם האָט זיך אויפגע־האַלטען.

קומענדיג צו דער הייזקע וואו דער בעל שם האָט געוואוינט, האָט

ר׳ הירשלי שוין געטראָפען אַ גרויסען עולם, מענער און פרויען, וואַרטענ־דיג אויף דעם בעל שם. אויסגעפינענדיג אַז דער בעל שם איז נישט אין דער היים האָט זיך ר׳ הירשלי, נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט אַז קיינער האָט איהם ניט דערקענט, אַנידערגעזעצט ביי דער טיהר פון בעל שם׳ס וואוינונג.

פלוצלונג האָט ר׳ הירשלי דערזעהן, ווי דער אַנוועזענדער עולם שטעלט זיך אויס אין צוויי רייהען. ער האָט געפרעגט אַ איד וואָס איז נעבען איהם געשטאַנען וואָס דאָס איז, און דער איד האָט ר׳ הירשלי׳ן געוויזען אויפ׳ן באַרג, און ר׳ הירשלי האָט געזעהן:

אַ מאַן אָנגעטאָן אין אַ פויערשען פעלצעל, אַרומגעוויקעלט מיט אַ שטריק, און טראָגענדיג אַ בינטעל האָלץ אויפ׳ן רוקען געהט מיט פעסטע טריט באַרג אַרונטער. ער קומט נעהענטער און נעהענטער. ער איז שוין נאָהענט ביי דער הייזקע. ר׳ הירשלי קען איהם איצט בעסער באַטראַכ־טען. דאָס איז אַ איד מיט אַ וואונדערבאַרע צורה „תואר פני אלקים.״ ער געהט מיט די אויגען אַרונטערגעלאָזט צו דער ערד. ער קוקט ניט אויף קיינעם, ניט רעכטס און ניט לינקס. ער געהט אַריין אין דער הייזקע פאַרמאַכענדיג די טיהר הינטער זיך. ר׳ הירשלי איז געווען זיכער, אַז דער איד אין פויערשען פעלצעל האָט איהם ניט באַמערקט.

עס נעמט ניט עטליכע מינוטען און דער מאַן אין פעלצעל באַווייזט זיך אויף דער טיהר. ער ווענדעט זיך צו ר׳ הירשלי׳ן, מיט אַן אויסגע־שטרעקטע האַנד, זאָגענדיג: „שלום עליכם, טשאַרטקאָווער רב. זייט אייך ניט מצער ר׳ הירשלי, איהר האָט ניט געמאַכט קיין טעות אין דער שאלה. דערמאָנט אייך דעם תוספת דאָרט און דאָרט, און איהר וועט אייך איבער־צייגען אַז איהר האָט גע׳פסק׳ענט דעם דין „אמת לאמתו.״ אָפזאָגענדיג די דאָזיגע ווערטער איז דער איד אין פעלצעל צוריק אַריין אין דער הייזקע.

ר׳ הירשלי איז געבליבען זיצען ווי פאַרשטיינערט. ער האָט זיך געריבען די אויגען, צו זעהט ער דאָס בהקיץ אָדער חלום׳ט ער: פון וואַנען האָט דער איד געוואוסט אַז ער, ר׳ הירשלי איז טשאַרטקאָווער רב? פון וואַנען האָט ער געוואוסט פון דעם ענין פון דער שאלה וואָס האָט ערשט נעכטען ביי נאַכט פאַסירט? און ווי קומט דאָס אַז ער, דער גאון, האָט פאַרזעהן אַ תוספת און אַט דער פשוט׳ער איד, ר׳ ישראל באַהעלפער, האָט געכאַפט דעם תוספות כהרף עין? אַזעלכע געדאַנקען האָבען ר׳ הירשלי געפלאָגט. עס האָט אָבער ניט לאַנג גענומען און דער איד אין פעלצעל האָט זיך ווידער באַוויזען אויף דער טיהר, ווענדענדיג זיך צו ר׳ הירשלי,

מיט דער בקשה:—„קומט אריין טשארטקאווער רב אין מיין חדר, איך האב עפעס מיט אייך צו רעדען."

ר' הירשלי איז אריין מיט דעם בעל שם אין שטוב.

וועגען וואס די צוויי גדולים האבען דאן גערעדט האט ניט דער בעל שם, און ניט ר' הירשלי קיינעם קיינמאל ניט מגלה געווען. ר' הירשלי איז אבער געבליבען זייט דאן א פייערדיגער אנהענגער פון בעל שם.

ר. הירשלי האט געהאט צוויי זיהן וואס האבען שוין איינגעלווייז מרעיש עולם געווען מיט זייער תורה און קדושה וטהרה. דאס זיינען געווען די בארימטעסטע גאונים פון דור: דער רבי ר' שמעלקא, ניקעלס־בורגער רב, און דער רבי ר' פנחס, פראנקפורטער רב, דער מחבר פון די בארימטע ספרים—„גבעת פנחס," „הפלאה" „והמקנה."ביידע זיהן זיינען שפעטער געווארען די גרעסטע תלמידים פון מגיד הקדוש, דעם בעל שם'ס ממלא מקומו.

און אט צו דעם רבי'ן ר' שמעלקא האט דאס ר' ליב שרה'ס אפגע־פיהרט דעם קליינעם אייזיקל'ען.

ווי לאנג ר' אייזיקל האט זיך אופיגעהאלטען אין דער ישיבה פון רבי'ן ר' שמעלקא, ווייס ניט די געשיכטע גאנץ גענוי. אנדערע באהויפ־טען אז ר' אייזיקל האט געלערענט ביים רבי'ן ר' שמעלקא 14 יאהר צייט. חסידים ווייסען אויך צו דערצעלען, אז איינמאל האט דער רבי ר' מלך פון לעזענסק, דער ממלא מקומו פון מגיד, און אין זיין צייט דער גרעסטער רבי אין גאליציע, באזוכט דעם רבי'ן ר' שמעלקא. זיצענדיג צוזאמען, דער רבי ר' מלך מיט'ן רבי'ן ר' שמעלקא, איז פלוצלונג אריינגעקומען אייזיקל, דערזעהענדיג דעם שעהנעם אינגעלע האט ר' מלך אויסגעשריען: „אוי־וואי, אוי־וואי, א גרויסע הייליגע נשמה. גיט מיר דאס אינגעלע פאר א געוויסע צייט, רבי ר' שמעלקא, איך וועל איהם אייך צוריקברענגען." דער רבי ר' שמעלקא האט איינגעוויליגט.—ר' אייזיקל ווערט אלזא פאר־רעכענט פון דער חסידישער וועלט, אלס דער תלמיד פוןביידע צדיקים, פון רבי'ן ר' שמעלקא און רבי'ן ר' מלך.

צוריקקומענדיג פון ניקעלסבורג איז ר' אייזיקל שוין געווען א כלי נפלאה. א גאון עולם, און א קדוש וטהור. ר' אייזיקל האט חתונה גע־האט מיט א טאכטער פון א גרויסען תלמיד חכם און האט זיך גענומען צו מסחר. ר' אייזיקל איז אבער געזעסען יומם ולילה על התורה ועל עבודה, און דער מסחר האט געפיהרט ר' אייזיקל'ס יונגע פרוי.

---

## קאפיטעל 4

ווי עס איז שוין דערצעלט געווארען האט זיך ר' אייזיקל קאלעווער צוריקקומענדיג פון ניקעלסבורג פון רבי'ן ר' שמעלקעס ישיבה, גענומען צו מסחר. ער האט געעפענט אין זיין געבורטסשטעדטעל, סערענטש, א קליין געוועלבעל. געפיהרט דאס געוועלבעל האט אבער ניט ער, נאר זיין יואג ווייב.

אין סערענטש האט כמעט קיינער ניט געוואוסט, אז דער דאזיגער יונגער „בעל בית'ל", איז א גאון וקדוש. די שטעדטעלשע אידען האבען געוואוסט אז אייזיקל איז זעהר פרום, אז ער זיצט און לערנט יומם ולילה, אז ער כאפט זיך אפט אריין אין וואלד נעבען שטעדטעל און פארברענגט דארט שטונדען לאנג. זיי האבען אבער פון דעם ניט געמאכט קיין וועזען. גאר ניט! א צוטראגענער בטלן, וואס האט זיך ליב ארומצושלעפען אויף די פעלדער און וועלדער. אז דער דאזיגער „בטלן" איז אן איש אלקים קדוש, איז קיינעם ניט איינגעפאלען.

נאר איין מענש איז געווען אין דער געגענד, וואס האט דרעזעהן דאס ליכט. וואס האט פארשטאנען אז דער דאזיגער ר' אייזיקל איז אן אור עולם. דאס איז געווען ר' יעקב פיש פון קאלעוו.

ר' יעקב פיש איז געווען דער גרעסטער גביר אין קאליף (קאליף איז ניט ווייט פון סערענטש), ר' יעקב איז אויך געווען א גרויסער תלמיד חכם, און א פייערדיגער חסיד. ער האט נאך געקענט דעם בעש"ט, און איז פון בעש"ט געבענשט געווארען מיט עשירות און אריכת ימים.ביידע זיינען מקוים געווארען. ר' יעקב פלעגט אפט קומען געשעפטסהאלבער קיין סערענטש. ער האט געהערט דערצעלען וועגען דעם פרומען איי־זיקל'ען טשיקאווע זאכען. ער האט געהערט אז דער יונגער אייזיקל האלט זיך אפט שטונדען לאנג, כמעט יעדען טאג אין וואלד, און ווען ער איז אין דער היים זעהט איהם אויך קיינער ניט. ער זיצט סגור ומסוגר אין זיין צימער. ר' יעקב האט פארשטאנען אז הלא דבר הוא, אז דא איז עפעס ניט גלאט און האט אנגעפאנגען דעם יונגען ר' אייזיקל'ען נאכצושפירען.

ר' יעקב קאליפער פלעגט, ווען אימער ער איז געקומען קיין סער־ענטש, אריינגעהן צו ר' אייזיקל'ען. זיין שארף חסידיש אויג האט באלד דערקענט אז אט דער יונגער ר' אייזיקל איז לעילא ולעילא, א גאר, גאר גרויסער מענש. ר' אייזיקל האט שטארק מקרב געווען ר' יעקב'ן. אוים־געגעבען ווער ער איז האט זיך ר' אייזיקל נישט. ר' יעקב'ס אויג איז אבער געווען א שטארקע. ער האט אלצדינג געזעהן. אלצדינג פאר־שטאנען.

ר׳ יעקב האָט זיך אָנגעפאַנגען צו אינטערעסירען פון וואַנען דער יונגער צדיק מאַכט פּרנסה. ער האָט געוואוסט אז ר׳ אייזיקל׳ס ווייב פיהרט אַ געוועלבעל, צו מאַכט דאָס געוועלבעל פּרנסה, דאָס האָט ער ניט געוואוסט. ער פלעגט דאַריבער, ווען אימער ער איז געקומען קיין סער־ענטש אַריינגעהן אין געוועלבעל, קויפען אביסעל סחורה, און דערביי אויספרעגען ווי עס געהט, און צו מאַכט מען פּרנסה. עס האָט ניט גע־נומען לאַנג און ר׳ יעקב האָט אויסגעפונען, אַז ר׳ אייזיקל מיט זיין ווייב ליידען פּשוט הונגער.

איינמאָל, שטעהענדיג אין געוועלבעל, און רעדענדיג מיט ר׳ איי־זיקל׳ס ווייב וועגען די געשעפטען, האָט זיך די יונגע פרוי, ביטער צואַ־וויינט. זי האָט מודה געווען פאַר ר׳ יעקב׳ן אַז עס איז שוין פּשוט נישטאָ פון וואָס דעם טאָג איבערצולעבען. ר׳ יעקב׳ן האָבען זיך געשטעלט טרע־רען אין די אויגען. נאָך אַ קורצען נאָכטראַכטען האָט זיך ר׳ יעקב גע־ווענדעט צו דער יונגער פרוי מיט די ווערטער:—„הערט זיך צו, ר׳ איי־זיקל׳ס ווייב, איהר מוזט פון מיר נעמען אַן הלואה אויף עטליכע גולדען. איהר טאָרט אָבער ניט אויסזאָגען וועגען דעם אייער מאַן ר׳ אייזיקל׳ען.“

די פרוי האָט לכתחילה זיך געווייגערט צו נעמען אַן הלואה, טענה׳דיג: „ווי קען איך ביי אייך נעמען אַן הלואה, ר׳ יעקב, אַז איך האָב ניט קיין שום אויסזיכט אייך צוריקצובאצאָלען?“

„נישט־קשה, נישט־קשה“—האָט ר׳ יעקב געענטפערט—„איך וועל שוין זעהן אַז איהר זאָלט מיר צוריקצאָלען, נאָר נעמט די הלואה.“

וויסענדיג אַז זי האָט ניט אַ פּרוטה אחת, צו קויפען אַ שטיקעל ברויט פאַר איהר הייליגען מאַן, האָט זיך די יונגע פרוי געלאָזט איבער־רעדן נעמענדיג פון ר׳ יעקב׳ן אַן הלואה פון עטליכע גולדען. אַזוי איז נעגאַנגען אַ גאַנצע צייט. ווען אימער ר׳ יעקב איז געקומען קיין סער־ענטש פלעגט ער איבערלאָזען אַן הלואה פאַר ר׳ אייזיקל׳ס ווייב.

* * *

אין קאַליב איז צו יענער צייט נפטר געוואָרען דער שטאָדט רב. דאָס שטעדטעל האָט גזוכט אַ נייעם רב, און ר׳ יעקב פיש, וועלכער איז געווען דער ראש הקהל, האָהט באַשלאָסען אַז דער נייער רב, זאָל זיין ר׳ אייזיקל.

אומר ועושה. ר׳ יעקב האָט צוזאַמענגערופען אַן אספה פון די שטעד־טעלשע בעלי בתים, ער האָהט זיי דערצעלט וועגען דעם באַהאַלטענעם גאון וצדיק ר׳ אייזיקל פון סערענטש. געהערט האָבען שוין די בעלי בתים פון קאַליב סאי־ווי־סאי, וועגען דעם מערקווירדיגען יונגען ר׳ איי־

זיקל. זיי האָבען אויך געוואוסט אז ווען ר׳ יעקב פיש זאָגט מעג מען זיך אויף איהם סומך זיין, און טאַקע ביי דער ערשטער אסיפה איז ר׳ אייזיקל אויפגענומען געוואָרען אַלס רב פון קאַליף.

ר׳ יעקב האָט זאָפאָרט אויסערוועלט דריי פון די שעהנסטע בעלי בתים אריינצופאָהרען קיין סערענטש און איבערגעבען ר׳ אייזיקל׳ען א כתב רבנות.

ברענגענדיג דעם „כתב רבנות" צו ר׳ אייזיקל׳ען, זיינען די דריי בעלי בתים נבהל ונשתומם געוואָרען. ר׳ אייזיקל האָט נישט געוואָלט הערען און געדענקען וועגען אָננעמען דאָס רבנות אין קאַליף. אויף אַלע טענות פון די בעלי בתים, האָט ר׳ אייזיקל געהאט נאָר איין תירוץ:— „איך בין ניט ראוי צו זיין רב אין קאַליף."

די בעלי בתים האָבען זיך געזאַמט עטליכע טעג אין סערענטש. אָבער איינזעהענדיג אז עס וועט גאָר ניט העלפען זיינען די דריי בעלי בתים אהיימגעפאָהרען.

הערענדיג די תשובה פון ר׳ אייזיקל׳ען, האָט ר׳ יעקב ווידער גערופען אן אסיפה. די דריי בעלי בתים האָבען דערצעלט אַלעמען זייער ארבייט צו באוועגען ר׳ אייזיקל׳ען אָנצונעמען קאַלעוואער רבנות, און אז ר׳ אייזיקל וויל בשום אופן נישט, און עס איז געבליבען אז מען דאַרף זוכען אן אנדערען רב.

ר׳ יעקב פיש איז אָבער ניט געווען פון יענע, וואָס ווערען באַלד ענטמוטיגט. ער האָט געבעטען פון דער אסיפה, זיך ניט צו איילען וועגען אנאנדערען רב. ער האָט פאַרזיכערט אז ער אַליין, ר׳ יעקב, וועט אריבערפאָהרען קיין סערענטש, און אז ער האָפט צום באשעפער, צו קענען באוועגען ר׳ אייזיקל׳ען דאָס רבנות אָנבונעמען.

ר׳ יעקב האָט אָבער ניט געהאט מעהר מזל ווי די פריהערדיגע בעלי בתים, ר׳ אייזיקל האָט בשום אופן ניט געוואָלט ווערען קיין רב. ר׳ יעקב איז ענדליך געפאַלען אויף אן „המצאה": זיצענדיג איינמאָל מיט ר׳ אייזיקל׳ען, האָט ר׳ יעקב איהם א פרעג געטאָן:—„ר׳ אזיקל פון וואַנען מאַכט איהר פרנסה?" ר׳ אייזיקל האָט איהם געענטפערט מיט תמימות, אז זיין פרוי האָט א שטיקעל מסחר און דאַפון מאַכט מען פרנסה."

„ניין, ר׳ אייזיקל"—האָט ר׳ יעקב איהם געענטפערט—„אייער ווייב מאַכט ניט קיין פרנסה פון מסחר. זי באַרגט זיך געלד און פון דעם מאַכט זיך פרנסה. אָבער כדי אייך ניט מבטל צו זיין פון אייער תורה און עבודה, האַלט זי די זאַך בסוד."

ר׳ אייזיקל איז געבליבען זיצען ווי פאַרשטיינערט. ער האָט גע-

פרעגט ר' יעקב'ן פון וואנען ער ווייס דאָס אלץ.

„ווייל איך באָרג איהר דאָס געלד"— האָט ר. יעקב געענטפערט— „און אויב איהר, ר' אייזיקל, נעמט ניט אָן דאָס רבנות אין קאַליף, וויל איך טאַקע פון אייך בעטען דעם חוב, איהר ווייסט דאָך, ר' אייזיקל, וואָס עס מיינט פריעת בעל חוב."

הערענדיג די דאָזיגע ווערטער פון ר' יעקב'ן, איז ר' אייזיקל אריינגעפאלען אין א מורא'דיגע דבקות. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ר' יעקב האָט געזעהן דעם יונגען צדיק אין זיין גאנצער קדושה. ר' יעקב האָט געזעהן ווי דער צדיק קעמפט מיט זיך אליין, צו זאָל ער יאָ, אָדער ניט אָננעמען דאָס רבנות. ר' אייזיקל איז ענדליך צו זיך געקומען, און אויפשטעלענדיג זיך האָט ר' אייזיקל געדריקט ר' יעקב'ן די האנד, זאָגענדיג:—„פאָהרט אהיים לחיים ולשלום ר' יעקב, און זאָגט אייער געמיינדע, אז איך האָב דאָס רבנות אין קאַליף אָנגענומען."—ר' אייזיקל איז אלט געווען 30 יאָהר ווען ער איז געוואָרען קאַליווער רב.

---

## קאַפּיטעל 5

ר' אייזיקל איז נתגלה געוואָרען.

זינט ער האָט אָנגענומען דאָס רבנות אין קאַליוו, האָט זיך זיין גרויסע ליכט ערשט רעכט צופלאַקערט. דער נאָמען „ר' אייזיקל קאַליווער" האָט זיך פארשפרייט ווייט און ברייט און איז געוואָרען א היילינגטום ביים אונגארישען יודענטום. ניט בלויז ביי חסידים און ניט בלויז ביי פשוט'ע מענשען, נאָר אויך ביי די צדיקים פון דור. אלע האָבען מסכים געווען אז ר' אייזיקל איז אַן אור עולם, א ליכט וואָס פארלייכט א וועלט.

א חסידישע אגדה דערצעלט אז איינמאָל האָט דער רבי ר' הירשלי פון זידישובער מגלה געווען זיינע מקורבים אז ער קלייבט זיך צופאָהרען קיין קאַליף כדי זיך צו באַקענען מיט דעם קאַליפער קדוש. זיינע מקורבים זיינען געבליבען איבערראשט. סטייטש, דער רבי ר' הירשלי, דער צדיק הדור, וועט פאָהרען צום קאַליפער? דאָס קען ניט זיין!

דען דאַרפען דאַרף מען וויסען, אז ר' הירשלי זידישובער איז געווען, ניט נאָר דער גרעסטער מקובל פון דור, נאָר אויך איינער פון די גרעסטע גאונים פון זיין צייט. אזא גאון ווי דער „אמרי אש" (ר' מאיר אש, אונגוואַרער רב) וועלכער איז געווען פאררעכענט, נאָך זיין רבי'ן דעם „חתם סופר", אלס דער גרעסטער גאון אין אונגארן, שרייבט אין זיין ספר שאלות ותשובות „אמרי אש" (חלק או"ח סימן י"ט) וועגען ר' הירשלי

זידיטשובער, אַט אַזעלכע ווערטער: „ומי בדורנו זה, אשר ישאהו לבבו, לדמות עת עצמו להרב הגאון רצה“, (ווער אין אונזער דור קען זיך פאַר־גלייכען צו דעם גאון ר׳ הירשלי זידיטשובער.) דער סאַנזער גאון ר׳ חיים האַלבערשטאַם, האָט קיינעם ניט באַצייכענט אַלס „רבי ומורי“ אויסער ר׳ הירשלי זידיטשובער, הגם דער סאַנזער איז ביי ר׳ הירשלי׳ן געווען נישט מעהר ווי צוויי מאָל; דער „חוזה“ (דער רבי ר׳ איציקל פון לובלין) האָט עדות געזאָגט אויף ר׳ הירשלי׳ן אַז ער איז אַ ריינער בעל רוח הקודש. און הערענדיג אַז דיזער גרויסער מקובל, גאון, וקדוש, ר׳ הירשלי זידי־טשובער קלייבט זיך צו פאָהרען צו ר׳ אייזיקל קאַליווער, האָבען זיינע מקורבים שטאַרק פראָטעסטירט.

עס האָט אָבער נישט געהאָלפען. ר׳ הירשלי איז געפאָהרען קיין קאַליף און איז פון ר׳ אייזיקל׳ען אַזוי נתפעל געוואָרען אַז אַהיימקומענדיג האָט ער זיך געאַייסערט אַז זיצענדיג מיט ר׳ אייזיקל׳ען איז מען פשוט נהנה מזיו השכינה. עס איז דאָ אַ מאַן דאמר, אַז אויך דער גרויסער קאָזעניצער מגיד (ר׳ ישראל ב״ר שבתי) איז געפאָהרען באַזוכען ר׳ איי־זיקל קאַליפער. ר׳ הירשלי זידיטשובער ההאָט זיך שפעטער משדך גע־ווען מיט ר׳ אייזיקל׳ען.

* * *

פון ר׳ אייזיקל קאַליווער ווערט דערצעלט גאָר, גאָר וואונדערבאַרע מופתים. ממש רוח הקודש. אָבער ניט די מופתים זיינען עס געווען וואָס האָבען צו איהם צוגעצויגען פאַקטיש דאָס גאַנצע אונגאַרישע יודענ־טום:—חסידים, מתנגדים, און אפילו אויפגעקלערטע, נאָר זיין מערקוויר־דיגע עבודה.

ווי עס איז שוין אויף דעם פלאַץ דערצעלט געוואָרען, איז ר׳ אייזיקל קאַליפער געווען אַ גרויסער מנגן. זיין עבודה, זיין דאַוונען, זיינע אַלע תפילות פלגעט ער דורכפיהרען מיט נגינה. ער פלעגט אויך פאַרפאַסען לידלאַך און אָפט אין מאַדיאַרישען לשון. אַז ער פלעגט זינגען זיינע תפילות אָדער זיינע שירים האָט מען פשוט געזעהען התפשטות הגשמיות. אין אַזאַ צייט פלעגט ער אומגעוואַנדעלט ווערען פשוט אין אַ מלאך אלקים.

וואָרום, כידוע, קומען אַלע נגונים אַדוים פון דער סאַמער קדושה, פון היכל הנגינה. ווייל די טומאה קען ניט זינגען. די טומאה איז דער מקור פון עצבות (די קוואַל פון טרויער) איז אָבער די נגינה צוליב אידישע חטאים, אַריינגעפאַלען רחמנא ליצלן אין רשות פון דער קליפה. איז עס די אויפגאַבע פון צדיק, אַרויסצוציהען די נגינה פון דער קליפה און זי

צוריקברענגען צו דער קדושה. האָבען טאַקע אַלע צדיקים פון דור עדות געזאָגט אַז ר׳ אייזיקל קאַליווער׳ס נשמה איז אַרונטערגעקומען אויף דעם עולם כדי מעלה צו זיין די נגינה צו איהר שורש הקדושה.

ר׳ אייזיקל׳ס נגינה איז געווען אַ בענקענדע, אַ מין הימלישע תשוקה זיך מתחבר צו זיין אין דער שכינה הקדושה. ער פלעגט אָפט אַרויסגעהן אין וואַלד זיך צוהערען צו די נגונים פון די פאַסטוכער, אויפכאַפּען זייערע נגונים און זיי צופּאַסען צו זיין אייגענעם טעקסט.

איינע פון די לידלאַך וואָס ר׳ אייזיקל האָט גענומען פון אַן אונגאַרישען פּאַסטוך, איז באַקאַנט אין אונגאַרן, אַלס דאָס „וואַלד ליעד.“

די געשיכטע וועגען דער „וואַלד ליעד“ דערצעלט זיך אַזוי:

איינמאָל זיצענדיג אין וואַלד פאַרטיפט אין די עולמות עליונים, האָט ר׳ אייזיקל דערהערט אַ האַרצרייסענדע בענקענדע ליעד, זינגענדיג אויף דעם מאַדיאַרישען לשון, פון אַ פּאַסטוך צו זיין געליבטע. ר׳ אייזיקל איז פון דעם ליעד אַזוי באַגייסטערט געוואָרען אַז טרערען האָבען זיך געגאָסען פון זיינע אויגען. דאָס געזאַנג איז געווען אין אָנפאַנג העכער, דאַן נידעריגער און נידעריגער, אַזוי אַז מען האָט קוים געהערט די האַרצרייסענדע טענער.—אָט איז די אידישע איבערזעצונג:

וואַלד, וואַלד, ווי גרויס ביזט דו!
ראָזע, ראָזע, ווי ווייט ביזט דו!
וואָלט דער וואַלד קלענער געווען,
וואָלט דאָך מיין ראָזע נעהענטער געווען;
וואָלט מען מיך פון׳ם וואַלד אַרויסגענומען,
וואָלטען מיר זיךביידע צוזאַמענגעקומען.

ווען דער פּאַסטוך איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין זינגען איז ר׳ אייזיקל אריין טיפער אין וואַלד. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט זינגען די־זעלביגע האַרצרייסענדע מעלאָדיע, אויך אויף דעם מאַדיאַרישען לשון, אָבער מיט זיין אייגענעם טעקסט.

אָט איז דער טעקסט:

גלות, גלות, ווי גרויס ביזט דו!
שכינה, שכינה, ווי ווייט בזט דו!
וואָלט דער גלות קלענער געווען,
וואָלט דאָך די שכינה נעהענטער געווען,
וואָלט מען מיך פון גלות אַרויסגענומען,
וואָלטען מיר זיך ביידע צוזאַמענגעקומען.

צום סאַנזער צדיק ר׳ חיים האַלבערשטאַם, פלעגט אויף יעדען שבועות קומען אַן אונגאַרישער חסיד, אַ גרויסער מנגן, ר׳ מענדל חוסטער האָט מען איהם גערופען, און אָט דער ר׳ מענדל פלעגט זינגען פאַר דעם סאַנזער צדיק ביים טיש דאָס דאָזיגע „וואַלד ליעדעל“ פון קאַליפער קדוש. צו ערשט אויף אונגאַריש און דאַן אויף אידיש. פאַרטיג ווערענדיג, פלעגט דער סאַנזער אַריינפאַלען אין אַ מורא׳דיגע התלהבות, און אַליין זינגען— „גלות, גלות, ווי גרויס ביזט דו! שכינה, שכינה, ווי ווייט ביזט דו!“ און אַזוי ווייטער. יענע מאָמענטען, פלעגען אַלטע חסידים דערצעלען זיינען געווען פחד שבפחדים.

אַן אַנדער ליעד פון קאַליווער קדוש, וואָס ווערט געזונגען פון אונגאַרישע אידען ביי יעדע שמחה, איז דאָס ליעד:—„סאָל אַ קאַקאַש מאַר.“

„סאָל אַ קאַקאַש מאַר,“ איז ווי אַלע דעם קאַליווער׳ס לידער, אַ מורא׳דיגע בענקעניש נאָך דער שכינה הקדושה. דאָס ליד ווערט געזונגען ווי שוין געזאָגט, פון אונגאַרישע אידען ביי יעדער שמחה. עס ווערט געזונגען אויסשליסליך אויף דעם מאַדיאַרישען לשון, אויסער די לעצטע שטראָפע „יבנה המקדש“, וועלכע ווערט געזונגען אין העברעאיש.—אָט אין די אידישע איבערזעצונג פון „סאָל אַ קאַקאַש מאַר“:

דער האָהן האָט שוין געקרעהטה.
דער מאָרגען ווינטעל וועהט.
אין גרינעם וואַלד, אין גרינעם גראָז,
אַ פויגעלע דאָרט שטעהט.

פאַרטרויערט אויף איין אָרט,
ווער איז דאָס פויגעל פאָרט?
גאָלדענע פיסלאַך, גרינע פליגעל
מיר ערוואַרט זי דאָרט.

וואַרט אַ פויגעל מיין,
וואַרט געליבטע מיין,
ווען מיר גאָט פאַר דיר באַשערען
וועל איך דיינע זיין.

טו ווען זשע וועט עס זיין
אַ ווען זשע, ליבסטער מיין?
יבנה המקדש, עיר ציון תמלא (צוויי מאָל)
דאַמאָלסט וועט עס זיין.

און ווען דאָס ליעד מיט זיין הארצרייסענדער מעלאָדיע ווערט גע־זונגען פאלען אונגארישע אידען אריין אין אזא התלהבות, אז עס שיינט אז דער גייסט פון קאליפער קדוש שוועבט איבער זיי.

---

## קאפיטעל 6

און ניט בלויז מיט זיין זינגען האט ר' אייזיקל צוגעצויגען אידישע הערצער, לאביהם שבשמים (צום הימלישען פאטער) נאר אויך מיט זיין טאנצען, וואס איז באמת געווען פלאי פלאים.

אונגארישע חסידים פלעגען דערצעלען, אז בעת ר' אייזיקל איז אנגעקומען אלס רב אין קאליוו, איז דארט געווען איינגעפיהרט אז אויף חתונות פלעגען טאנצען יונגע לייט מיט מיידלאך צוזאמען, א זאך וואס איז ביי פרומע אידען א גאר גרויסע עבירה. די פרומע בעלי בתים פון קאליוו זיינען געווען זיכער אז דער נייער רב, דער צדיק ר' אייזיקל, וועט מרעיש עולמות זיין, געגען אזא איינפיהרהונג. ר' אייזיקל האט אבער גאר ניט געזאגט. ער האט נאר געשיקט נאכ'ן ראש הקהל בעטענדיג איהם באקאנט צו מאכען אין דעם גאנצען קאמיטאט (גובערניע), אז ער, ר' אייזיקל, ווי זיין אויף יעדע אידישע חתונה. נאטירליך זיינען די בעלי בתים געווען העכסט צופרידען. א קלייניגקייט! האבען דעם צדיק ר' אייזיקל אויף יעדער חתונה!

קומענדיג צו די ערשטע חתונה, האט ר' אייזיקל געזעהן, אז מען האט איהם ניט אפגענארט. ער האט געזעהן אז בחורים ובתולות טאנצען ווירקליך צוזאמען. ר' אייזיקל האט געגעבען א וואונק צו די כלי זמרים אז זיי זאלען אויפהערען שפילען. ער האט זיך דאן געווענדעט צו די טענצער, זאגענדיג:—„קינדער, איהר קענט ניט טאנצען. לאזט מיך און איך וועל אייך ווייזען ווי אזוי מען טאנצט.“

א פחד איז געפאלען אויף די „טענצער“ הערענדיג די דאזיגע ווער־טער פון דעם „קדוש“, ווי מען האט איהם שוין דאן גערופען אין קאליוו.

די יונגעלייט, בחורים און בתולות, נאטירליך האבען זיך געשטעלט אין א זייט און ר' אייזיקל האט אנגעפאנגען טאנצען, צוזינגענדיג א לידעל אין מאדיאריש, וועלכע האט אויסגעדריקט די מורא'דיגע עבירה פון טאנ־צען צוזאמען בחורים און בתולות. דאס ארטיסטישע טאנצען, און מתיקות'דיגע זינגען, האט אזוי צונומען די יונגע חברה, אז פון אלעמעס אויגען האט זיך געגאסען טרערען. פארטיג ווערענדיג מיט זיין טאנצען, האט זיך דער צדיק געווענדט צו די טענצער, מיט זיין הארציגע ווייכע

שטימע:—„אַט אַזוי קינדער, דאַרף מען טאַנצען. זאָגט איהר מיר צו, אַז אויך איהר וועט אַזוי טאַנצען, און ניט חס ושלום, מיידלאַך מיט בחורים צוזאַמען?"

די טענצער נאַטירליך, זייענדיג אַזוי באַגייסטערט פון צדיק האָבען איהם פייערליך פאַרשפּראָכען מעהר ניט צו טאַנצען צוזאַמען, און אַט אַזוי פּלעגט ר' אייזיקל געהן פון חתונה צו חתונה, טאַנצען און זינגען, און נעמענדיג די פאַרשפּרעכונגען פון די יונגע לייט אַז אויך זיי וועלען אַזוי טאַנצען, און דערמיט האָט ער עפּגעשאַפט אין גאַנצען קאָמיטאַט, דעם מנהג פון טאַנצען מיידלאַך מיט בחורים צוזאַמען.

אויף די עלטערע יאָהרען איז ר' אייזיקל קראַנק געוואָרען. צו איהם האָט זיך צוגעטשעפּעט אַ הויט קראַנקהייט וועלכע האָט איהם געמוטשעט ממש צום אויסגעהן. פּאַקטיש די יסורים פון איוב. דער צדיק האָט צוליב דער קראַנקהייט ניט געקענט טראָגען קיין קליידער, פּלעגט ער ארומגעהן אין אַ פּאַפּירענעם כאַלאַט, מיט אַ פּאָר לייכטע פּאַנטאָפעל. דאָס האָט איהם אָבער ניט אָפּגעריסען אַ רגע פון זיין תורה און עבודה.

אַ חסידישע אגדה דערצעלט אַז איינמאָל האָט די קאַליפער געמיינ־דע געבראַכט דעם גרעסטען הויט ספּעציאַליסט פון אונגאַרן. באַטראַכ־טענדיג דעם פּאַציענט און זעהענדיג די מורא'דיגע עבודה מיט אַזויפיל התלהבות און שמחה, האָט דער דאָקטאָר זיך געווענדעט צו ר' אייזיקל'ען מיט אַט דער פראַגע:

„הייליגער מאַן, איך ווייס דאָך אַז אייערע יסורים זיינען מורא'דיגע, ממש צום אויסגעהן. זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי איז עס מעגליך אונ־טער אַזעלכע שרעקליכע שמערצען, צו לערנען, און דאַווענען מיט אַזויפיל שמחה?"

„פאַרשטעהט איהר, הערר דאָקטאָר"—האָט ר' אייזיקל געענטפערט מיט תמימות—„אונזערע הייליגע חכמים זאָגען, „יסורים ממרקים עוניותיו של אדם," שמערצען רייניגען די זינד פון מענש, און וואָס קען נאָך זיין אַ גרעסערע שמחה ווי דער באַוואוסטזיין אַז איהר פאַרלירט בכל רגע ורגע אייערע חטאים." ארויסזאָגענדיג דיזע ווערטער, איז ר' אייזיקל אריינגע־פאַלען אין אַ מורא'דיגע דבקות זינגענדיג אַ האַרצרייסענדע לידעל צו דער שכינה הקדושה. שווערע טראָפּען טרערען האָבען זיך געגאָסען פון דעם פאַרהאַרטעוועטען, פאַרגליווערטען דאָקטאָר'ס אויגען, זעהענדיג די דאָ־זיגע סצענע:—„דאָס איז ניט קיין בשר ודם"—האָט דער דאָקטאָר שפּע־טער געזאָגט צו ר' אייזיקל'ס מקורבים—„נאָר אַ מלאך אלקים."

קיין חסידישער רבי זינט דעם בעל שם טוב, האָט ניט געהאַט אַזעל־כע פייערדיגע, טריי איבערגעגעבענע חסידים ווי ר' אייזיקל קאַליווער.

קוים איז איינער געוואָרען ר׳ אייזיקל׳ס חסיד, איז ער געוואָרען אזוי צוגעקלעפּט צו דעם צדיק, אז ער האָט קיין אנדערען רבי׳ן מעהר ניט גע־קענט סובל זיין.

צווישען די באַרימטעסטע חסידים פון דעם הייליגען קאַליפער ווערען גערעכענט די צוויי ברידער ר׳ יוזעף און ר׳ מיכאל נאַגאשע׳ר,ביידע זיינען געווען גאָר גרויסע מענשען. גדולי התורה און אמת׳ע צדיקים. פון זיי ווערט דערצעלט וואונדערבאַרע מעשיות, פונקט ווי פון חסידישע רביים, כאָטש זיי זיינען געווען גאָר פּשוט׳ע חסידים. אנדערע באַרימטע חסידים פון ר׳ אייזיקל׳ען זיינען געווען, ר׳ מרדכלי טעראַצלער און ר׳ אהרן פּאַטי־קער. אמת׳ע הימעל מענשען. נאָך זייער רבי׳ן פּטירה האָבען אלע פיער באַשלאָסען זיך אַרויסצולאָזען אויף דער וועלט זוכען פאַר זיך א נייעם רבי׳ן.

צו יענער צייט האָט געלעבט דער גרויסער גאון ומקובל ר׳ הירשלי זידיטשובער, וועמען כמעט אַלע צדיקים האָבען אנערקענט אַלס דעם צדיק הדור. האָבען זיך די פיער באַרימטע קאַליפער חסידים געלאָזט קיין זידיטשוב.

אויסגעפינענדיג, אז די באַרימטע פיער חסידים זיינען צו איהם גע־קומען, האָט זיך ר׳ הירשלי שטאַרק משמח געווען. א קלייניגקייט אזעל־כע חסידים! ר׳ הירשלי האָט זיי שטאַרק מקרב געווען, בעטענדיג זיי אז זיי זאָלען בלייבען זיינע חסידים. זייענדיג א געוויסע צייט אין זידיטשוב זיינען זיי אַוועק ווייטער זוכען, דער גרויסער ר׳ הירשלי האָט אין זייער הארץ ניט געקענט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון זייער רבי׳ן ר׳ אייזיקל קאַליפער.

זיי זיינען דאַן געקומען קיין פּרעמישלאַן צו דעם גרויסען ר׳ מאיר פּרעמיסליאַנער.

ר׳ מאיר פּרעמישליאַנער דאַרף מען וויסען, איז געווען אנערקענט פון די גרעסטע צדיקים אַלס א ריינער בעל רוח הקודש. ממש „מגיד לאדם מה שיחו.‟ ער איז געווען דער זוהן פון דעם קדוש ר׳ אהרון ליב פּרעמישליאַנער און אַן אייניקעל פון דעם ערשטען ר׳ מאיר׳ל פּרעמיש־ליאַנער, דעם בעל שם׳ס א תלמיד מובהק. מיט זיין רוח הקודש און מיט זיין קדושה וטהרה, האָט דער לעצטער ר׳ מאירל פּשוט מרעיש עולמות געווען.

א חסידישע אגדה דערצעלט איי איינמאָל זיצענדיג שבת ביים טיש איז ר׳ מאיר געזעסען אין א אומגעדולדיגע דבקות, זאָגענדיג ווידער און אָבער: „רבונו שעל עולם, ווען וועט שוין נאַכט ווערען? ווען וועט שוין נאַכט ווערען, אז מאירל זאָל קענען פאַהרען.‟ קוים איז נאַכט געוואָרען,

האט ר׳ מאירל געהייסען זאפארט דינגען פערד און וואגען, און מיט־נעמענדיג עטליכע פון זיינע מקורבים, האט ער זיך געלאזט אין וועג אריין, ניט זאגענדיג קיינעם וואוהין ער פאהרט. זיינע באגלייטער זיינען דער־ווייל אנטשלאפען געווארען און זיינען אזוי געשלאפען ביז זיי האבען דערפיהלט אז דער וואגען האט זיך אפגעשטעלט.

ר׳ מאיר איז שנעל ארונטער פון וואגען, ער איז צוגעלאפען צו א ברונען, ער האט זיך טיף איינגעבויגען ארויסציהענדיג אן עמער אין וועל־כען עס איז געלעגען א קינד וועלכעס איז שוין געוועזען האלב טויט. ר׳ מאירל איז שנעל צו געלאפען צו א הויז, אויפגעוועקט די איינוואוינער און דערצאהלט דאס קינד ביים לעבען.

צוריקפאהרענדיג האט ר׳ מאירל געזאגט צו זיינע מקורבים:—„ווען מאירל וואלט געווען געוואהרט נאך אביסעל לענגער, וואלט דאס קינד געווען געשטארבען. מאירל האט דאריבער דערהאלטען א נפש ביים לע־בען „וכל המקיים נפש אחת מישראל כאלו קיים עולם מלא.“

אט אזעלכע מעשיות ווערען דערצעלט פון ר׳ מאירל פרעמישליאנער.

ר׳ מאיר׳ל האט זיך שטארק דערפרעהט ווען די פיער קאליווער חסידים זיינען צו איהם געקומען. ר׳ מאירל האט זיי געגעבען א ברייטען שלום עליכם, ווענדענדיג זיך צו דעם יונגסטען פון זיי (ר׳ אהרן פאטיקער) מיט די ווערטער:—„יונגער מאן דו האסט פארלארען טלית און תפילין, גאה שנעל דארט איבער׳ן וועג, געה ארויף אויפ׳ן בארג, דארט וועסטו באגעגענען אן ערל, וואס האט דעם טלית ותפילין געפונען. דער ערל וועט בעטען א צוואנציגער אויסלייז געלד, און דו יונגערמאן האסט דאך ניט קיין צוואנציגער, גיב איך דיר א צוואנציגער זאלסט אויסלייזען דיין טלית ותפילין.“

און אזוי איז עס געווען. עס האט ניט גענומען לאנג און ר׳ אהרן פאטיקער איז צוריקגעקומען מיט זיין טלית ותפילין.

די פיער קאליוועער חסידים זיינען געבליבען נבהל ונשתומם.—א ריינער רוח הקודש.

די פיער חסידים זיינען געבליבען אין פרעמישליאן א לענגערע צייט, אבער אויך דא האבען זיי ניט געפונען דעם ממלא מקומו פון זייער גרוי־סען רבי׳ן דער הייליגער קאליפער.

פון פרעמישליאן זיינען זיי אוועק קיין ראפשיץ, צום בארימטען צדיק, דער רבי ר׳ נפתלי הורוויץ. זייענדיג שבת אין ראפשיץ האבען זיי באשלאסען צו בלייבען ראפשפיצער חסידים. זונטאג האבען זיי אלעם דרעצעלט דעם ראפשיצער צדיק. ענדיגענדיג מיט די ווערטער: „רבי,

מיר זיינען אייך מקבל פאר אונזער רבי'ן, אבער ביז משיח וועט קומען. ווען משיח וועט קומען וועלען מיר צוריקגעהן צו אונזער רבי'ן, ר' אייזיקל קאליווער."

סאנזער חסידים דערצעלען אז נאך ר' אייזיקל'ס פטירה, האט די אידישע געמיינדע פון קאליף געזוכט א ממלא מקומו, ווער עס זאל פארנעמען די שטול פון זייער גרויסען רב. נאך עטליכע אסיפות איז געבליבען אז דער סאנזער צדיק, ר' חיים האלבערשטאם איז דער איינציגער וואס איז ראוי צו פארנעמען דעם קאליווער'ס רבנות.

קריגענדיג דעם כתב רבנות פון קאליף איז דער סאנזער צדיק וועלכער איז נאך געווען גאנץ יונג, אריינגעפאלען אין א התלהבות פון שמחה. א קלייניגקייט, דעם הייליגען קאליפער'ס ממלא מקומו! ער האט אבער דאס רבנות דאך נים אנגענומען. ענטפערענדיג, אז קומענדיג קיין קאליוו וועט ער געבען זיין תשובה.

אנקומענדיג אין קאליף, איז דער סאנזער זאפארט ארוים אויף דעם בית עולם. ער איז אריין אין דעם אוהל פון קאליווער קדוש, און איז געבליבען אין אוהל איינער אליין א געוויסע צייט. ווען ער איז פון אוהל ארויסגעקומען איז א פחד געפאלען אויף אלע אנוועזענדע. ער האט אויסגעזעהן ממש ווי א מלאך אלקים. ער האט צוגערופען די קאליווער בעלי בתים, זאגענדיג צו זיי: „רבותי! יישר כחכם פאר אייער כתב רבנות. איך קען אבער די שטעלע דערוייל נישט אננעמען. איך בין נאך נישט ראוי צו זיצען אויף דער שטול פון הייליגען ר' אייזיקל'ען.

* * *

ר' אייזיקל קאליפער איז נפטר געווארען ז' אדר אין יאהר תקפ"א. און אט איז דער נוסח פון זיין מצבה:

פ. נ.

אדונינו מורנו אב"ד דגליל סאבאלטש, אשר שפט את ישראל ארבעים שנה ולמד עת העם בצדק. ויחי יצחק אייזיק בן רייזל, בן משה יחזקאל זלה"ה, שבעים שנה. ויהי כי זקן יצחק, ויגוע ש"ק בעת רצון, עת צאת הכוכבים, ויאסף על עמיו, אל מערת קברו אשר לו, יום א' ז' אדר, שנת תקפ"א לפ"ק. והיה יכול ללמוד על הדף והיה עהרליכער יהודי זי"ע.

תנצב"ה

דאס איז געווען די צוואה פון דעם קדוש, נים אויפצושרייבען אויף

זיין מצבה קיין אַנדערע שבחים, נאָר „והיה יכול ללמוד על הדף והיה עהרליכער יהודי."

עס איז הונדערט און זיבען יאָהר זינט דער קאַליפּער קדוש איז נפטר געוואָרען, זיין נאָמען און אַנדענקען איז פאַרהייליגט ביים אונגאַרישען יודענטום פונקט ווי אין דעם טאָג וואָס ער איז נפטר געוואָרען.

---

# דער אוהעלער צדיק ר' משה טייטעלבוים, ז"ל

## קאַפּיטעל 1

ער איז געווען אַנערקענט פון אַלע גדולי ישראל אַלס אַ גאון עולם. ער איז געווען אַנערקענט פון אַלע צדיקים פון דור אַלס אַ קדוש וטהור. ער האָט געגעבען קמיעות פונקט ווי דער רבי ר' יונתן פון פּראָג, אָבער וועהרענט דער רבי ר' יונתן האָט צוליב די קמיעות געליטען מורא'דיגע רדיפות האָט אויף איהם כמעט קיינער ניט געקריגט. הגם ער איז שיעור אריינגעפאַלען אין אַן אומגליק צוליב די קמיעות, ווי עס וועט דערצעלט ווערען אין אַ ווייטערען קאַפּיטעל. קיין גוטער איד בעפאָר איהם האָט ניט איבערגעלאָזט דורות און דורי דורות מיט אַזויפיל גאונים און צדיקים ווי ער. זאָגאַר אַזאַ מתנגדישער גאון ווי דער „חתם סופר" (ר' משה סופר פון פּרעסבורג), דער רב רבנן פון אונגאַרן, פלעגט צו איהם שיקען ער זאָל מתפלל זיין פאַר איהם (דעם חתם סופר) און פאַר זיינע בני בית. עס איז 87 יאָהר זינט ער איז נפטר געוואָרען, און ביז דעם היינטיגען טאָג קומען אויף זיין יאָהר צייט וועלכער פאַלט אויס 28 טעג אין תמוז, טויזענדער חסידים און זיינען מתפלל אויף זיין קבר מיט אַזויפיל אמונה און יראת הרוממות, פונקט ווי ער וואָלט געלעבט.

דאָס איז געווען ר' משה טייטעלבוים פון אוהעל, אונגאַרן, איינער פון די גרעסטע גוטע אידען פון בעש"ט'ס (בעל שם טוב) חדר, און איינער פון די גרעסטע גאונים אין יודענטום.

שוין אַלס יונגער איינגעל האָט ר' משה טייטעלבוים (געבוירען אין 1759 אין פּרעמישלא, געשטאָרבען אין 1841 אין אוהעל) מרעיש עולמות געווען מיט זיין תורה. ער איז געווען אַן אמת'ער עילוי שבעילוים. אַ חסידישע אגדה דערצעלט אַז זיין פאָטער ר' הירש פּרעמישלער, אַ סוחר אָבער אויך אַ גדול בתורה, איז אַמאָל געווען שבת אין בראָד, געהענדיג אין שוהל, האָט ער אויסגעפונען אַז דער גרויסער רבי ר' מיכלי פון זלאָטשוב, דער גרעסטער גוטער איד אין גאַליציע אין יענער צייט, גע־

פינט זיך דעם זעלביגען שבת אין בראָד. ר׳ הירש, הגם א שטיק מתנגד, האָט דאָך באשלאָסען צו געהן צום רבי׳ן ר׳ מיכלי צו שלש סעודות. „די גאנצע חסידישע וועלט איז פאר איהם, פאר דעם רבי׳ן ר׳ מיכלי׳ן באַ־גייסטערט״—האָט זיך ר׳ הירש געטראַכט—„לאָמיך איהם ווענינגסטענס קענען.״

אומר ועשה. שבת נאָך מנחה, האָט זיך ר׳ הירש געלאָזט געהן צום רבי׳ן ר׳ מיכלי. געהענדיג איז ר׳ הירש׳ן דורכגעפלויגען א מחשבה: „אָט אזוי זיינען מיר שוין, מענשען. קיינמאָל ניט צופרידען. איך האָב ברוך השם א אינגעלע וואָס איז אַן עילוי שבעילוים, און דאָך בין איך ניט צו־פרידען. וואָס איז? איך וואָלט געוואָלט אויך רייכטימער.״ טראַכטענ־דיג אזוי איז ר׳ הירש אריינגעקומען אין בית המדרש וואו דער רבי ר׳ מיכלי האָט געפראַוועט שלש סעודות.

ר׳ הירש איז שטארק נתפעל געוואָרען פון רבי׳ן ר׳ מיכלי׳ס עבודה. ער איז כמעט דאָס ערשטע מאָל געוועזען אין אזא הייליגער סביבה. דער רבי ר׳ מיכלי האָט אָנגעפאַנגען זאָגען תורה ממש דזין דרזין. פלוצלונג האָט זיך ר׳ מיכלי אויפגעשטעלט אויסשרייענדיג: „עס זיינען פאראַן מענשען וואָס זיינען קיינמאָל ניט צופרידען. ניט גענוג וואָס גאָט האָט זיי געבענשט מיט א קינד וואָס וועט פאַרלייכטען די וועלט מיט זיין גאונות און קדושה וטהרה, ווילען זיי אויך עשירות.״ ר׳ הירש איז גע־בליבען שטעהן ווי פאַרגליווערט. ער האָט דערפיהלט אז דער רבי ר׳ מיכלי האָט געכאַפּט זיין מחשבה. ר׳ הירש האָט טאַקע באותו מעמד באַ־שלאָסען צוריק אהיים צו פאָהרען, און זיך אומקוקען אויף זיין אינגעלע דעם עילוי, מעהר ווי אויף זיינע געשעפטען.

אהיימקומענדיג האָט ר׳ הירש באַלד אוועקגעפיהרט זיין משה׳לע צו דעם בארימטען גאון ר׳ יוסף, קאָלבוסאָפער רב, וועלכער איז געוועזען ר׳ הירש׳ס א שוואָגער. דאָרט אין קאָלבוסאָף האָט זיך ערשט רעכט ארויסגעוויזען די וואונדערבאַרע פעהיגקייטען פון דעם יונגען משה׳לע. עס איז געוועזען ממש „אין שכחה לפניו.״ וואָס עס איז אריין אין זיין יונגען מח האָט ער מעהר קיינמאָל ניט פאַרגעסען. שפּעטער איז משה׳לע אוועק לערנען צו דעם קאָלבוסאָפער רב׳ס זוהן, דער בארימטער גאון ומקובל ר. אריה ליב הלוי, סטריזאָווער רב, דער מחבר פון דעם ספר „דרישת ארי״ אויף דעם אבן העזר, איינער פון די גרסעטע גאונים אין גאליציע. און אָט פון דיזען גאון איז ר׳ משה טייטעלבוים ארויס, צו ווערען דאָס וואָס ער איז שפּעטער געוואָרען. א גאון און א קדוש וטהור.

אין זיין הסכמה אויף דעם ספר „שאלות ותשובות השיב משה״ פון ר׳ משה טייטעלבוים, שרייבט דער ראש הגולה פון גאליציען ר׳ יוסף

שאול נאַטענזאָהן, לעמבערגער רב, וועגען ר' משה טייטעלבוים בזה הלשון:

„אבותינו ספרו לנו אשר בעת היה פה בגאַליציען היה בקי בע"פ ערך שמנה מאות עלים מש"ס. הוא היה תלמיד הגאון הקדוש בעהמ"ח ספר „דרישת ארי", וכפי הראות, ממנו למד נגלה ונסתר. ומשה קבל תורה וקבלה מעשיות מהגאון הצדיק הלז. ונוראות שמעתי עליו בעת היותו באוהעל. שמו הטוב הולך וגדול ונהרו אליו רבים וכן שלמים לשמוע תורה מפיפו."

אידיש:

„אונזערע עלטערן האָבען אונז דערצעלט אַז בעת ער (ר' משה טייטעלבוים) איז געווען דאָ אין גאַליציע, איז ער געווען בקי אין אַכט הונדערט בלאַט גמרא, פון אויסוועניג. ער איז געווען אַ תלמיד פון דעם גאון וקדוש דער מחבר פון דעם ספר „דרישת ארי", און ווי עס זעהט אויס, האָט ער, (ר' משה ט"ב) געלערענט אָט פון דעם רבי'ן נגלה (אָפענבאַרע לעהרע( און נסתר (געהיימע לעהרע—קבלה.) איך האָב וועגען ר' משה טייטעלבוים געהערט וואונדערבאַרע זאַכען בעת ער איז געווען אין אוהעל. זיין גוטער נאָמען האָט געשטיגען אַל גרעסער און גרעסער און צו איהם זיינען געקומען מאַסען מענשען וצ הערען זיין תורה."

אזוי שרייבט אויף ר' משה טייטעלבוים, דער מתנגדישער גאון און רבן של כל בני הגולה פון גאַליציע, ר' יוסף שאול נאַטענזאָהן.

און מערקווירדיג, דער ראָזינער רבי פון צענדליגע טויזענדער חסידים, וואָס האָט ממש מרעיש עולם געווען מיט זיין חסידות, איז אין זיינע אינגערע יאָהרען געווען אַ פאַרביסענער מתנגד. צו ער האָט געוואוסט פון דער ערפאַהרונג וואָס זיין פאָטער ר' הירש האָט געהאַט ביים רבי'ן ר' מיכלי צו נישט, ער האָט ניט געוואָלט הערען און געדענקען פון גוטע אידען.

ר' משה טייטעלבוים'ס ערשטע רבנות איז געווען אין שינאָווע. אַ שטאָדט אין מיטעל גאַליציע. בעפאָר איהם, איז געווען רב אין שינאָווע דער רבי ר' שמעלקא, וועלכער האָט געשטורעמט די וועלט מיט זיין גאונות סאי אין נגלה סאי אין נסתר. ווען דער רבי ר' שמעלקא איז אויפגענומען געוואָרען אין ניקעלסבורג אַלס לאַנדעס רב, פון מעהרען, האָט שינאָווע ערוועהלט אַלס דעם רבי'ן ר' שמעלקא'ס ממלא מקומו, ר' משה טייטעלבוים. הגם ר' משה ט"ב איז דאַן אַלט געווען ניט מעהר ווי 24 יאָהר. דאָס באַווייזט ווי גרויס ר' משה טייטעלבוים איז שוין דאַן געווען.

אַ חסידישע אגדה דערצעלט אַז דער רבי ר' אלימלך פון לעזענסק

(לעזענסק איז דריי מייל אוועק פון שינאווע) האט שטארק משתוקק גע־ווען זיך צו באקענען מיט דעם נייעם שינאווער רב, ר' משה טייטעלבוים. „דער יונגער שינאווער רב"—האט דער רבי ר' אלימלך געזאגט צו זיינע מקורבים—„האט א גאר גרויסע נשמה. אבער גאר, גאר גרויס. איך וואלט שטארק איהם געוואלט זעהן און מיט איהם רעדען." די מקורבים האבען אנגעווענדעט אלעס מעגליכע אז ר' משה טייטעלבוים זאל קומען קיין לעזענסק צום רבי'ן רבי מלך. עס האט אבער גאר ניט געהאלפען ר' משה טייטעלבוים האט ניט געוואלט הערען און דענקען וועגען פאהרען צום רבי'ן ר' מלך, אדער צו אן אנדערען רבי'ן.

איידער איך געה ווייטער מיט דער געשיכטע פון ר' משה טייטעל־בוים, איז וויכטיג זיך אביסעל צו בקאנענען מיט דער געשיכטע פון דעם דאזיגען מערקווירדיגען צדיק, דער רבי ר' מלך, וועלכער איז געווארען נאך דער פטירה פון רבי'ן ר' בער מעזריטשער דער גרעסטער גוטער איד פון דור.

דער רבי ר' מלך איז געבוירען געווארען אין א דארף ביי א רייכען פאטער, ר' אלעזר האט מען איהם גערופען. ר' מלך איז געווען איינער פון 7 ברידער. פינף פון די ברידער האבען זיך גענומען צו מסחר, נאר ער, דער רבי ר' מלך און זיין אינגערער ברודער דער רבי ר' זוסיא האבען זיך איבערגעגעבען ניט צו עולם המעשה, נאר צום עולם האצילות, צו העכערע וועלטען און העכערע אידעאלען.

צו ערשט האבען ביידע געלערענט נגלה. ביידע זיינען געווארען גרויסע לומדים. דער רבי ר' מלך נאך מעהר ווי זיין אינגערער ברודער דער רבי ר' זוסיא. שפעטער האבען זיך ביידע פארטיפט אין דער קבלה. הויפזעכטליך אין קבלה פון האר"י הקדוש (ר' יצחק לוריא ז"ל.) און ניט בלויז געלערענט די קבלה פון האר"י הקדוש האבען זיי, נאר זיי זיינען טאקע געגאנגען אין דער שיטה פון האר"י הקדוש, וועלכע מיינט תעניתים, סגופים און ניט נהנה זיין פון דער וועלט כחוט השערה. חסידישע ספרים זאגען אז דעם האר"י הקדוש'ס שיטה איז נכלל (איינגעוויקעלט) אין דעםווארט „תשובה" וועמעס איינצעלנע בוכשטאבען זיינען —ת'ענית, ש'ק ו'אפר, ב"ביה ה'ספד. זאגט טאקע ר' חיים וויטאל, דער תלמיד מובהק פון אר"י הקדוש, אז אמת'ע תשובה מיינט: פרק, אפשיידען זיך פון פלייש און וויין א גאנצע וואך, וועניג צו רעדען, כדי ניט ארויסצוברייננגען פון זיין מויל אן איבריג ווארט. פאסטען יעדע וואך א תענית הפסקה פון צוויי טעג און צוויי נעכט כסדר. אויף זיך מקבל זיין, בעפאר מען לייגט זיך שלאפען דעם דין פון אדבע מיתות בית דין, סקילה, שרפה, הרג וחנק. דאס ברויט וואס מען עסט, זאל זיין באשאטען מיט אש, און מען דארף

ניט אויפהערען צו וויינען אויף די חטאים. דאָס איז די אמת'ע תשובה.

און אזוי האָבען זיך די צוויי ברידער, דער רבי ר' מלך און דער רבי ר' זוסיא טאַקע געפיהרט.

א חסידישע אגדה דערצעלט אז דער רבי ר' מלך פלעגט ארויסגעהן אין וואלד, זיך אויסטאָן נאַקעט, און זיך לייגען צווישען די בוימער וואָס זיינען געווען פול מיט ווערים, וועלכע פלעגען איהם עסען לעבעדיגערהייט. דערפון איז ער אזוי אויסגעמאַטערט געוואָרען, ממש הויט און ביינער, אזוי אז אפילו די ווערים האָבען זיך שוין צו איהם ניט צוגעריהרט. זע־הענדיג אז די ווערים קומען מעהר ניט, האָט דער צדיק ארויסגעלאָזט א געוויין, אויסשרייענדיג:—„מלך, מלך, דיינע חטאים זיינען אזוי גרויס, אז דו ביזט שוין ניט ראוי אפילו פאַר ווערים.“

און כדי ניט נהנה צו זיין פון זייער פאָטער'ס עשירות, האָבען זיךביידע, דער רבי ר' מלך און דער רבי ר' זוסיא ארויסגעלאָזט אַפּריכטען גלות. זיי זיינען געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט און פון דאָרף צו דאָרף. פלעגען ליידען הונגער און אָפט אויך כאַפּען קלעפּ פון די ווילדע שקצים אין די דערפער. אזוי האָבען זיי אָפּגעריכט גלות א יאָהר צייט, ביז זיי זיינען געקומען קיין מעזריטש צום רבי'ן ר' בער, דער ממלא מקומו פון בעל שם הקדוש. ביידע זיינען געבליבען דעם רבי'ן ר' בער'ס פייער־דיגע חסידים.

נאָך דעם רבי'ן ר' בער'ס פּטירה, איז דער רבי ר' מלך געוואָרען דער גרעסטער רבי אין גאַליציע. ער האָט זיך באַזעצט אין לעזענסק, און האָט ממש מרעיש עולמות געווען מיט זיין עבודה און קדושה וטהרה. צווישען דעם רבי'ן ר' מלך'ס תלמידים ווערען גערעכענט אזעלכע גאונים און צדיקים ווי דער גרויסער קאָזיניצער מגיד (ר' ישראל ב"ר שבתי), דער אַפּטער צדיק (ר' אברהם יהושע העשל), דער רבי ר' מענדעלי פון פּריסטיק, שפּעטער פון רימונאָוו, דער „חוזה“, דער רבי ר' נפתלי פון ראָפּשיץ. קורץ, אַלע גאַליציאַנער צדיקים. דאָס האָט אָבער גאָר ניט געווירקט אויף דעם יונגען שינאַווער רב, ר' משה טטייטעלבוים. אַלע מיטלען איהם צו באַוועגען אריינצופאָהרען קיין לעזענסק צו דעם אַלטען צדיק, דער רבי ר' מלך, האָט ניט געהאָלפען. ער איז געבליבען איינגע־עקשנ'ט:—ער פאָהרט ניט צו קיין רבי'ן.

---

## קאַפּיטעל 2

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען האָט דער רבי ר' מלך שטאַרק משתוקק געווען (געגלוסט) זיך צו באַקענען מעט דעם יונגען שינאַווער

גאון ר׳ משה טייטעלבוים, אָבער זייענדיג אַ פאַרביסענער מתנגד האָט ר׳ משה בשום אופן ניט געוואָלט צוזאַמענקומען זיך מיט דעם אַלטען צדיק. איינזעהענדיג אַז דער רבי ר׳ מלך איז זיך שטאַרק מצער פאַרוואָס דער יונגער גאון וויל צו איהם ניט קומען, זיינען חסידים געפאַלען אויף אַן המצאה ביידען צוזאַמענצוברענגען.

די מעשה איז געווען אַזוי:

אין אַ דאָרף צווישען ליזענסק און שינאַווע האָט אַ איד געמאַכט אַ ברית מילה, מכבד זייענדיג דעם רבי'ן ר׳ מלך מיט סנדקאות, סנדק, דאַרף מען וויסען, איז על פי קבלה אַ גאָר גרויסער ענין. דער סנדק דאָס איז דער שליח פון אליהו מלאך הברית, און דאָס איז דער ענין פון מזבח, אויף וועמעס שויס דער מוהל איז מקטיר קטרת לשמים. האָבען טאַקע אַלע צדיקים שטאַרק געהאַלטען פון דער מצוה סנדקאות, און כאָטש דער רבי ר׳ מלך איז שוין דאַן געווען אַלט און שוואַך, האָט ער די סנדקאות דאָך אָנגענומען.

אויסגעפינענדיג פון דעם ענין, זיינען חסידים געפאַלען אויף אַן המצאה, אַז איצט איז אַ שעת הכושר, צוזאַמענצוברענגען ביידע גדולי ישראל. זיי האָבען געבעטען דעם בעל ברית, אַז ער זאָל מכבד זיין אויך דעם שינאַווער רב מיט אַ מצוה, האָפענדיג אַז דער יונגער גאון ר׳ משה טייטעלבוים וועלכער איז געווען אַ גרויסער מדקדק במצות, וועט זיך ניט אָנטזאָגען פון אַ מצוה, און אַזוי אַרום וועלען זיך ביידע, דער אַלטער צדיק און דער יונגער גאון צוזאַמענקומען.

וכך הוה, ר׳ משה טייטעלבוים האָט די מצוה אָנגענומען.

איז דאָך אָבער דאָ אַ שטן וואָס מישט זיך אומעטום וואו עס דאַרף דורכגעפיהרט ווערען אַ גרויסער ענין, האָט זיך דער שטן אויך דאָ אַריינגעמישט.

פאָהרענדיג צום ברית, איז ר׳ משה'ן אַקעגען געקומען אַ שינאַווער בעל הבית, אויך אַ פאַרביסענער מתנגד, און אויסגעפינענדיג אַז זיין רב פאָהרט אויף דעם ברית וואו דער רבי ר׳ מלך וועט זיין סנדק, האָט זיך דער בעל הבית געשטעלט אין וועג, ניט לאָזענדיג ר׳ משה'ן בשום אופן ווייטער פאָהרען. „דאָס איז אַ פאַרפיהרעניש“—האָט דער בעל הבית געטענה'ט מיט דעם יונגען רב—„מען וויל אייך דאָ מאַכען פאַר אַ חסיד, און איהר רבי טאָרט זיך ניט לאָזען פאַרפיהרען.“ רבי משה'ס טענות אַז ער פאָהרט ניט צום רבי'ן, נאָר צום ברית, מקיים זיין אַ מצוה, האָבען גאָר ניט געהאָלפען. דער בעל הבית האָט אַזוי לאַנג מפציר געווען אַז ר׳ משה זאָל צוריקפאָהרען ביז דער יונגער רב האָט זיך געלאָזט איבערערעדען.

ער האָט געהייסען אויסדרעהען דעם דישעל און צוריקפאָהרען קיין שינאווע.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער, איז דער רבי ר׳ מלך נסתלק געוואָרען.

אויף זיין עלטער, ווען ער איז שוין געווען אַ רבי פון צענדליגע טויזענדער חסידים, פלעגט ר׳ משה טייטעבוים זאָגען אַז ער איז מתחרט אויף דריי זאַכען. ערשטענס וואָס ער האָט זיך געלאָזט אָפּרעדען ניט צו פאָהרען אויף דעם ברית מילה, וועלכעס האָט פון איהם אוועקגערויבט די זכיה זיך צו באַקענען מיט דעם רבי׳ן ר׳ מלך. די צווייטע זאַך אויף וועלכען ער איז מתחרט, פאַרוואָס ער האָט ניט געוואָלט לערנען סתרי תורה פון „רזא מהימנא“, און די דריטע זאַך האָט ער ניט געוואָלט מתגלה זיין.

די געשיכטע וועגען „רזא מהימנא“ איז באמת אַ וואונדערבאַרע, זי דערצעלט זיך אזוי:

אין זורוויטץ, אַ קליין שטעדטעל אַ האַלבע מייל אוועק פון פּרע־מיסלא, איז געווען אַ שוחט מיט׳ן נאָמען ר׳ יצחק אייזיק, מיט וועלכען די בעלי בתים פון שטעדטעל זיינען געווען זעהר אומצופרידען. דער דאָזיגער ר׳ אייזיק שוחט פלעגט זעלטען ווען מיט עמיצען רעדען. על פּי רוב פלעגט ער זיצען פאַרשלאָסען אין זיין וואוינונג איינער אַליין, און האָט זיך בכלל אויפגעפיהרט ווי אַ חסר דעה.

די קצבים פון שטעדטעל האָבען פון איהם געהאַט גאַר גרויסע צרות. יעדעס מאָל ווען ער האָט געדאַרפט שעכטען אַ בהמה, אָדער אפילו אַן עוף, פלעגט ער זיך שטעלען אין אַ ווינקעלע און וויינען מיט ביטערע טרערען. אַ פּשוט׳ער משוגענער. די בייזע קצבים פלעגען זיך האַלטען ביי די זייטען פאַר געלעכטער און אַמאָל פלעגען זיי איהם אויך מכבד זיין מיט נאַסע האַנטיכער. ר׳ אייזיק שוחט, האָט זיך אָבער גאָר ניט וויסענדיג געמאַכט. ער האָט זיך געטאָן דאָס זייניגע. די בעלי בתים פון שטעדטעל, מיד ווערענדיג פון אַזאַ משוגענע אויפפיהרעכץ, האָבען אַריינגעשלעפּט דעם שוחט קיין פּרעמיסלאַ צום רב. דער רב האָט דעם שוחט שטאַרק אויסגעמוסר׳ט, ער האָט דעם שוחט אָנגעזאָגט אַז אויב ער וועט זיך ניט פיהרען ווי אַלע מענשען, וועט זיין פאַר איהם שלעכט. מעביר זיין דעם שוחט האָט אָבער דער רב ניט געקענט. דער חלף איז געווען אַ גוטער. דינים פון שחיטה האָט ער געקענט, און וואָס קען מען איהם טאָן.

צו יענער צייט האָט ר׳ משה טייטעלבוים חתונה געהאַט מיט אַ אַ גביר׳ס אַ טאָכטער פון פּרעמיסלא. דער נאָמען פון דעם יונגען איי־

דעמעל, ר׳ משה, האָט געקלונגען ווייט און ברייט. אַלע האָבען געוואוסט אַז ער איז אַן עילוי שבעילוים. כמעט אַ גאון, און האָבען פאַר איהם גע־האַט גרויס דרך ארץ.

איינמאָל, זיצענדיג אין זיין חדר פאַרטיפט אין לערנען, איז אַריינ־געקומען צו דעם יונגען ר׳ משה אַ איד, אָרעם געקליידעט, וועמען ר׳ משה האָט אָנגענומען אַלס בעטלער. דאָס ווילדע אויסזעהן פון דעם בעטלער האָט געוואָרפען אַ פּחד אויף דעם יונגען עילוי. ער האָט זיך דערשראָקען צו האָט ער דאָ ניט צו טאָן מיט אַ משוגענעם. אויף דער פראַגע, וואָס ער וויל, האָט דער בעטלער געענטפערט קורץ:

„הערט זיך צו ר׳ משה. איהר זייט אַ למדן גדול בנגלה, גמרא, תוספות, און פוסקים, דאָס איז זעהר גוט, איהר דאַרפט אָבער אָנהויבען לערנען אויך סתרי תורה, קבלה.“

ר׳ משה האָט זיך נאָך מעהר דערשראָקען. וואָס פאַר אַ מין אָנ־שיקעניש איז דאָס, איז ר׳ משה׳ן דורכגעלאָפען אַ מחשבה? ביי ר׳ משה׳ן איז עס איצט געווען אַ זיכערהייט, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ גע־פעהרליכען משוגענעם. דער בעטלער האָט געכאַפּט ר׳ משה׳ס מחשבה, און רעדענדיג שוין אַביסעל ווייכער האָט ער זיך געווענדעט צו ר׳ משה׳ן מיט די ווערטער:—„ר׳ משה איך בין ניט קיין משוגענער, איהר, ר׳ משה האָט אַ גרויסע נשמה, איהר דאַרפט לערנען סתרי תורה, און איך וועל מיט אייך די דאָזיגע תורה לערנען.“ איצט איז שוין ר׳ משה געווען זיכער אַז דער איד איז אַ גוטער משוגענער. הערסטו! עפּעס אַ בעטלער איז געקומען לערנען מיט איהם, מיט דער גרעסטען עילוי אין גאַליציען, סתרי תורה, אַ שעהנע געשיכטע! אָבער כדי דעם בעטלער ניט מבייש צו זיין, האָט איהם ר׳ משה פאַרזיכערט אַז ער איז נאָך ניט גרייט צו סתרי תורה. דער בעטלער האָט גערעדט נאָך עטליכע ווערטער און איז אַוועק ברוגזדיג. מעהר האָט איהם ר׳ משה ניט געזעהן.

עס זיינען פאַראיבער עטליכע יאָהר צייט. ר׳ משה טייטעלבוים האָט שוין לאַנג פאַרגעסען די מעשה מיט דעם בעטלער, און זיך געזעסען און געלערענט ווי זיין שטייגער.

איינמאָל גאַנץ פריה, דער יונגער ר׳ משה האָט זיך נאָר וואָס אויפגע־הויבען פון שלאָף, ווען די שמשים פון שאָדט האָבען זיך פּלוצלונג אַריינ־געריסען אין זיין צימער אויפגערעגט און דערשראָקען. אויף דער פראַגע פון ר׳ משה׳ן, וואָס האָט אַזוינס פּאַסירט, האָבען איהם די שמשים דער־צעלט אָט די דאָזיגע מעשה נורא:

נעכטען אָוועגד איז צו זיי געקומען אַ שליח מיוחד פון זורוויטץ, אַז דער שוחט ר׳ אייזיק האַלט ביים שטאַרבען און בעט אַז די שמשים

זאָלען צו איהם קומען תיכף ומיד, בכן ער וויל פאַר זיי מגלה זיין, קודם פטירתו, אַ שטאַרקען סוד. די שמשים, פרומע אידען, זיינען זאָפאָרט געלאָפען קיין זורוויטץ. קומענדיג אין הויז פון דעם קראַנקען, האָבען זיי געטראָפען ר' אייזיק'ן זיצען ביים טיש און זיין פנים האָט געלויכטען ממש ווי אַ מלאך אלקים. זיי האָבען ר' אייזיק'ן געקענט פאַר אַ שטיק משו־גענעם און זעהענדיג איהם איצט, ווי די שכינה רוהט ממש אויף זיין פנים, האָבען זיי זיך דערשראָקען פשוט צו אַנידערפאַלען.

„שרעקט זיך ניט"—האָט צו זיי ר' אייזיק געזאָגט—„זיצט זיך אַני־דער און איך וועל פאַר אייך זאָגען מיין צוואה."

די שמשים האָבען געפאָלגט.

„דאָ"—האָט ר' אייזיק צו זיי געזאָגט, ווייזענדיג אויף אַ קעסטעל, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן טיש—„ליגען מיינע כתבים, וואָס איך האָב געשריבען כל ימי חיי. באַלד וועל איך אַוועק צום בורא עולם, און איך וויל פון אייך, אַז איהר זאָלט זאָפאָרט נאָך מיין פטירה, געהן צו דעם יונגען גאון ר' משה טייטעלבוים און איהם זאָגען בשמי (אין מיין נאָמען) ער זאָל זאָפאָרט צוזאַמענרופען אַזויפיל שרייבער וויפיל נאָר מעגליך, און מעתיק זיין (איבערשרייבען) די אַלע כתבים, וואָס ער וועט געפינען אָט אין דעם קעסטעל, און שפּעטער זיי אָפּדרוקען. די כתבים גופא זאָל מען מיר מיטגעבען אין קבר." ענדיגענדיג די דאָזיגע ווערטער, האָט ר' אייזיק גענומען אַ ביסעל שטרוי, וואָס ער האָט שוין געהאַט אָנגעגרייט פון פרי־הער, האָט דאָס ביסעל שטרוי אויסגעשפּרייט אויף דער ערד, זיך אַנידער־געלעגט אויף די שטרוי, אויסגעצויגען הענד און פיס, און נפטר געוואָרען.

דער יונגער גאון, ר' משה טייטעלבוים, איז די גאַנצע צייט געזעסען ציטערענדיג הענד און פיס, ער האָט זיך דערמאָנט די מעשה מיט דעם „בעטלער" וואָס איז געקומען מיט איהם לערנען סתרי תורה. ער איז איצט געווען זיכער אַז יענער בעטלער איז דאָס געווען ר' אייזיק שוחט, און ער האָט שטאַרק מתחרט געווען פאַרוואָס ער האָט יענעם „בעטלער" באַהאַנדעלט מיט אַזאַ גרינגשעצונג.

ר' משה איז ענדליך צו זיך געקומען. ער האָט איינגעזעהן אַז מען טאָר ניט צעגערען אַ מינוט. ער האָט שנעל, דורך שלוחים, צוזאַמענגע־רופען אַזויפיל שרייבער וויפיל נאָר מעגליך געווען און מיט זיי אַרויס קיין זורוויטץ, מעתיק צו זיין די כתבים.

עפענענדיג דאָס קעסטעל מיט די כתבים, איז ר' משה נבהל ומש־תומם געוואָרען. פאַר זיינע אויגען האָט אַ גלאַנץ געגעבען אַן אור גדול (אַ גרויס ליכט) ממש רזין דרזין. און וואָס מעהר ער האָט געבלעטערט

אין די כתבים, אַלץ גרעסער האָט געוואַקסען זיין התפעלות. „דער איד איז דאָך געווען אַ צווייטער האר"י הקדוש"—איז ר' משה'ן דורכגעלאָפען אַ מחשבה. און ניט נאָר אין נסתר, נאָר אויך אין נגלה. ער האָט דער־זעהן אַז דער ר' אייזיק שוחט, וועמען אַלע האָבען געהאַלטען פאַר אַ שטיק משוגענעם, און וועמען ער אַליין, ר' משה, האָט אַמאָל אָפּגעפטר'ט מיט אַזאַ לייכטיגקייט, איז געווען אַ גאון עולם.

שווערע, הייסע טרערען האָבען גערונען פון דעם יונגען גאון'ס אוי־גען. פאַרוואָס האָט ער ניט גערעדט מיט דעם בעטלער, ווען ער איז גע־קומען מיט אַ פאָרשלאָג צו לערנען מיט איהם סתרי תורה? פאַרוואָס האָט ער, דעם „בעטלער" אוועקגעשיקט מיט אַזאַ לייכטזיניגקייט?

אונטערדעסען האָבען פרעמיסלער אידען געוואָר געוואָרען פון דער גאַנצער געשיכטע, און עס האָט אויסגעבראָכען אַ געוויין, ווי אויף חורבן בית המקדש. אַ קליינינקייט, געהאַט ביי זיך אַזאַ קדוש, און קיינער האָט פון איהם ניט געוואוסט. די לויה איז געווען אין דעם זעלביגען טאָג, און אַלע פרעמיסלער רבנים און נאַטירליך אויך דער יונגער גאון ר' משה טייטעלבוים, האָבען דעם באַהאַלטענעם קדוש מספיד געווען כהלכה. די אָריגינעלע כתבים האָט מען מיטגעגעבען דעם קדוש אין קבר, נאָכדעם, ווי מען האָט זיי אַלע איבערגעשריבען.

ר' משה טייטעלבוים האָט כל ימיו מתחרט געווען, פאַרוואָס ער האָט ניט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון ר' אייזיק שוחט צו לערנען ביי איהם סתרי תורה.

די כתבים פון ר' אייזיק שוחט זיינען שפּעטער געדרוקט געוואָרען, דאָס זיינען די ספרים „רזא מהימנא" אויף קבלה, „אותיות דר' יצחק" סתרי תורה, און „יסוד יצחק" אויף הלכות מילה. אַזעלכע גאונים ווי ר' אייזיק הכהן פון אוסטראה, און ר' אפרים זלמן מרגליות פון בראָד דער מחבר פון „בית אפרים" זאָגען עדות אין זייערע הסכמות אויף דעם ספר „רזא מהימנא" אַז דער קדוש ר' אייזיק שוחט האָט געשריבען זיינע ספרים ברוח הקודש.

ר' משה טייטעלבוים האָט זיך שפּעטער אַליין פאַרטיפט אין דער קבלה, ער איז געוואָרען אַ גאון אין נסתר פּונקט ווי אין נגלה, אָבער פון חסידות פון בעל שם טוב'ס חדר, האָט ער נישט געוואָלט וויסען.

---

## קאַפּיטעל 3

די געשיכטע ווי אַזוי פון דעם פאַרביסענעם מתנגד ר' משה טייטעל־

בוים איז געוואָרען א פייערדיגער חסיד, און שפּעטער א רבי פון צענדליגע טויזענדער חסידים דערצעלט זיך אזוי:

ר' משה טייטעלבוים האָט געהאט ניט מעהר ווי צוויי קינדער, א בן יחיד, ר' אלעזר ניסן, וועלכער איז ארויסגעוואקסען א גאון עולם און א צדיק תמים, הגם ניט קיין רבי פון חסידים, ווי עס וועט דערצעלט ווערען אין א ווייטערען קאפּיטעל, און א בת יחידה, חנה'לע האָט מען זי גערופען. א גראַטענע און א שעהנע.

ווען עס איז געקומען די צייט א שידוך צו טאָן מיט זיין בת יחידה, האָט ר' משה טייטעלבוים נאטירליך געזוכט א פּאסענדען שידוך. א קלייניגקייט דעם שינאַווער גאון'ס איינציגע טאָכטער, און א גראַטענע און א שעהנע דערצו. עס האָבען זיך געפונען גבירים וואָס זיינען געווען גרייט אוועקצוגעבען א פאַרמעגען ר' משה טייטעלבוים זאָל זיך מיט זיי משדך זיין. עס האָבען זיך געפונען רבנים, און אזוי לומדי תורה וואָס האָבען געזוכט דעם שידוך, ר' משה האָט אָבער געזוכט א חתן, וואָס זאָל זיין ממש איינער אין דער וועלט, אין תורה, חכמה, און יראת שמים.

און אזא חתן האָט זיך טאקע באוויזען.

אין יעראָסלאַוו, גאַליציע, האָט צו יענער צייט געלעבט א יונגער עילוי, וועמעס נאָמען האָט געקלונגען ווייט און ברייט, מיט זיין אויסער־געוועהנליכע לומדות. ר' ליבוש ליפּשיץ, האָט מען איהם גערופען. ר' ליבוש האָט חתונה געהאט מיט דער טאָכטער פון גרעסטען גביר אין שטאָדט. דאָס פּאָאָר פּאָלק האָט אָבער ניט גוט געלעבט, די אורזאך איז געווען וואָס דאָס יונגע ווייבעל האָט דוקא געוואָלט אז איהר מאן זאָל ווערען א סוחר, פּונקט ווי איהר פאָטער דער גביר, וועהרענד ר' ליבוש האָט ניט געוואָלט מבטל זיין פון לערנען אפילו א רגע. דער סוף איז געווען, א גט. ר' ליבוש איז אַלזאָ געווען א יונגער גרוש.

ווען מען האָט אָנגעטראָגען אַלס חתן פאַר זיין בת יחידה, דעם יע־ראָסלאַווער עילוי פון וועמען ער האָט שוין געהאט געהערט וואונדער אי־בער וואונדער, און ווען מען האָט איהם פאַרזיכערט, אז דער עילוי איז מרוצה אויף דעם שידוך, האָט ר' משה טייטעלבוים פּשוט געטאַנצט פאַר שמחה, אָט אויף אזא שידוך האָט ער טאַקע געוואַרט. די איינציגע מניעה וואָס האָט זיך איהם געשטעלט אין וועג איז געווען צו איז ניט דער חתן א חסיד, און ווען מען האָט איהם פאַרזיכערט אז דער עילוי איז ניט קיין חסיד איז די שמחה פון ר' משה'ן געווען אין לשער ואין לספּר.

קורץ מען האָט מיט מזל געשריבען תנאים, און עס איז טאַקע אויך באַלד געווען א חתונה.

א קורצע צייט נאָך דער חתונה, איז ר׳ ליבוש אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין קרעשוב, רוסיש־פּוילען, און שפּעטער אַלס רב פון ווישניצע, גאַליציען. (ר׳ ליבוש ליפשיץ, איז דער מחבר פון די באַרימטע לומדישע ספרים „ארי שבחבורה" אויף מסכת כתובות און „שאלות ותשובות אר"י דבי עילאי.")

די שטאָדט ווישניצע, (ניט אויסצוטוישען מיט דער שטאָדט ווישניץ) דאַרף מען וויסען איז אימער געווען דער מקור פון חסידות. דאָרט איז קיינמאָל ניט געווען און עס איז נישטאָ היינט קיין מתנגד אויף א רפואה. פונדעסטוועגען האָט די שטאָדט געהאַט עטליכע רבנים פאַרביסענע מתנגדים. דער לייפּניקער גאון ר׳ ברוך פרענקעל דעם סאַנזער גאון'ס שוועהר איז געווען ווישניצער רב, הגם ער איז געווען א געפעהרליכער מתנגד. ווישניצע האָט אויך געהאַט אַנדערע רבנים מתנגדים און עס איז דאַרום ניט קיין וואונדער אז ווישניצע האָט אויפגענומען דעם גאון ר׳ ליבוש ליפשיץ, א באַקאַנטען מתנגד, אַלס רב.

דער סוף פון די מתנגדישע ווישניצער רבנים איז אָבער געווען דערזעלבער:—אָדער זיי האָבען געמוזט אַנטלויפען אָדער זיי זיינען אַליין געוואָרען חסידים. ר׳ ליבוש איז געוואָרען א חסיד.

אויסגעפינענדיג פון דעם „אומגליק", אַז זיין באַרימטער איידעם איז געוואָרען א חסיד, האָט ר׳ משה טייטעלבוים אויפגעציטערט פאַר צער און עגמת נפש. ר׳ משה האָט אָנגעשריבען א לאַנגען בריף צו זיין איי־דעם ר׳ ליבוש'ן, מוסר'ענדיג איהם פאַרוואָס ער האָט זיך געלאָזט אריינ־ציהען אין דער נעץ פון חסידות, וואָס האָט ניט קיין מקור אין דער תורה, נאָר אדרבה איז א מין „עבודה זרה." ער האָט דעם איידעם געבעטען רחמים, ער זאָל זיך פון חסידות צוריקציהען. ר׳ ליבוש האָט געענט־פערט. ער האָט דאָס חסידות פאַרטיידיגט, און אַזוי זיינען געפלויגען בריף פון שוועהר צום איידעם, און פון איידעם צום שוועהר. איינזעהענ־דיג, אַז מיט בריף קען ער גאָר ניט פועל'ן, איז ר׳ משה טייטעלבוים גע־פאָהרען איינער אַליין צו זיין איידעם, האָפענדיג אַז עס וועט איהם גע־לינגען דעם איידעם מחזיר למוטב צו זיין.

קומענדיג קיין ווישניצע, און זעהענדיג אַז זיין איידעם ר׳ ליבוש איז נישט חלילה א „יוצא לתרבות רעה" נאָר אַדרבה, ער איז געוואָרען נאָך מעהר עובד ה׳ און לערענט מיט נאָך מעהר התמדה, האָט זיך ר׳ משה טיי־טעלבוים אָביסעל באַרוהיגט. ער האָט אָבער דאָך ניט געקענט מסכים זיין מיט זיין איידעם וועגען חסידות, בעטענדיג דעם איידעם ער זאָל אויפהערען פאָהרען קיין לובלין צום רבי'ן ר׳ איציקעל.

„איך וועל אייך פאָלגען שוועהר"—האָט איינמאָל דער ווישניצער

גאון געזאָגט צו זיין שוועהר ר' משה טייטעלבוים—„אָבער מיט איין תנאי, איהר זאָלט מיט מיר מיטפאָהרען קיין לובלין, און אויב איהר וועט פאַרבלייבען ביי אייער מיינונג, און מיר נישט הייסען מעהר פאָהרען וועל איך אייך פאָלגען, איהר קענט דאָך ניט דן זיין אזא גדול ווי דער רבי ר' איציקעל שלא בפניו?"

ר' משה טייטעלבוים האָט איינגעזעהן אז זיין איידעם ר' ליבוש האָט באמת רעכט. ווי איז מען דאָס דן שלא בפניו אַ איד וואָס אזויפיל מענ־שען, און תלמידי חכמים ,זאָגען עדות אז ער איז אַ ריינער בעל רוח הקודש און איז נאָך אַ גדול בתורה דערצו? (דער חוזה פון לובלין איז געוועזן אַ גרויסער למדן.) נאָך פיעל נאָכדענקען וועגען דעם ענין, האָט ר' משה מסכים געווען צו פאָהרען מיט זיין איידעם קיין לובלין צום „חוזה." אומר ועושה, ביידע, שוועהר און איידעם, זיינען אוועק קיין לובלין.

שוין אין ערשטען שבת האָט ר' משה טייטעלבוים דערזעהן, אז דער ענין איז ניט קיין פשוט'ער, און אז זיין איידעם ר' ליבוש ליפשיץ מאַכט ניט קיין טעות. ער האָט דערזעהן ממש אַ שטיק רוח הקודש פון דעם „חוזה."

די מעשה איז געווען אזוי:

פרייטאָג פאַר נאַכט, בעפאָר קבלת שבת, האָט ר' משה טייטעלבוים אוועקגעלעגט, אין אַ טיש־קעסטעל אויף זיין אכסניא, אַלע זיינע חפצים און דאָס ביסעל געלד וואָס ער האָט מיטגענומען אויף הוצאות הדרך, פאַרגעסענדיג דערביי ארויסצוציהען דאָס שליסעלע פון טיש קעסטעל. דערמאָנט וועגען דעם, האָט זיך ר' משה ערשט שבת אין דער פריה, און דוקא ביי דער שחרית'דיגער שמנה עשרה. ר' משה האָט געהאַט אַ שטאַר־קען בלבול הדעת, ניט קענענדיג בשום אופן מצמצם זיין זיינע מחשבות צום דאַווענען. ער האָט געטאָן אַלעס מעגליכע, אוועקצוטרייבען די מחשבה פון שליסעלע. עס איז אָבער ניט געגאַנגען. דער שליסעלע האָט גע־פלאָגט זיין מח אונאויפהערליך.

זיצענדיג שבת ביים חוזה'ס טיש, און זעהענדיג דאָס התלהבות און די מורא'דיגע עבודה פון דעם צדיק האָט ר' משה וועגען שליסעלע אין גאַנצען פאַרגעסען. דער חוזה האָט ענדליך אָנגעהויבען זאָגען תורה, וועל־כע האָט ר' משה'ס מחשבות נאָך מעהר צוגעצויגען. ממש רזין דרזין. פלוצלונג האָט דער חוזה אויסגעשריען: „עס קומען אָהער רבנים, וועלכע אנשטאַט מכוון צו זיין ביי דער תפלה „ישמח משה במתנת חלקו", הימ־לישע כונות, האָבען זיי גאָר אין זין אַ „שליסעלע!" דער אמת'ער איד דאַרף זיך ביי דער תפלה „ישמח משה" ארויפהויבען צו דער מדרגה פון משה רבנו אויף וועמען די תורה זאָגט עדות אז ער האָט זיך מדבק

געוועזן אין אלקיות, אין דער שכינה הקדושה, פערציג טעג און פערציג נעכט." הערענדיג די דאָזיגע דבורים, וועלכע האָבען זיך באַצויגען אויף ר' משה'ס שליסעלע, האָט דער שינאַווער גאון, פשוט אויפגעציטערט פאַר התפעלות. דאָס איז דאָך אַ ריינער רוח הקודש.

ר' משה האָט זיך אָבער גאָר ניט וויסענדיג געמאַכט וועגען דעם ענין. מען מוז זעהן ווייטער, האָט ער געטראַכט, און האָט באַשלאָסען טאַקע באותו מעמד, צו בלייבען אין לובלין נאָך אַ שבת.

זיצענדיג שבת אָוונט אויף דער אכסניא ביי אַ גלעזעל טהעע, האָט ר' ליבוש אַ פרעג געטאָן:—נו שוועהר, ווי געפעלט אייך דער חוזה? ר' משה האָט זיך פאַרטראַכט, זאָגענדיג ענדליך: „עס איז אַן ענין."

„ווייסטו ר' ליבוש„—האָט ר' משה געזאָגט צו זיין איידעם נאָך אַ קורצען נאָכדענקען—„איך האָב באַשלאָסען דאָ צו בלייבען אויף נאָך אַ שבת. ווילסטו אויך דאָ פאַרבלייבען?"

„אודאי און אודאי"—האָט ר' ליבוש מיט שמחה געענטפערט.

אונטערדעסען האָט ר' משה יעדען טאָג געדאַווענט צוזאַמען מיט'ן חוזה, מיט איהם צוזאַמען געגעסען, גערעדט מיט איהם תורה, אין נגלה און נסתר און איז פון טאָג צו טאָג, מעהר און מעהר נתפעל געוועזן פון דעם לובלינער. דאָך האָט איין זאַך געמוטשעט דעם מח פון שינאַווער גאון: —די שטענדיגע שמחה, וואָס ער האָט געזעהן ביים חוזה און זיינע חסידים. דאָס איז דאָך פשוט געגען שלחן ערוך אין וועלכען עס ווערט געזאָגט: „ראוי לכל ירא שמים שיהיה מיצר ודואג על חורבן בית המקדש" (אַ פרו־מער איד דאַרף אימער זיין אין צער און זאָרג אויף חורבן בית המקדש) און דאָ זעהט מען ניט אַ ניצוץ פון צער און זאָרג, נאָר שטענדיג שמחה. און באמת, ווי איז דאָס מעגליך אַז אַ איד, אַ צדיק, זאָל שטענדיג זיין אין שמחה, אידען זיינען אין גלות, די שכינה אז אין גלות, ולשמחה זו מה עושה? אָט אַזעלכע מחשבות האָבען געפּלאָגט ר' משה'ן אַ גאַנצע וואָך. מגלה געוועזן זיינען מחשבות האָט ער פאַר קיינעם ניט.

שבת ביים טיש, (דאָס איז געוועזן דעם צווייטען שבת פון ר' משה'ס זיין ביים לובלינער'ס טיש) האָט דער חוזה ווידער געזאָגט תורה, מיט מורא'דיגע התלהבות ווי זיין שטייגער. זיין תורה האָט ער געזאָגט אויף דעם פסוק, „הוד והדר לפניו, עוז וחדוה במקומו", קומען צום רבונו של עולם, האָט דער חוזה געשריען, קען מען נאָר מיט שמחה, ווייל די שכינה אליין, כביכול, איז דער מקור פון שמחה, „עוז וחדוה במקומו." און דאָס איז דער ענין פון „אין השכינה שורה, לא מתוך עצבות, אלא מתוך שמחה". אפילו הימעל און ערד, און די גאַנצע יצירה דינען גאָט ברוך הוא נאָר מיט

שמחה, „ישמחו השמים ותגל הארץ, יעלוז שדי וכל אשר בו“, ביי די דאָ־זיגע ווערטער איז דער „חוזה“ אריינגעפאַלען אין אַ מורא'דיגע דבקות. קומענדיג צו זיך, האָט דער חוזה פאָרטגעזעצט מיט התלהבות:

„קומען צו מיר אידען מיט קשיות אין זייערע מחשבות, בכן עס שטעהט אין שלחן ערוך, „ראוי לכל ירא שמים שיהיה מיצר ודואג על חורבן בית המקדש,“ אמת, אמת אַ איד דאַרף ניט פאַרגעסען אַ רגע במימרא, אין חורבן בית המקדש. בכל רגע ורגע דאַרף דאָס אידישע האַרץ קלאָגען אויף גלות ישראל, און גלות השכינה, מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסען דעם מאמר החכם: "צהלתו בפניו—ואבלו בלבו“, דאָס האַרץ מוז זיין צובראָכען אָבער בפניו מוז זיין גאָלע שמחה, ווייל „עוז וחדוה במקומו.“ און דאָס מיינט דער פסוק:—„קומי רוני בלילה שפכי כמים לבך, נוכח פני ה' “, רוני, דאַרף מען וויסען, מיינט אי טרויער, אי שמחה, ווי עס שטעהט „קול רנה וישועה.“ אַ איד דאַרף דינען גאָט ברוך הוא מיט ביידען, אי מיט ,רוני“, אי מיט „רנה“, „צהלתו בפניו—ואבלו בלבו“ ווייל —„נוכח פני אלקים“ ווען דער איד שטעהט בעפאָר דעם בורא עולם, מוז ער שטעהן נאָר מיט שמחה, „עוז וחדוה במקומו.“

הערענדיג די דאָזיגע פייערדיגע ווערטער, האָט ר' משה טייטעל־בוים געציטערט ווי אַ פיש, אָט האָט דער חוזה ווידער געכאַפּט זיין, ר' משה'ס מחשבה, פשוט אַ יודע מחשבות. ר' משה טייטעלבוים איז אַוועק פון חוזה'ס טיש גאָר אַנאַנדער מענש. פון דעם פאַרביסענעם מתנגד איז געוואָרען אַ פייערדיגער חסיד.

---

## קאַפּיטעל 4

וועגען ר' משה טייטעלבוים אַלס לובלינער חסיד, דערצעלען חסידים גאָר, גאָר אינטערעסאַנטע געשיכטעלאַך. איך וויל דאָ איבערגעבען איי־ניגע פון זי.

כידוע איז דער לובלינער (דער „חוזה“) שטאַרק גערודפט געוואָרען פון דעם לובלינער שטאָדט רב, ר' עזריאל הלוי איש הורוויץ, וועמען מען האָט גערופען צוליב זיין אונגעהויערע גאונות, „דער אייזערנער קאָפּ.“ דער אייזערנער קאָפּ האָט גערודפט דעם חוזה ניט מיט געוועהנליכע מת־נגדישע מיטלען, ווי חרמות, שופרות און דערגלייכען, אדרבה, דער איי־זערנער קאָפּ איז דוקא געווען פריינדליך צום חוזה, ער פלעגט אָבער דעם חוזה מצער זיין מיט זיינע שטעכווערטלאַך און חוזק מאַכעריי. קודם כל האָט ער דעם „חוזה“ גערופען איציקעל, ניט ר' איציקעל, הגם ער האָט

געוואוסט אז דער חוזה אין אויסער א גוטער איד פון טויזענדער חסידים ואנשי מעשה, אויך א גדול בתורה. דאן פלעגט ער דערקוטשען דעם חוזה, מיט פארשידענע פראגען וואס פלעגען פארלעצען דעם חוזה'ס גע־פיהלען. דער חוזה דאגעגען האט שטארק נוהג כבוד געווען דעם אייזער־נעם קאפ.

דערצעלען חסידים, אז איינמאל, וועןביידע זיינען צוזאמען געווען אויף א סעודה האט זיך דער „אייזערנער קאפ" געווענדעט צום „חוזה" אט מיט דער קשיא:

„איציקעל, זאג מיר כ'בעט דיך, וואס איז אייגענטליך דער טעם פארוואס חסידישע רביים לאזען זיך באצאלען פאר זייערע תפלות צום רבונו של עולם מיט גוטע פדיונות. אז מתפלל זיין דארף מען מתפלל זיין אהן פדיונות:—„מה אני בחנם אף אתם בחנם."

„פארשטעהט איהר, לובלינער רב"—האט דער חוזה געענטפערט מיט הכנעה—„דער ענין דערפון איז אזוי, דער אמת'ער צדיק ווייס ביי זיך, אז ער איז א גאר נישט, אן אפס ואין, און איז ניט ראוי מתפלל צו זיין פאר אנדערע. דאריבער ווען א איד קומט צו איהם ער זאל מתפלל זיין צום רבונו של עולם נעמט ער א פדיון, און זאגט צום בורא כל העולמים: —גאטעניו! העלף דעם דאזיגען איד, וואס העלפט מיר צו, צו מיין פרנסה ווייל דו ביזט דאך א טוב לכל, גאטעניו, און דו ווילסט דאך ניט אוועקנעמען מיין פרנסה."

דער גאון האט זיך צולאכט פון דער גוטמוטיגער המצאה.

אט איז אנאנדער געשיכטעלע וואס עס ווערט דערצעלט פון חסידים.

אמאל האט זיך צוזאמענגעטראפען „דער אייזערנער קאפ", מיט דעם „חוזה" אויף א ברית מילה, דער „חוזה" איז געווען סנדק, און דער גאון דער מוהל.

אזוי גיך ווי דער חוזה האט זיך אנידערגעזעצט אויף דעם כסא של אליהו, נעמענדיג דאס קינד אויפ'ן שויס, האט ער אנגעהויבען ציטערען מיט אלע אברים, אזוי אז דער גאון האט ניט געקאנט דאס קינד מל זיין. דער גאון האט אויסגעשריען מיט הקפדה: „וואס ציטערסטו אזוי איציקעל, וואס זעהסטו דא אזוינס וואס איך זעה ניט?"

דער רבי ר' איציקעל איז זאפארט צו זיך געקומען און אויפגעהערט ציטערען. דער גאון וואס האט שוין געהאלטען דאס מוהל מעסער אין האנד האט געמאכט די ברכה, און דאס קינד מל געווען. איידער וואס, ווען, האט דער עולם דערזעהן אז דאס קישעלע אויף וועלכען דאס קינד

איז געלעגען איז באַגאָסען מיט בלוט. דער גאון האָט מיט דעם מעסער פאַרשניטען אין קינ׳ס בייכעל.

„געוואלד איציקעל,"—האָט דער גאון געשריען—„וואָס האָסטו מיר געטאָן? האָסט מיך מעניש געווען מיט שפיכת דמים? ווייסטו דען ניט איציקעל, אז שלמה המלך האָט געזאָגט, „גם ענוש לצדיק לא טוב?"

„שרעקט אייך ניט, לובלינער רב"—האָט דער רבי ר׳ איציקעל איהם געענטפערט—„עס וועט דעם קינד גאָר ניט געשעהן. ער וועט אויפוואַק־סען אין עושר און אין כבוד און וועט מאריך ימים ושנים זיין."

איינמאָל איז אָבער דער רבי ר׳ איציקעל דאָך ארויסגעטראָטען שאַרף געגען דעם „אייזערנעם קאָפּ."

די מעשה איז אזוי געווען:

דער רבי ר׳ איציקעל איז אמאָל געגאַנגען הערען דעם גאון׳ס א דרשה. דער גאון האָט דאַן געהאַלטען א פייערדיגע מוסר דרשה. ער האָט מיט זיינע פייערדיגע מוסר ווערטער, מאָלענדיג די יסורי גהינום פאַר די מענשליכע חטאים, צוגענומען די נשמה ביי זיינע צוהערער. דער עולם איז פשוט צוגאָסען געוואָרען פון געוויין.

דער רבי ר׳ איציקעל האָט שפּעטער געזאָגט צום גאון:—„לובלינער רב, וואָס ווילט איהר נעבאַך פון דעם אָרימען, געפּלאָגטען פאָלק ישראל? וואָס פאַרביטערט איהר זיין לעבען, וואָס איז שוין סאי ווי סאי פאַרבי־טערט? אויב איהר ווילט שוין דוקא מוסר זאָגען, זייט מוחל מוסר׳ט דעם רבונו של עולם אליין. פרעגט פאַרוואָס ער פּלאָגט זיין פאָלק מיט אזויפיל צרות. פּועלט ביי איהם אז ער זאָל שוין אמאָל אויסלייזען זיין פאָלק פון דעם ביטערען גלות."

דער גאון האָט ניט געענטפערט. ער האָט זיך אָבער אויך ניט גע־ענדערט. ער פלעגט נאָך אלץ דעם רבי׳ן ר׳ איציקעל מצער זיין מיט זיינע שטעכווערטלאך.

* * *

ווערענדיג א פייערדיגער חסיד פון רבי׳ן ר׳ איציקעל, האָט ר׳ משה טייטעלבוים זיך שטאַרק מצער געווען פון דעם גאון׳ס שטעכווערטלאך צו זיין גרויסען רבי׳ן, דער חוזה. ר׳ משה טייטעלבוים, ווי שוין באַקאַנט, איז אליין אמאָל געווען א פאַרביסענער מתנגד. ער אליין פלעגט אויך אמאָל רעדען אויף רביים. איצט אז ער האָט אויסגעפונען זיין טעות האָט ער געפיהלט, אז ער דאַרף אויך דעם „אייזערנעם קאָפּ" ווייזען דעם ריכ־טיגען וועג. אז ער דאַרף איבערהויפּט זיך אָננעמען דעם רבי; ר׳ איצי־

קעל'ס כבוד און אַן ענד מאַכען צו די שטעכווערטלאַך פון דעם „אייזער־נעם קאָפּ" געגען זיין רבי'ן.

ר' משה טייטעלבוים האָט נאָכגעדאַכט אַ לענגערע צייט און זאיז ענד־ליך געקומען צו אַ באַשלוס.

זייענדיג אין לובלין, איז ר' משה טייטעלבוים, ניט זאָגענדיג קיינעם, געגאַנגען באַזוכען דעם „אייזערנעם קאָפּ." דאָס איז געווען אין אַ דאָ־נערשטאָג. דער גאון האָט אויפגענומען ר' משה'ן העפליך, ווי זיין שטייגער, פרעגענדיג איהם, וואָס ער דאַרף.

„אַזוי ווי איך געפין זיך איצט אין לובלין"—האָט ר„ משה געענט־פערט—„און מוז דאָ פאַרבלייבען איבער שבת, בין איך געקומען מקבל פנים זיין דעם לובלינער גאון, און אין איין וועגס, מיט אייער רשות, אַביסעל פאַרברענגען אין תורה."

„קענט איהר דען לערנען?"—האָט דער גאון געפרעגט מיט אַ שמייכעל.

„אַ ביסעל—האָט ר' משה געענטפערט.

קוים האָט דער גאון אָנגעפאַנגען רעדען מיט ר' משה טייטעלבוים דברי תורה, האָט ער דערזעהן אַז פאַר איהם זיצט אַ גאון עולם. אַ בקי בש"ס ופוסקים כאחד מן הראשונים. און אַ וואונדערבאַרער חריף דערצו. ביידע האָבען גערעדט אַ לענגערע צייט, און ר' משה האָט זיך אויפגע־הויבען רייכענדיג דעם גאון די האַנד, אויף אַוועקגעהן.

„ניין, ניין"—האָט דער גאון געזאָגט צו זיין גאַסט—„געהט נאָך נישט. איהר האָט דאָך געזאָגט אַז איהר מוזט בלייבען אין לובלין איבער שבת. בעט איך אייך איהר זאָלט זיין שבת, טאַקע מיין גאַסט."

„מיט דעם גרעסטען פאַרגעניגען"—האָט ר' משה טייטעלבוים גע־ענטפערט—„איך האָב אָבער אַ תנאי."

„וואָס איז אייער תנאי?"—האָט דער גאון געפרעגט.

„איך וויל זאָגען אין אייער שוהל אַ דרשה דעם שבת."—האָט ר' משה געענטפערט.

„אודאי, אודאי"—האָט דער גאון מיט שמחה געענטפערט—„אַזאַ גאון ווי איהר איז ראוי צו זאָגען אַ דרשה אין מיין שוהל. איהר מוזט זיך אָבער שטאַרק אונטערגאַרטלען, ווייל ביי מיר אין שוהל איז פאַראַן אַ סך גדולי תורה."

ר' משה טייטעלבוים איז געבליבען ביים גאון אין הויז, און די צוויי גדולי הדור זיינען געווען אַזוי פאַרקאָכט אין דברי תורה, אַז דער „אייזערנער קאָפּ" האָט גאָר פאַרגעסען צו פרעגען זיין גרויסען גאַסט פון וואַנען ער קומט.

אונטערדעסען איז געוואָרען צווישען די חסידים אַ שטאַרק גערודער. אַלע האָבען געוואוסט אַז דער שינאווער גאון איז דאָ אין לובלין אויף שבת—און עס איז שוין דער צווייטער טאָג און קיינער האָט איהם ניט געזעהן. מען איז געלאָפען אויף דער אכסניא, וואו דער שינאווער פלעגט איינשטעהן, אָבער אויך דער בעל אכסניא איז געווען צורודערט, ניט וויסענדיג וואו זיין גרויסער גאַסט איז אַהינגעקומען. עס איז אַלזאָ גע־בליבען צו מעלדען דעם „חוזה" וועגען דעם ענין.

הערענדיג פון דער פּאַסירונג, האָט דער „חוזה" געזאָגט צו די חסי־דים:—„לאָזט איהם, לאָזט איהם, ער ווייס שוין וואָס ער טהוט." די חסידים האָבען פאַרשטאַנען אַז דאָ שפּילט זיך אָפּ אַ גרויסער ענין, און האָבען מעהר ניט געפרעגט קיין קשיות.

* * *

שבת!

די גרוים שטעדטישע שוהל אין לובלין איז געפּאַקט מיט בעלי בתים, לומדי תורה און גדולי תורה. דער „אייזערנער קאָפּ" האָט נאָך נעכטען געלאָזט וויסען אין דער שטאָדט, אַז אַ גאון עולם און אַ דרשן נפלא, וועט דעם שבת דרש'נען און זאָגען אַ פּלפּול עשום, און אַלע לומדי תורה און גדולי התורה זיינען געקומען.

ר' משה טייטעלבוים שטעהט אויפ'ן קאַנצעל. ער איז מרעיש עולמות מיט זיין חריפות און בקיאות. עוקר הרים וטוחנן זה בזה. ער רייסט בערג און צומאָלט זיי. די גדולי לובלין שטעלען זיך געגען איהם, פרעגען קשיות, זוכען אָפּצואוועגדען זיינע סברות. דער „אייזערנער קאָפּ" גופא יאָגט איהם, מיט איין קשיא נאָך דער צווייטער, אָבער עס העלפט ניט. ר' משה ענטפערט אַלעמען, מיט טיפע חריפות, מיט בליץ שנעלע געדאַנקען. ער איז אַלעמען מנצח.

נאָכ'ן דאַוונען האָבען איהם די גדולי לובלין צוזאַמען מיט'ן אייזער־נעם קאָפּ, געדאַנקט מיט הכנעה, און ביידע, דער „אייזערנער קאָפּ" מיט זיין גאַסט זיינען אַהיימגעגאַנגען צו סעודת שחרית.

איידער מען האָט זיך געזעצט צום טיש, האָט זיך ר' משה טייטעל־בוים געווענדעט צום „אייזערנעם קאָפּ" בזה הלשון:

„לובלינער רב, איך וויל פאַר אייך מתודה זיין אַ חטא וואָס איך האָב געגען אייך באַגאַנגען."

„ חטא! געגען מיר"?—האָט דער אייזערנער קאָפּ געפרעגט מיט איבערראַשונג.

יאָ, געגען אייך, לובלינער רב. איך פאַרזיכער אייך אָבער, אַז אַלעס וואָס איך האָב געטאָן איז געווען לשם שמים.

„וואָס איז?“—האָט דער „אייזערנער קאָפּ“ געפרעגט מיט נאָך מעהר איבערראַשונג.

„זייט וויסען, לובלינער רב“—האָט ר׳ משה טייטעלבוים געענט־פערט—„אַ ז א י ך ב י ן ד ע ם ר ב י ן ר׳ א י צ י ק ע ל ׳ ס ח ס י ד.“

דער „אייזערנער קאָפּ“ האָט אַ ציטער געטאָן מיט׳ן גאַנצען קערפּער, אויסשרייענדיג:—איהר איציקעל׳ס חסיד?—אַזאַ גאון ווי איהר . . .

ר׳ משה ט“ב האָט איהם ניט געלאָזט ווייטער רעדען, זאָגענדיג צום גאון, מיט אַ ווייכע האַרציגע שטימע:—„לובלינער גאון, איך בעט אייך, רעדט ניט פון מיין רבין מיט אַזאַ גרינגשעצונג. ער איז ניט „איציקעל“ נאָר ר׳ א י צ י ק ע ל, אַ קדוש וטהור, און גאון עולם דערצו.“

דער „אייזערנער קאָפּ“ איז געבליבען ווי פאַרשטיינערט. ער האָט זיך פאַרטראַכט, נאָכדענקענדיג וואָס דאָ קומט אַזוינס פאָר. ער האָט זיך דאַן געווענדעט צו זיין גאַסט מיט די ווערטער:—„אויב ר׳ איציקעל האָט אַזעלכע חסידים ווי איהר זייט, מוז מען פאַר איהם דרך ארץ האָבען.“ —דאָס איז געווען צום ערשטען מאָל וואָס דער „אייזערנער קאָפּ“ האָט באַטיטעלט דעם „חוזה“ מיט דעם וואָרט „רבי.“

דער „אייזערנער קאָפּ“ איז ניט געוואָרען דעם „חוזה׳ס“ חסיד, ער האָט אָבער דעם חוזה מעהר ניט מצער געווען מיט זיינע שטעכווערטלאך.

---

## ק אַ פּ י ט ע ל 5

אין יאָהר תקס“ח איז ר׳ משה טייטעלבוים אויפגענומען געוואָרען אַלס שטאָדט רב אין אוהעל, אונגאַרן, און דאָרט ערשט, האָט דאָס געט־ליכע ליכט אויפגעלויכטען אין איהר גאַנצען פּראַכט און גלאַנץ.

עס דאַרף דאָ באַלד געזאָגט ווערען, אַז צווישען אַלע גוטע אידען פון בעל שם׳ס חדר איז זעלטען געווען אַזאַ דרשן ווי ר׳ משה ט“ב. זיינע דרשות זיינען ניט געווען ווי די דרשות פון אַנדערע גוטע אידען על פּי קבלה, מיט סודות און רמזים, נאָר דרשות על פּי נגלה. פול מיט חריפות ובקיאות. ווי זיינע ספרים אויף דרוש איבערצייגען. זאָגאַר ימים נוראים, ווען רבנישע דרשות סאַי פון חסידים סאַי פון מתנגדים זיינען געווענליך אויסגעווייקט פון מוסר, און יראת שמים, פלעגט ר׳ משה ט“ב אָפּט זאָגען דרשות פון פּלפּול מיט חריפות ובקיאות.

זיין אייניקעל און ממלא מקומו, דער גאון וקדוש ר׳ זלמן ליב פון סיגעט, (ר׳ יקותיאל יהודה טייטעלבוים) דערצעלט, אז איינמאל שבת פאר הושענא רבה, האט ר׳ משה טייטעלבוים זיין זיידע, געזאגט ביים טיש א גוואלדיגען פלפול, געענדיגט דעם פלפול האט ער:—„היוצא לנו מזה“ (דאס הייסט, דע אונטערשטע שורה איז) אז יחיד ורבים, איז הלכה כרבים, און אזוי ווי גאט ברוך הוא איז א יחיד און מיר זיינען א רבים, בלייבט די הלכה ווי מיר זאגען, און מיר זאגען אז דער רבונו של עולם זאל אנשרייבען, כל טוב פאר דעם אידישען פאלק.

ר׳ זלמן ליב, זיין אייניקעל, איז געווארען נבהל ומשתומם, סטייטש, היינט, פאר הושענא רבה, ווען מען דארף זאגען א מוסר דרשה, מעורר צו זיין דעם עולם צו תשובה, זאל מען גאר זאגען א פלפול, חריפות און בקיאות, דאס איז באמת אונפארשטענדליך? אט די מחשבה האט ר׳ זלמן ליב׳ן געפלאגט א גאנצען שבת. געזאגט ווענען דעם האט ער קיי־נעם ניט.

מוצאי שבת, ווען ר׳ משה טייטעלבוים האט זיך אביסעל אפגערוהט פון דער שבת׳דיגער עבודה—ווארום די שבת׳דיגע עבודה פון ר׳ משה׳ן דארף מען וויסען, איז געווען ממש חוץ לדרך הטבע, אזוי אז עס האט אפט אויסגעזעהן פשוט, ככלות הנפש—האט דער צדיק צוגערופען זיין איינ־קעל ר׳ זלמן ליב׳ן און איהם דערצעלט פאלגענדע מעשה:

„איינמאל האט דער פני יהושע זכרונו לברכה, געזאגט א פלפול פאר די לומדים פון שטאדט. די לומדים האבען זיך שטארק מיט איהם מפלפל געווען שטונדען לאנג. קיינער האט אבער ניט געוואלט נאכגעבען. די לומדים זיינען געבליבען ביי דאס זייעריגע און דער פני יהושע איז גע־בליבען ביי דאס זייניגע.

מיט יאהרען שפעטער, קודם פטירתו, ווען דער פני יהושע איז גע־לעגען אויף זיין קראנקען בעט, האבען זיינע תלמידים געהערט ווי ער, דער פני יהושע, זאגט איבער אין א קוים הערבארע שטימע יענעם פלפול וואס ער האט מיט יאהרען צוריק געזאגט פאר די לומדים, אויף וועלכען זיי האבען בשום אופן ניט געוואלט מסכים זיין. ווען דער פני יהושע איז אביסעל צו זיך געקומען, האט איהם איינער פון זיינע תלמידים גע־פרעגט: „רבי, וואס האט איהר עפעס איבערגע׳חזר׳ט יענעם פלפול וואס איהר האט מחדש געווען מיט יאהרען צוריק?“

„מיין קינד“—האט דער פני יהושע געענטפערט—„מיט דעם דא־זיגען פלפול וויל איך קומען בעפאר דעם בית דין של מעלה, האב איך דעם פלפול איבערגע׳חזר׳ט, כדי איך זאל איהם גוט געדענקען.“

„גלויב מיר זלמן ליב“—האט ר׳ משה טייטעלבוים געענדיגט—אז

ווען איך וועל קומען פאר דעם בית דין של מעלה וועט מיך מכבד זיין מיט א דרשה, וועל איך מיך ניט שעהמען צו זאגען דיזעלביגע דרשה וואס איך האב היינט, שבת, געזאגט ביים טיש.“

ר׳ זלמן ליב איז געווען איבערראשט, הערענדיג אז זיין זיידע האט געכאפט זיין מחשבה.

אלטע חסידים, וואס האבען געקענט דעם אוהעלער צדיק פערזענליך, פלעגען זאגען, אז עס איז געווען פשוט אונמעגליך צו באגרייפען, ווי אזוי א ילוד אשה קען אויסהאלטען אפילו נאר א וואך צייט, נאך אזויפיל עבודה און מסירת נפש וואס מען האט געזעהן אין אוהעל פון ר׳ משה טייטעלבוים? ער פלעגט דאווענען ביז צוויי, דריי נאכמיטאג, מיט אזויפיל התלהבות און השתפכות הנפש, אז ער פלעגט אפט פאלען צו דער ערד און אזוי ליגען בפישוט ידים ורגלים (אויסגעצויגען הענד און פים) ביז מען האט איהם אויפגעהויבען. ער אליין האט ניט געוואוסט ווען ער איז געפאלען און ווען מען האט איהם אויפגעהויבען. נאכ'ן דאווענען פלעגט ער טרינקען אביסעל וויין (שנאפס האט ער קיינמאל ניט געטרונקען) און איבערבייסען א שטיקעל צוקער־קוכען, און פלעגט באלד געהן זאגען דעם שיעור פאר זיינע הונדערטער תלמידים, וועלכע זיינען געקומען פון אלע טיילען פון לאנד אין זיין בארימטע ישיבה. נאך דעם שיעור האט ער געדאווענט מנחה, ווידער מיט דרעזעלבער עבודה און מסירת נפש. נאך מנחה האט ער געווידמעט צוויי שעה פאר די הונדערטער חסידים וואס זיינען צו איהם געקומען פון אונגארן, פון גאליציע און אויך פון אנדערע לענדער. דאן האט ער זיך גענומען שרייבען תשובות צו די גדולי הדור, מיט וועלכע ער פלעגט שטענדיג שטעהן אין פארבינדונג אין תורה און הלכה. דאן האט ער געדאווענט מעריב און ווידער האט זיך אפגעשפילט דיזעלביגע עבודה מיט דערזעלבער התלהבות און ערשט דאן שפעט נאך האלבער נאכט, פלעגט ער עסען זיין געווענליכע טעגליכע מאלצייט. א מאלצייט וואס איז באשטאנען פון א שטיקעל ברויט און א ביסעל זופ און פלייש.

דער „תהלה למשה“ פון זיין אייניקעל ר׳ ישראל יעקב יוקל טייטעלבוים, בארבעטשער רב, דערצעלט וועגען דעם א מערקווירדיגען עפיזאד.

די רביצין וועלכע איז געווען א שוואכע פרוי, פלעגט זיך נוהג זיין איבערצולאזען אויפ'ן אויווען דעם נאכטמאל פאר איהר מאן, און זיך לייגען שלאפען, באפעהלענדיג דעם גבאי, ער זאל דאס נאכטמאל אריינטראגען פאר דעם צדיק. איינמאל איז דער גבאי אנטשלאפען געווארען, און ניט וועלענדיג אויפוועקען א איד פון שלאף איז דער צדיק אליין ארײן

אין קיך פאר זיין נאכטמאל. איז אָבער אויף דעם אויווען געשטאַנען צוויי טעפלאך. איין טעפעל מיט דעם צדיק'ס נאכטמאָל און אַ צווייטער טעפעל מיט אויפגעקאָכטען עסיג. נו, וואָס פארשטעהט איהר דאָ נישט! אנשטאט דעם טעפעל פון יוך און פלייש האָט דער צדיק גענומען דאָס טעפעל מיט עסיג. ער האָט אריינגעבראָקט דאָס ברויט אין דעם עסיג און אויסגעזופט דעם עסיג ניט ווּיסענדיג און ניט פיהלענדיג וואָס דאָ קומט פאָר.

דער גבאי איז זיך אזוי דורכגעשלאָפען בשלום, אַ גאַנצע נאכט.

אריינקומענדיג אין דער פריה אין קיך, האָט די רביצין דערזעהן, אַז דאָס טעפעל מיט יוך און פלייש שטעהט אויפ'ן אויווען ווי זי האָט דאָס איבערגעלאָזט נעכטען אָוועגד, און דאָס טעפעפל מיט עסיג פעהלט. די רביצין איז שנעל אריינגעלאָפען אין עס־צימער, און דערזעהענדיג אַז איהר גרויסער מאַן האָט אויסגעזופט אַנשטאַט זופ און פלייש, דעם עסיג, איז זי פאַר שרעק, שיער אין חלשות געפאַלען. זי האָט זיך קוים, קוים אריינ־געשלעפט אין דעם צימער וואו איהר מאַן פלעגט לערנען, פרעגענדיג איהם ווי ער פאַלט אוים אַזאַ זאַך צו טאָן?

„וואָס פאר אַ זאַך?“—האָט דער גאון געפרעגט בתמימות.

„וואָס הייסט וואָס פאר אַ זאַך?“—האָט די רביצין צוריק געפרעגט מיט איבערראַשונג—„דו האָסט דאָך אויסגעזופט דעם עסיג אַנשטאַט די יוך?“

„אר־ווא“, „אר־ווא“,—האָט דער צדיק געזאָגט ווי צו זיך אליין.—„מיך האָט טאַקע געוואונדערט וואָס די יוך איז אזוי זויער.“

„האָסטו דען ניט באַמערקט אַז עס פעהלט דאָס פלייש?“—האָט די רביצין ווייטער געפרעגט.

„געפעהלט דאָס פלייש?“—האָט זיך דער צדיק געוואונדערט—„איך האָב וועגען דעם גאָר ניט געטראַכט.“

מעהר האָט דער צדיק וועגען דעם ענין ניט געוואָלט רעדען.

און אָט דער דאָזיגער צדיק, מיט אַזויפיל תורה, עבודה און מסירת נפש, און מיט אַזוי ווענינ הנאה פון עולם הזה האָט אָפּגעלעבט אַכציג יאָהר און קיינמאָל ניט גענוצט אַ דאָקטאָר. גאָר פשוט ווייל ער איז קיינמאָל ניט געוועזן קראַנק. אויף איהם איז באמת מקוים געוואָרען „לא כהתה עיניו ולא נס לחו.“ ער האָט קיינמאָל ניט באַנוצט קיין ברילען, קיינמאָל ניט געהוסט, קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט אויף אירגענד וועלכען מיחוש.

## קאפיטעל 6

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין פאַריגען קאפּיטעל, איז ר' משה טייטעלבוים אַלט געוואָרען אַכציג יאָהר און האָט קיינמאָל ניט באַנוצט קיין דאָקטאָר פשוט ווייל ער איז קיינמאָל ניט קראַנק געווען. ער האָט קיינמאָל ניט באַנוצט קיין ברילען. קיינמאָל זיך ניט באַקלאָגט אויף קיין מיחוש. ממש, ווי עס שטעהט ביי משה רבנו, „לא כהתה עינו ולא נס ליחו."

חסידים דערצעלען אַז איינמאָל האָט זיך דער צדיק שטאַרק פאַרקעלטעט, זיין בני בית האָט זיך דערשראָקען, און געוואָלט שיקען נאָך אַ דאָקטאָר. דער צדיק האָט אָבער בשום אופן ניט געוואָלט צולאָזען. „חלילה, חלילה"—האָט ר' משה ט"ב געשריען—„מען דאַרף ניט קיין דאָקטאָר, ווייל מיין דאָקטאָר איז די תורה."

„איהר ווייסט דאָך קינדער"—האָט דער צדיק פאָרטגעזעצט—„עס שטעהט אין דער גמרא, אַז אויף אברהם אבינו'ס האַלז האָט געהאַנגען אַ פּערל און יעדער קראַנקער וואָס האָט אויף דעם פּערל געקוקט איז באַלד געזונט געוואָרען, און ווען אברהם אבינו איז געשטאָרבען, האָט גאָט ברוך הוא אויפגעהאַנגען דעם פּערל אויף דעם צירקעל פון דער זון. אַזוי ווי עס שטעהט „שמש צדקה ומרפא בכנפיה", די זון פון גערעכטיגקייט היילט אונטער איהרע פליגעל." ענדיגענדיג דיזע ווערטער, איז דער צדיק אַרויס אין הויף, האָט זיך אַנידערגעזעצט אונטער די זון, איז אַזוי געזעסען אַ געוויסע צייט, און איז צוריק אַריין אין שטוב, געזונט און פריש.

* * *

זייענדיג אין אוהעל אַ געוויסע צייט, האָט זיך, צו דער איבעררראשונג אי פון די חסידים, אי פון די מתנגדים, ענטוויקעלט צווישען דעם חסידישען גאון ר' משה טייטעלבוים און מתנגדישען גאון ר' משה סופר (דער חתם סופר) אַ פייערדיגע פריינדשאַפט. דער „חתם סופר", דאַרף מען וויסען איז שוין אין יענער צייט געווען דער רב הרבנים אין אונגאַרן. דער גאון הגאונים און דער פוסק האחרון. דער חתם סופר איז ניט געווען אַזאַ מתנגד, ווי למשל דער ווילנער גאון, ער איז אָבער געווען אַ שטאַרקער מתנגד אויף די מנהגים פון די חסידים פון בעל שם'ס חדר. דאָס האָט איהם אָבער ניט צוריקגעהאַלטען צו שליסען מיט דעם חסידישען גאון ר' משה טייטעלבוים אַ טיפע פריינדשאַפט. ניט נאָר פלעגען זיי איינער

צום צווייטען שרייבען שאלות ותשובות, נאָך דער חתם סופר האָט גע־האַלטען ר' משה טייטעלבוים אַלס אַ גרויסער בעל מופת, אַזוי, אַז ווען עס האָט געטראָפען אַז פון חתם סופר'ס פאַמיליע איז אימיצער קראַנק געוואָרען פלעגט ער שיקען צו אוהעל'ער צדיק אַז ער זאָל מתפלל זיין פאַר דעם קראַנקען.

וועגען דעם ענין ווערט דערצעלט אין אונגאַרן אַזאַ געשיכטע:

אין אוהעל האָט געוואוינט א בעל הבית, אַ למדן, דעם חתם סופר'ס אַ תלמיד מובהק. וויסענדיג אַז זיין רבי, דער חתם סופר, האַלט ר' משה טייטעלבוים פאַר אַן איש מופת, איז ער, דער בעל הבית, אויך געוואָרען ר' משה'ס חסיד.

איינמאָל, מוצאי יום כפור, דאָס איז געווען נאָך איידער די צוויי גאונים, ר' משה טייטעלבוים און דער חתם סופר האָבען זיך געקענט פער־זענליך—האָט ר' משה טייטעלבוים אַריינגערופען אין זיין צימער דעם דאָזיגען בעל הבית, דעם חתם סופר'ס תלמיד, פרעגענדיג איהם, צו וויים ער ניט אויב עס איז אימיצער קראַנק חס ושלום אין חתם סופר'ס הויז.

דער בעל הבית האָט געענטפערט, אַז ער האָט וועגען דעם גאָר ניט געהערט.

„איך האָב היינט ביים דאַוונען געזעהן אייער גרויסען רבי'ן"—האָט דער אוהעל'ער צדיק געזאָגט צו דעם בעל הבית—„און האָב פאַרשטאַנען אַז אימיצער פון זיינע בני בית איז קראַנק און דאַרף רחמי שמים."

„רבי"—האָט דער בעל הבית געפרעגט—„ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, האָט איהר מיין רבי'ן, דעם חתם סופר קיינמאָל ניט געזעהן, טו ווי אַזוי האָט איהר געוואוסט אַז דאָס איז דער חתם סופר?"

ר' משה טייטעלבוים האָט געמאָלען פאַר דעם בעל הבית אין וואָס פאַר אַ געשטאַלט ער האָט דעם חתם סופר געזעהן, און דער בעל הבית איז שיער צוזאַמענגעפאַלען פאַר שרעק. אַזוי ווי דער צדיק האָט דעם חתם סופר געמאָלען אַזוי האָט ער טאַקע אויסגעזעהן.

„איך האָב פאַרשטאַנען"—האָט ר' משה טייטעלבוים פאָרטגעזעצט —„אַז עפּעס האָט דאָרט אין חתם סופר'ס פאַמיליע פּאַסירט, און האָב מתפלל געווען פאַר איהם און פאַר זיין גאַנצע בני בית."

אַזוי ווי ביידע האָבען אַזוי גערעדט, איז אָנגעקומען אַ שליח פון פּרעסבורג מיט אַ פאַרזיגעלטען בריף צום אוהעל'ער צדיק. דער צדיק האָט דורכגעלעזען דעם בריף כמעט אין אַ בליק, און איז אַריינגעפאַלען

אין אַ מורא׳דיגע דבקות, מורמלענדיג אַ שטילע תפלה. קומענדיג צו זיך האָט ר׳ משה טייטעלבוים צוגערופען דעם בעל הבית, דערצעלענדיג איהם אַז דער בריף, וואָס ער האָט נאָר וואָס געקראָגען איז טאַקע פון דעם חתם סופר וועמעס זעקס יעהריגער אײנגעל שמואל בנימין איז זעהר געפעהרליך קראַנק און דאַרף רחמי שמים. דער בעל הבית איז געבליבען ווי פאַר־גליווערט.—דאָס איז דאָך באמת אַ פשוט׳ער רוח הקודש.

וועגען דער דאָזיגער קראַנקהייט פון ר׳ אברהם שמואל בנימין (שפּעטער האָט מען איהם צוגעזעצט דעם נאָמען אברהם) דערצעלט זיין זוהן ר׳ שלמה סופר, רב פון דערעטשקע און שפּעטער פון בערגסאַס אַ גאָר אינטערעסאַנטע געשיכטע.

ר׳ אברהם שמואל בנימין דאַרף מען וויסען איז געווען דער ממלא מקומו פון זיין פאָטער, דער חתם סופר. נאָך זיין פאָטער׳ס פּטירה איז ער אַנערקענט געוואָרען, הגם ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער מאַן, אַלס די גרעסטע אויטאָריטעט אין לומדות אין אונגאַרן. פאַסט אַלע גדולי התורה אין זיין לאַנד און אויך אין אויסלאַנד האָבען זיך צו איהם געווענ־דעט מיט זייערע שאלות, און זיינע תשובות האָבען אַרויסגערופען די גרעסטע באַוואונדערונג אין דער אידישער וועלט. זיין ספר שאלות ותשובות „כתב סופר" איז אַנערקענט אין דער לומדישער וועלט פּונקט ווי זיין פאָטער׳ס שאלות ותשובות „חתם סופר."

אַלט ווערענדיג זעקס יאָהר, איז ר׳ שמואל בנימין געפעהרליך קראַנק געוואָרען, און ניט נאָר די בני בית פון חתם סופר, נאָר די גאַנצע אידישע געמיינדע אין פּרעסבורג, וויסענדיג אַז שמואל בנימין איז אַן עילוי מאין כמהו, האָט איינגעריסען וועלטען. מען האָט געבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים פון וויען, (פּרעסבורג איז ניט ווייט פון וויען.) מען האָט געזאָגט טאָג און נאַכט תהלים, בעטענדיג דעם בורא עולם אַז ער זאָל שענקען אַ רפואה צו דעם וואונדער קינד. עס האָט אָבער גאָר ניט געהאָלפען. די קראַנקהייט האָט זיך געשטאַרקט פון מינוט צו מינוט. איינזעהענדיג אַז עס איז פאַר דעם קינד מעהר ניטאָ קיין הילף, זיינען די דאָקטוירים צוגעגאַנגען צום חתם סופר, זאָגענדיג צו איהם:

„הייליגער מאַן, מיר האָבען געטאָן אַלעס וואָס איז געווען אין אונזער מאַכט צו טאָן. ליידער האָבען מיר פאַרלוירען. איצט איז פאַר׳ן קינד דאָ נאָר איין האָפנונג, אַז איהר געטליכער מאַן זאָלט בעטען גאָט, ער זאָל אייך דאָס וואונדער קינד שענקען."

דעם חתם סופר׳ס אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען. ער האָט

זיך אָבער ניט פאַרלוירען. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אין אַ ווינקעלע פון דעם קראַנקען צימער און מתפלל געווען מיט השתפכות הנפש פאַר זיין טייער קינד.

די גסיסה האָט זיך אָנגעפאַנגען, און די חברה קדישה, וועלכע האָט שוין געוואַרט אין דרויסען, איז אַריין אין קראַנקען צימער אָנצינדענדיג וואַקסענע ליכטלאַך, און זאָגענדיג די פאַסענדע תפלות. פלוצלונג האָט דאָס קראַנקע קינד אויסגעשריען:—„שמע ישראל ר' אלקינו ד' אחד." די דאָקטוירים זיינען שנעל צוגעלאָפען צו דעם קראַנקען בעט און פלאַי פלאַים, זיי האָבען דערזעהן אַז די קראַנקהייט האָט פלוצלונג געבראָכען.

די דאָקטוירים זיינען צוגעגאַנגען צום חתם סופר דרעצעלענדיג איהם די בשורה טובה אַז די קראַנקהייט האָט געבראָכען און דאָס קינד האָט די בעסטע געלעגענהייט געזונט צו ווערען.

און אַזוי איז טאַקע געווען. דאָס קינד איז געזונט געוואָרען.

דער חתם סופר האָט שפעטער געזאָגט צו זיינע מקורבים:—„איך האָב איהם אויסגעבעטען אויף אַ יובל יאָהרען." (פופציג יאָהר.)

דעם חתם סופר'ס תפלה איז פינקטליך מקוים געוואָרען—ר' שמואל בנימין האָט געלעבט זעקס און פופציג יאָהר.

ר' שלמה סופר, דער בערגסאסער רב, דערצעלט ווייטער, אַז ווען זיין גרויסער פאָטער ר' אברהם שמואל בנמין איז אַלט געוואָרען דרייצעהן יאָהר, האָט ער געהאַלטען לכבוד זיין בר מצוה, אין דער גרויסער פרעס־בורגער שוהל אַ פייערדיגע דרשה וועלכע האָט איבערראַשט אַלע גדולים וועלכע זיינען געקומען פון נאָהענט און פון ווייט לכבוד דעם חתם סופר. ממש גאונות. פרעסבורגער בעלי בתים, ווי געוועהנליך האָבען געגעבען דעם בר מצוה פאַרשידענע מתנות. איינער פו די בעלי בתים מיט'ן נאָ־מען ר' בער פרענק, האָט איבערגערייכט דעם בר מצוה אַ זילבערנע שאַכ־טעלע. עפנענדיג דאָס שאַכטעלע איז דער בר מצוה גאַנץ איבערראַשט געוואָרען. דאָס שאַכטעלע איז געווען אָנגעפילט מיט וואַקסענע ליכטלאַך. אויף דער פראַגע וואָס דאָס באַדייטעט, האָט איהם ר' בער דערצעלט, אַז מיט זיבען יאָהר צוריק, בעת ער, דער בר מצוה איז געווען אַזוי געפעהר־ליך קראַנק, האָט די חברה קדישה, בעת די גסיסה אָנגעצונדען די דאָזיגע ליכטלאַך. ווען די קראַנקהייט האָט פלוצלונג געבראָכען און די ליכטלאַך זיינען פאַרלאָשען געוואָרען, האָט ער, ר' בער, די ליכטלאַך באַהאַלטען אַלס אַן אַנדענקען פון דעם גרויסען מופת.

„נעם צו מיין קינד, די דאָזיגע ליכטלאַך"—האָט ר' בער געענדיגט—„די ליכטלאַך זיינען אויסגעלאָשען געוואָרען, אָבער דיין ליכט איז גע־בליבען און וועט לייכטען און שיינען און פאַרשיינען די וועלט מיט דיין אור התורה."

---

## קאַפּיטעל 7

עס איז די אַלטע, אַלטע געשיכטע, „צדיקים אין להם מנוחה לא בעולם הזה ולא בעולם הבא." (רעכטפערטיגע אידען האָבען ניט קיין רוה ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט), און דאָס וואָס האָט באַ־טראָפען אַנדערע צדיקים, האָט אויך באַטראָפען דעם צדיק ר' משה טיי־טעלבוים. ער איז גע'מסר'ט געוואָרען אַלס אַ מורד במלכות.

ומעשה שהיה כך היה. אוהעל האָט אויפגענומען אַ ראש בית דין איינעם אַ ר' דוד פריזענהויזען. דער דאָזיגער ר' דוד איז געווען אַ דייטש־ שער רב. צוערשט אין פירטה, שפּעטער אין בערלין. ר' דוד איז געווען אַ גדול בתורה. ער איז אויך געווען אַ זעהר פרומער איד, און ר' משה טייטעלבוים, דער שטאָדט רב, האָט מסכים געווען צו זיין התמנות אַלס זיין ראש בית דין. ר' דוד איז אין די ערשטע צייטען שטאַרק נתפעל געוואָרען פון ר' משה טייטעלבוים'ס גאונות. איבערהויפּט פון ר' משה'ס וואונדערבאַרע דרשות. דאָס האָט אָבער ניט געדויערט לאַנג. ביסלעכ־ וויז, ביסלעכוויז האָט זיך אַריינגעריסען אין ר' דוד'ס האַרץ אַ שטיק התנגדות, אויף ר' משה טייטעלבוים, און אַזוי ווי פון התנגדות ביז שנאה איז נאָר איין שפּאַן, האָט זיך ענטוויקעלט אין ר' דוד'ס האַרץ, אַ מורא'דיע שנאה צו דעם גאון וצדיק ר' משה טייטעלבוים.

אַנדערש האָט דאָס אייגענטליך ניט געקענט זיין. ר' דוד פריזענ־ הויזען איז געווען אַ דייטשער רב, מיט אַלע חומרות און פּינקטליכקייטען פון די פרומע דייטשע רבנים. ר' דוד האָט געקענט תורה שבכתב. ער האָט געקענט תורה שבעל פּה. ער איז אָבער געווען וועניג בעהאַוועגט אין תורה שבלב. ר' משה טייטעלבוים להיפך, איז געווען אַ תלמיד פון בעל שם'ס חדר. די הויפּט זאַך איז טאַקע לערנען, אָפּהיטען תורה ומצות מיט אַלע פּינקטליכקייטען, מען מוז אָבער צו דעם האָבען אַ ריינע מחשבה. „מחשבה טובה הקדוש ברוך הוא מצרפה למעשה." מען מוז איבערהויפּט קענען תורה שבלב. „רחמנא ליבא בעי." לערנען, דאַווענען, טאָן מצות אָהן האַרץ, אָהן כונה, איז לויט דעם בעל שם'ס תורה, כגוף בלא נשמה. ר' דוד מיט ר' משה'ן, זיינען אַלזאָ געווען צוויי הפכים, צוויי געגענגעזעצטע

עלעמענטען, און ווען ביידע האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען, האָט געמוזט קומען אַן עקספּלאָזיע.

עס איז כדאי דאָ איבערצוגעבען דעם „סדר היום“ פון ר׳ משה טייטעלבוים, ווי עס ווערט באַשריבען אין „תהלה למשה“ פון זיין אייניקעל ר׳ ישראל יעקב יוקעל, רב פון באַרבערשט.

אויפצוהויבען פון שלאָף, פלעגט זיך ר׳ משה טייטעלבוים, אַרום פינף אָדער זעקס אין דער פריה, און נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט הכנה און געזאָגט ברכת התורה, האָט ער זיך געזעצט לערנען, צו ערשט נגלה, און דאַן נסתר. אַרום צעהן אוהר פלעגט ער זיך שטעלען דאַווענען. געדאַווענט האָט ער מיט מורא׳דיגע התלהבות, ממש התפשטות הנפש. אָפט, ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל, פלעגט ער אַרונטערפאַלען אויף דער ערד און פלעגט אַזוי ליגען, בפישוט ידים ורגלים (אויסגעצויגען הענד און פיס) ביז מען האָט איהם אויפגעהויבען. ער פלעגט אַזוי דאַווענען ביז צוויי דריי נאָכמיטאָג, און אַמאָל נאָך לענגער. נאָכ׳ן דאַווענען פלגעט ער עפּעס איבערבייסען און פאַרברענגען מיט זיינע חסידים צוויי שטונדען צייט. דאַן האָט ער געדאַווענט מנחה מיט דער זעלבער התלהבות. נאָך מנחה האָט ער געזאָגט דעם שיעור פאַר זיינע הונדערטער תלמידים. דאַן האָט ער געדאַווענט מעריב, נאָכהער פלעגט ער עסען זיין געוועהנליכען מאָלצייט וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שטיקעל ברויט מיט אַביסעל זופּ ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען.

דעם דייטשען מתנגד, ר׳ דוד פריזענהויזען, האָט אַזאַ פּיהראַכץ גאָר ניט געפעלען. וואָס איז דאָס עפּעס דאַווענען שטונדען לאַנג, מיט קולות וברקים, מיט פאַלען אויף דער ערד, מיט מאַכען פאַרשידענע הויות און נאָך אַזעלכע זאַכען. ר׳ דוד האָט דאָס באַטראַכט ווי אַ מין „שווינדעל“ כדי אויסצונאַרען געלד פון עולם. איבערהויפּט איז ר׳ דוד געווען אין כעס אויף דעם שפּעטען דאַווענען. עובר זיין זמן קריאת שמע און זמן תפלה דאָס איז דאָך פּשוט געגען שולחן ערוך. אַ מין אַפּיקורסות רחמנא לצלן.

חסידים דערצעלען אַז אַמאָל איז זיך צוזאַמענגעקומען דער רבי ר׳ נפתלי פון ראָפּשיץ, דער גרעסטער חסידישער רבי פון גאַליציען מיט ר׳ יעקב אורענשטיין, דער בעל „ישועות יעקב“ און דער גרעסטער גאון פון גאַליציען, רעדענדיג מענין לענין, האָט דער לעמבערגער גאון אַ פרעג געטאָן: „ראָפּשיצער רב, איהר זייט דאָך ניט בלויז אַ רבי פון חסידים, נאָר אויך אַ גדול בתורה, זאָגטשע מיר, כ׳בעט אייך, ווי קומט עס וואָס איהר זייט עובר בכל יום ויום זמן קריאת שמע?“

„פארשטעהט איהר, לעמבערגער רב"—האט דער ראפטשיצער גע־ענטפערט שמייכענדיג—„דער אונטערשיד פון אייערע מתנגדים ביז אונ־זערע חסידים איז, וואס אייערע מתנגדים גלויבען אין „זמן" קריאת שמע, ווערהענד אונזערע חסידים גלויבען אין דעם וואס שטעהט אין קריאת שמע:—ואהבת את ד' אלקיך בכל לבבך, ובכל נפשך, ובכל מאודך."

דער תירוץ פון ראפטשיצער צדיק האט שטארק אויסגענומען ביי דעם גאליצישען גאון ר' יעקב אורענשטיין. אזא תירוץ איז אבער ניט געווען געניגענד פאר א פרומען דייטשען רב, ביי וועמען אלץ מוז אפ־געהיט ווערען מיט די שטרענגסטע פינקליכקייט, און ווער עס איז עובר א דין אדער א מנהג פון שולחן ערוך איז רחמנא לצלן א מין אפיקורס.

איבערהויפט האט זיך צופלאקערט דאס התנגדות אין ר' דוד'ס הארץ, הערענדיג אפט, פון דעם צדיק ר' משה טייטעלבוים, הימלישע דבורים.

ר' משה טייטעלבוים, כידוע, פלעגט אפט רעדען דבורים פאר וועלכע פשוט'ע מענשען פלעגען ממש אויפציטערען. ער פלעגט אפט רעדען וועגען עליות נשמה וואס ער האט געהאט, און האט זיך געזעהן מיט די אדער די צדיקים, וואס זיינען שוין לאנג געווען אויף דעם עולם האמת. אדער אז מען האט איהם געוויזען מן השמים אזוינס און א זוינס. חסידים וואס פלעגען הערען אזעלכע דבורים פלעגען אריינפאלען אין מורא'דיגע התפעלות.

אמאל האט דער צדיק דערצעלט פאלגענדע געשיכטע:

בעת זיין שווער, ר' ניסן פרעמיסלער, איז נפטר געווארען, איז ער, ר' משה טייטעלבוים, אלט געווען צוויי און צוואנציג יאהר. דער טויט פון זיין שווער ביי וועמען ער האט געגעסען קעסט, האט אויף איהם גע־מאכט א העכסט טרויעריגען איינדרוק. זיצענדיג איינמאל איבער דער גמרא, איז איהם דורכגעלאפען א מחשבה, ווען ער וואלט געהאט לכל הפחות דרייסיג טויזענד גולדען, וואלט ער דאס געלד אוועקגעגעבען צו א סוחר א שותף, און ביידע וואלטען געקענט האבען פרנסה, איצט אבער, אז ער פארמאגט גאר ניט פון וואס וועט ער מאכען פרנסה? זיצענדיג אזוי, האלב וואך און האלב שלאפענדיג, האט ער דערזעהן א וואונדער־בארען היכל, אין וועלכען עס זיצט אויבען אן אויף א פראכט פאלע שטול א יונגער מאן, ממש תאור פני אלקים, ביי דער טיהר איז געשטאנען א הויכער איד וואס האט צו איהם געוואונקען ער זאל קומען נעהענטער. קומענדיג נעהענטער האט דער הויכער איד, דער שומר הפתח, איהם איינ־גערוימט אין אויער, אז דער האר"י הקדוש איז נפטר געווארען ווען ער איז

אַלט געווען 38 יאָהר, אַלזאָ, נאָך גאָר א יונגער מאַן. צוגעהענדיג צום האר"י, האָט דער האר"י צו איהם געזאָגט: „יונגער מאַן, און אַז מען האָט שוין דרייסיג טויזענד גולדען דאַרף מען שוין ניט גאָט'ס הילף? אַלע אברים האָבען געציטערט אין דעם יונגען ר' משה'ן, הערענדיג פון האר"י הקדוש די דאָזיגע ווערטער. פון דאַן אָן האָט ער ניט ארויסגעלאָזט פון זיין מחשבה דעם פסוק „אשרי הגבר אשר שם בה' מבטחו" (גליקליך איז דער וואָס פאַרלאָזט זיך אויף גאָט.)

„דער הויכער—וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיהר"—האָט ר' משה געענדיגט—„איז געווען ר' חיים וויטאַל, דעם האר"י הקדוש'ס תלמיד מובהק."

אין זיין ספר „שני מוסדות תבל" דערצעלט ר' דוד פריזענזאָהן, אַז ער האָט אַמאָל געפרעגט ר' משה טייטעלבוים צו ער האָט דאָס טאַקע באמת געזעהען דעם האר"י הקדוש, און ר' משה טייטעלבוים האָט איהם פאַרזיכערט אַז יאָ. ר' דוד באַצייכענט איהם דאָרט צוליב דער דאָזיגער מעשה, כמעט אַלס א נביא שקר.

---

# קאַפּיטעל 8

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין לעצטען קאַפּיטעל, איז דער ראש בית דין פון אוהעל, ר' דוד פריזענהויזען, געווען אַ שטאַרקער מתנגד אויף דעם אוהעל'ער צדיק, ר' משה טייטעלבוים. ר' דוד אַלס דייטשער פרומער מתנגד, האָט בשום אופן ניט געקענט דולדען ר' משה'ס פיהרעכץ: שפּעט דאַווענען, מרעיש עולמות זיין ביים דאַווענען. עובר זיין זמן קריאת שמע. דערצעלען פון זיך אַליין, הימלישע מעשות, דאָס איז פאַר ר' דוד'ן געווען אַ מין אַפּיקורסות רחמנא לצלן.

מעהר פון אַלץ האָט געווירקט אויף דעם דייטשען רב, צו רודפ'ן ר' משה'ן, דער פאַקט וואָס ר' משה ט"ב פלעגט געבען קמיעות.

דער ענין פון קמיעות, דאַרף מען וויסען, איז אַן אַלטע איינגע־וואָרצעלטע אמונה אין אידישען לעבען. שוין אין דער משנה געפינט זיך דער ענין פון קמיעות. עס שטעהט: „לא יצא אדם בקמיע בשבת בזמן שאינו מן המומחה." (שבת, הייסט עס, טאָר מען ניט טראָגען קיין קמיע אויסער ווען זי איז געשריבען געוואָרען פון איינעם וואָס איז בעהאַווענט אין די ענינים.) פונדעסטוועגען זיינען אַ סך גדולי ישראל כמעט אין

יעדען דור, געווען געגען קמיעות, באהויפטענדיג, אז די אמונה אין קמיעות האָבען אידען איבערגנומען פון די אומות העולם אין צייט פון גלות בבל, אָבער ניט קענענדיג אויסראָטען די איינגעוואָרצעלטע אמונה, האָבען די חכמי המשנה, ווענינסטענס, געמאכט שווערינקייטען פאר די קמיעות טרעגער, ווארום, ווען קען דאָס זיכער זיין אז דער שרייבער פון דער קמיע איז באמת א מומחה?

דער פאקט איז אז די גדולי ישראל, וואָס האָבען יאָ געהאלטען פון קמיעות, זיינען על פּי רוב שטארק גערודפ'ט געוואָרען. איינער פון זיי איז געווען דער בארימטער רבי ר' יונתן פון פראָג, שפּעטער פון די דריי קהלות, אלטונא, האמבורג און װאנדסבעק, וועלכער איז גערודפ'ט גע־וואָרען צוליב די קמיעות וואָס ער פלעגט געבען, ממש, עד חרמה.

נאָך יענע מורא'דיגע מחלוקה געגען רבי'ן ר' יונתן, האָבען אפילו די גוטע אידען פון בעל שם'ס חדר ניט געוואָגט צו געבען קמיעות, און אויב איינער האָט יאָ געגעבען קמיעות, האָט ער עס געטאָן בחדרי חדירם (באהאלטענערהייט.) דער ערשטער גרויסער גוטער איד, נאָך דעם רבי'ן ר' יונתן, וואָס האָט געוואגט צו געבען קמיעות עפענטליך, איז געווען ר' משה טייטעלבוים, דער אוהעל'ער צדיק. דאָס האָט ד'עם דייטשען רב, ר' דוד פריזענהויזען אזוי אויפגערעגט, אז ער איז ארויס געגען ר' משה'ן אין א עפענטליכע מחלוקה. ער שרייבט אין איינע פון זיינע ספרים:— „ואני חושש לאדם כזה, שהוא חייב מיתות בית דין כנביא שקר.“

איך האָב ניט געקענט געפינען אין ערגעץ, אויב דער גאון ר' משה טייטעלבוים, האָט געענטפערט ר' דוד'ן אויף זיינע ביטערע באשולדיגונ־גען. עס זעהט אויס אז ר' משה האָט איגנאָרירט די גאנצע זאך. ער איז געווען צו גרויס און צו באקאנט אז אימיצער זאָל גלויבען אז ער איז חס ושלום א נביא שקר. עס האָבען זיך אָבער געפונען מענשען, טאקע אין אוהעל גופא, וואָס האָבען געהאלטען מיט ר' דוד'ן, און דערפון האָט זיך ענטוויקעלט א מסירה'לע.

די מסירה איז געווען, אז ר' משה טייטעלבוים גיט קמיעות צו אי־דישע סאָלדאטען, כדי זיי צו באפרייען פון דינען דער מלוכה.—אלזאָ, א מורד במלכות.

עס איז זיכער, אז ר' דוד פריזענהויזען גופא האָט ניט געהאט קיין שום נגיעה אין דער דאָזיגער מסירה. אז ער האָט פון דער מסירה אב־סאָלוט ניט געוואוסט. ר' דוד, וועלכער איז באמת געווען א גרויסער תלמיד חכם, און אן אמת'ער פרומער איד, וואָלט זיך זיכער ניט בא־

טיילינגט אין א מסירה וועלכע ווערט ביים אידישען פאָלק פאררעכענט אַלס דאָס גרעסטע פארברעכען אין אידישען לעבען. עס מאכט אָבער ניט אוים ווער דער מסור איז געווען, די מסירה איז איינגערייכט גע־וואָרען, און דער ענין האָט פשוט געשמעקט מיט—טויט.

די דאָזיגע געשיכטע, דארף מען וויסען, האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יאָהר 1822, אַלזאָ באַלד נאָך דעם וויענער קאָנגרעס. די מלוכות האָבען זיך נאָר וואָס באפרייט פון נאפּאָלעאָן דעם ערשטען. זיי זיינען נאָך אַלץ געווען אונטער דעם איינדרוק פון שרעק און אויפרעגונג. מען האָט געציטערט פאר דער מינדעסטער באוועגונג, און מען האָט באשטראָפט פאר דעם מינדעסטען פארראט. און דאָ קומט זיך פלוצלונג א מסירה'לע, אז א רבי פון צענדליגע טויזענדער אָנהענגער ארבייט גאָר געגען דער מלוכה. גיט קמיעות צו אידישע סאָלדאטען, כדי זיי זאָלען ניט דארפען דינען דער מלוכה.

מען קען זיך קוים משער זיין, וואס פאר אן אויפרעגונג די דאָזיגע מסירה האָט ארויסגערופען אין אונגארן. הויפּטזעכליך אין דער אוהעל'ער קהלה. מענשען זיינען ארומגעגאנגען ווי אבלים. געוויינט און געקלאָגט. מען האָט גערופען אספות. מען האָט געזוכט עצות. א קליינינקייט עפּעס, אזא מסירה!

די מלוכה נאטירליך, האָט ניט געצעגערט קיין מינוט. זי איז בא־פאלען דעם צדיק'ס הויז. זי האָט געזוכט, געפאָרשט, געגישטערט, זי האָט דעם צדיק גענומען אויף א שטרענגען פארהער. זי האָט אָבער גאָר ניט געפונען, אויסער א קעסטעלע מיט קמיעות, און דאָס האָט זי קאָנ־פיסקירט.

וואס שטעהט אָבער אין די דאָזיגע קמיעות? וואָס פאר א כח ליגט אין דיזע שטיקלאך פאפיר אז זיי זאָלען קענען באפרייען אידישע סאָל־דאטען פון דינסט? די רעגירונג האָט גענומען „פאכלייט", רבנים, סופרים, מלמדים, קיינער האָט אָבער ניט געוואוסט א וואָרט וואָס אין די דאָזיגע פאפירלאך שטעהט. די רעגירונג האָט ענדליך פעסטגעזעצט דעם טאָג פון פראָצעס, וואו דער צדיק גופא זאָל געבען אן ערקלערונג, וואָס אין די קמיעות שטעהט, און וועלכער כח עס ליגט אין זיי.

און מערקווירדיג, וועהרענד דאָס גאנצע אונגארישע יודענטום איז געווען אין טרויער, ציטערענדיג פאר דעם יום הדין פון דעם צדיק ר' משה טייטעלבוים, האָט זיך ר' משה גופא וועגען דעם גאנצען ענין גאָר ניט געקימערט. פונקט ווי די גאנצע זאך וואלט איהם ניט נוגע געווען. ער

האט זיך געטאן זיין ארבייט ווי תמיד, געלערנט, געדאווענט, געפראוועט טישען, און אלץ מיט שמחה, מיט התלהבות, און יראת הרוממות.

אונטערדעסן, האט זיך דער טאג פון פראצעס צוגערוקט נעהענטער און נעהענטער, און איינזעהענדיג אז דער צדיק גופא באקימערט זיך גאר ניט וועגען דער גאנצער זאך, האט דעם צדיק'ס פאמיליע מיט דער מיט־הילף פון עטליכע גבירים פון שטאדט אנגעשטעלט איינעם פון די בעסטע אדוואקאטען, וואס האט זיך אין דער דעמאלסדיגער צייט געפונען אין זעמפלינער קאמיטאט, (גובערניע), צו וועלכע אוהעל האט באלאנגט.

דער אדוואקאט האט דעם פראצעס אנגענומען. וואס ווייס אבער אן אדוואקאט פון קמיעות; פון „סנוי וסנסנוי, וסמנגלוף" אדער אנדערע צרופי שמות, וועלכע ווערען באנוצט אין קמיעות? דער אדוואקאט האט דאריבער געפאדערט, מען זאל איהם צוזאמענפיהרען מיט ר' משה טיי־טעלבוים כדי זיך בעסער צו באקענען מיט דעם ענין פון קמיעות.

הערענדיג אז זיין פאמיליע האט אנגעשטעלט אן אדוואקאט, איז דער צדיק פשוט ארוים פון די כלים. „מען טאר ניט," „מען טאר ניט" —האט דער צדיק געשריען מיט אלע זיינע כחות—„איך האב גענומען אן אדוואקאט. דעם בעסטען אדוואקאט אין דער גאנצער וועלט. דאס איז, דער מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא."

ווען דער צדיק האט זיך אביסעל בארוהיגט, האט ער דערצעלט די אנוועזענדע פאלגענדע געשיכטע:

„ווען דער גרויסער גאון ר' חיים כהן ראפאפארט איז געווען אין לעמ־בערג, האט אין יענער שטאדט געוואוינט א גראף, א געפעהרליכער שונא ישראל. צום שטארקסטען האט ער געהאסט דעם רב פון שטאדט, ר' חיים כהן, זכר צדיק לברכה. איינמאל האט מען דערצעלט דעם גאון אז זי־צענדיג אין קלוב מיט אנדערע פריצים, האט דער גראף געשווארען אז ער מוז דעם „ראבין" דער הרג'נען, קאסט עס וואס עס קאסט. ר' חיים האט זיך שטארק דערשראקען און איז ארומגעגאנגען ווי אהן א קאפ. פאר־טרויערט און צוטראגען.

„אויף דער פראגע פון דער רביצין, דעם גאון'ס ווייב, פארוואס ער געהט ארום אזוי פארטרויערט, האט איהר דער גאון מגלה געווען די גאנצע געשיכטע.

„די פרומע רביצין האט זיך אבער ניט פארלוירען. אדרבה, זי האט זיך געשטארקט, זאגענדיג צו איהר מאן:—„חיים, חיים, דו, דער גאון

פון דער וועלט זאָלסט פאַרגעסען וואָס די הייליגע גמרא זאָגט וועגען יצחק און רבקה: „זה עומד בזוית זו ומתפלל, וזו עומדת בזוית זו ומת־פללת,“ יצחק איז געשטאַנען אין איין ווינקעלע און האָט מתפלל געווען, און רבקה איז געשטאַנען אין אַן אַנדער ווינקעלע און מתפלל געווען, און גאָט ברוך הוא האָט זייערע תפלות דערהערט. לאָמיר טאָן דאָס זעלביגע, חיים, לאָמיר ביידע מתפלל זיין צום בורא עולם און דו וועסט זעהן אַז דער גוטער גאָט, ברוב רחמיו, וועט אונזערע תפלות פאַרנעמען.

„צוויי גרויסע טראָפּען טרערען האָבען זיך אַרויסגעקייקעלט פון ר' חיים'ס אויגען, ער האָט דערפיהלט אַז ער האָט טאַקע געזינדיגט, פאַר־לירענדיג דעם בטחון צום רבונו של עולם.

„ניט רעדענדיג אַ וואָרט, איז דער גאון צוגעגאַנגען צו דעם שראַנק ספרים, אַרויסנעמענדיג צוויי תהלים'לאַך, דערלאַנגט איין תהלים'ל צו זיין פרומע פרוי און איין תהלים'ל האָט ער גענומען פאַר זיך אַליין און ביידע האָבען זיך אַנידערגעשטעלט זאָגען תהלים מיט אַזויפיל געוויין, אַז עס האָט אויסגעזעהן אַז די גאַנצע וועלט וויינט מיט, מיט זיי.

„איידער עס איז טאָג געוואָרען, האָט אימיצער אָנגעקלאַפּט אין פענסטער, אָנזאָגענדיג די בשורה, אַז דער גראַף דער רשע, וואָס האָט גע־שוואוירען דעם גאון צו דער'הרג'נען, איז די נאַכט אַליין דער'הרג'ט געוואָרען.“

ענדיגענדיג די געשיכטע, האָט ר' משה טייטעלבוים געזאָגט צו זיין פאַמיליע:—,איך בין שטאַרק באַשעפטיגט מיט מיין ישיבה, און מיט די חסידים וואָס קומען צו מיר און האָב ניט קיין צייט צו זאָגען תהלים, מיין פרוי זאָל לעבען איז קראַנק און שוואַך און קען ניט זאָגען תהלים, און דאַריבער וועט דער רבונו של עולם אונז מוזען העלפען אָהן תהלים זאָגען.“

* * *

דער טאָג פון פּראָצעס איז געקומען.

שוין פון באַגינען זיינען די שוהלען און בתי מדרשים אין אוהעל געווען געפּאַקט מיט מתפללים. מענער, פרויען און אפילו קליינע קינדער זיינען געקומען מתפלל זיין צום בורא עולם, ער זאָל דעם צדיק מציל זיין פון דער מסירה. מען האָט געזאָגט תהלים. מען האָט געוויינט און גע־קלאָגט. ווידער און ווידער האָט מען אויפגעריסען די טיהרלאַך פון ארון הקודש, און געבעטען דעם אל רחום וחנון, פאַר דעם גאון און צדיק הדור.

דער צדיק אַליין אָבער איז געבליבען דער זעלבער. ער האָט זיך געטאָן זיין עבודה ווי געוועהנליך. פּאַרטיג ווערענדיג מיט זיין עבודה האָט ער געהייסען זיך געבען זיינע שבת'דיגע קליידער. די אַנוועזענדע האָבען אויפגעציטערט פון אַזאַ אומגעהויערע רוהיגקייט און הייליגען בטחון. דער צדיק האָט זיך אָנגעקליידעט אין זיינע שבת'דיגע מלבושים, האָט גענומען זיין שטעקען, און באַפוילען אַז קיינער זאָל ניט קומען אין געריכט אויסער זיין לייב גבאי.—ער איז אַוועק צום פּראָצעס.

דערזעהענדיג דעם צדיק אַריינקומען, דערזעהענדיג זיין געטליכע שעהנע צורה, און וואָס נאָך מעהר, דערזעהענדיג אַז דער צדיק איז געקומען זאָגאַר אָהן אַן אַדוואָקאַט, איז אַ פּחד געפאַלען אויף די דריי ריכטער וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען דעם צדיק צו משפּט'ן. די ריכטער האָבען איהם געבעטען זיך אַנידערזעצען, און דער צדיק האָט זיך פאַרנייגט, אַלס אַ צייכען פון דאַנקבאַרקייט.

דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעפאַנגען.

---

## קאַפּיטעל 9

**דער משפּט געגען דעם צדיק ר' משה טייטעלבוים,** אַלס מורד במלכות, דערפאַר וואָס ער האָט געגעבען קמיעות צו באַפרייען אידישע סאָלדאַטען האָט זיך אָנגעפאַנגען. דער צדיק, ווי שוין דערצעלט אין פאָריגען קאַפּיטעל, האָט געמאַכט אויף די ריכטער, ווען ער איז אַריינגעקומען צו זיין משפּט, אַ געוואַלדיגען איינדרוק. זיין אימפּאָזאַנטע שטעלונג, זיין וואונדער שעהנע צורה, און זיין שטאָלצע באַנעמונג האָט אַ פּחד געוואָרפען אויף די אַלטע אונגאַרישע ריכטער אַזוי אַז אַפילו דער געוועהנליך שטרענגער שטאַטען-וואַלט (פּראָסעקיוטאָר) האָט איהם באַהאַנדעלט מילד, און מיט רעספּעקט.

נאָך די געוועהנליכע פאָרמאַליטעטען, האָט זיך דער שטאַטסאַמוואַלט געווענדעט צום צדיק מיט דער פראַגע:

„הערר ראַבינער, איז עס אמת אַז איהר גיט צו די אידישע סאָלדאַטען קמיעות, כדי זיי צו באַפרייען פון דינען דער רעגירונג?“

„איך גיב קמיעות צו אידישע סאָלדאַטען“—האָט דער צדיק געענטפערט מיט אַ טיפער ערנסט—„ניט צו באַפרייען פון דינען דער

מלוכה, נאָר זיי אָפּצוהיטען פון חלול שבת און מאכלות אסירות ווי ווייט
מעגליך.״ באַר

„קענט איהר אונז זאָגען, עהרווירדיגער ראבינער, וואָס אין דיזע
קמיעות שטעהט?״—האָט דער שטאַטען־וואַלט פאָטגעזעצט, דערלאַנ־
גענדיג דעם צדיק א פּעקעל מיט קמיעות.

„איך קען אייך אַלעס זאָגען, הויכע ריכטער,״—האָט דער צדיק גע־
ענטפערט—„אָבער איידער איך וועל אייך געבען אַן ערקלערונג וועגען
די קמיעות, וואָלט איך בעטען אַן ערלויבנים פאר א קורצער ערקלערונג
וועגען אונזער אידישע אמונה בכלל.״

די ריכטער האָבען צווישען זיך געשפּראָכען עטליכע ווערטער, און
האָבען דעם צדיק די ערלויבנים געגעבען.

דער צדיק האָט אָנגעפאנגען. זיין האַלטונג איז געוואָרען נאָך
שטאָלצער. זיין צורה נאָך ליכטיגער. ער האָט אָנגעפאנגען מיט די
ווערטער:—„אני פי מלך שומר״—איך היט אָפּ דאָס באַפעהל פון מיין
קעניג. „מיר אידען—האָט דער צדיק פאָרטגעזעצט—גלויבען באמונה
שלמה אז „מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיע,״ אז דער קעניג פון דער
ערד מוז רעספּעקטירט ווערען פונקט ווי דער קעניג פון הימעל. און פאר
אונז אידען איז דער קעניג א טייל פון דער געטליכקייט אַליין. ווען מיר
אידען זעהען דעם קעניג דארפען מיר מאכען א ברכה: „ברוך שחלק
מכבודו לבשר ודם,״ געבענשט זאָל זיין גאָט וואָס האָט צוגעטיילט א טייל
פון זיין כבוד צו דעם קעניג. און פאר אונז אידען איז דער העכסטער
פּרינציפּ „דינא דמלכותא דינא״ דאָס געזעץ פון לאַנד מוז פּינקטליך
אָפּגעהיט ווערען.״

דער צדיק האָט דאַן געשילדערט די אידישע טרייהייט צו די רע־
גירונגען אין אַלע לענדער. ער האָט ציטירט א לאַנגע רייהע געשיכטליכע
באווייזען פון אידישע טרייהייט צו די רעגירונגען וואו זיי האָבען גע־
וואוינט. דער צדיק האָט גערעדט מיט האַרץ, מיט נשמה, מיט א הייליגען
פייער.

פאַרטיג ווערענדיג מיט זיין רעדע, האָט זיך דער צדיק געווענדעט
צום שטאַטען־וואַלט מיט די ווערטער:—„און איצט, מיין העררּ, בין
איך גרייט צו געבען אן ערקלערונג אויף אַלץ וואָס איהר וועט פון מיר
פאָדערען.

אין דעם געריכט איז געווען שטיל. עס האָט אויסגזעהן אז דער

צדיק האָט מיט זיין התלהבות'דיגע רעדע, אוועקגענומען די שפּראַך פון אַלעמען.

דער הויפּט ריכטער האָט ענדליך די שטילקייט אונטערבראָכען, ערקלע־רענדיג אַז די ריכטער ווילען זיך צוריקציהען פאַר אַ קורצער צייט.

נאָך אַ האַלבע שטונדע, זיינען די ריכטער צוריק אַריין אין געריכטס זאַאַל.

דער עלטעסטער פון זיי האָט זיך אויפגעשטעלט, בעטענדיג דעם צדיק, אַז אויך ער זאָל זיך אויפשטעלען.

„עהרענהאַפטער ראַבינער"—האָט דער ריכטער געזאָגט צומצדיק—„מיר האָבען געטאָן אונזערע פליכטען צו אונזער רעגירונג, רופענדיג אייך צום געריכט. מיר זעהען אייער אומשולד, און איהר זייט עהרענהאַפט באַפרייט."

די דריי ריכטער האָבען וואַרעם געדריקט דע צדיק'ם הענד בעטענדיג ענטשולדיגונג פאַר דעם עגמת נפש וואָס זיי האָבען איהם פאַרשאַפט.

דיזע געשיכטע האָט אַרויסגערופען אין אונגאַרן אַזויפיל אויפזעהען אַז ניט נאָר אידען, נאָר אויך גוים האָבען אָנגעהויבען לויפען קיין אוהעל צו דעם צדיק ר' משה טייטעלבוים נאָך ברכות און קמיעות.

וועגען דעם אַז אויך גוים פלעגען קומען צום אוהעל'ער צדיק נאָך קמיעות און ישועות, דערצעלען אונגאַרישע חסידים פאָלגענדען אינטע־רעסאַנטען עפּיזאָד:

ווי באַקאַנט איז לואיס קאָשוטה, (אין אונגאַרן ווערט ער גערופען קאָשוטה לאָיאש) דער באַרימטער אונגאַרישער פּאַטריאָט און פרייהייטס קעמפּער, געוועזען אַ גרויסער אוהב ישראל. ממש איינער פון די חסידי אומות העולם. און די אורזאַך פון דער מערקווירדיגער פריינדשאַפט צו אידען איז געווען טאַקע צוליב דעם צדיק ר' משה טייטעלבוים.

די מעשה געהט אַזוי:

ווען קאָשוטה איז געווען אַ יונגער אינגעל, איז ער קראַנק געוואָרען אויף אַן אונהיילבאַרע קראַנקהייט. פּאַטער און מוטער וועלכע זיינען געווען רייכע גוטסבאַזיצער האָבען געוועהנליך געטאָן אַלעס מעגליכע צו ראַטעווען זייער קינד'ס לעבען. דאָקטוירים האָבען אָבער גאָר ניט גע־קענט טאָן. זיי האָבען געגעבען אינסטרוקציעס ווי אַזוי אויפצוהאַלטען

דעם קינד׳ס לעבען ווי לאַנג נאָר מעגליך. ראַטעווען דאָס לעבען פון קינד איז אָבער געווען אונמעגליך.

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען עס האָט געקלונגען אין דער גאַנצער געגענד וועגען דעם פּראָצעס פון אוהעל׳ער צדיק און וועגען זיין באפרייאונג.

איינמאָל האָט זיך קאָשוטה׳ס מוטער געווענדעט צו איהר מאַן מיט אַ בקשה, אַז ער זאָל איהר ערלויבען צו פאָהרען מיט דעם קינד צו דעם אוהעל׳ער „ראַבין" וועלכער באַווייזט וואונדער. מאַכט איינפאַך פון טויט לעבעדיג. זי האָט אויך דערצעלט איהר מאַן אַז דער „ראַבין" איז פריינדליך צו ניט אידען ווי צו אידען.

קאָשוטה׳ס פאָטער וועלכער איז געווען אַ שטאָלצער מאַדיאַר האָט אין אָנפאַנג בשום אופן ניט געוואָלט מסכים זיין אַז זיין פרוי זאָל פאָהרען צו אַ אידישען „ראַבין." די מוטער האָט אָבער אַזוי לאַנג מפציר געווען, ביז זי האָט געקראָגען די ערלויבניש פון איהר מאַן.—וואָס טהוט ניט אַ פאָטער פאַר אַ קינד.

אַריינקומענדיג צום אוהעל׳ער צדיק מיט איהר קינד, און אויסגי־סענדיג פאַר׳ן צדיק איהר ביטער הארץ, איז דער צדיק שטאַרק גערירט געוואָרען פון רחמנות. ער איז אַריינגעפאַלען אין אַ טיפע דבקות, מור־מעלנדיג אַ שטילע תפילה. קומענדיג צו זיך האָט דער צדיק צוגערופען דאָס קראַנקע קינד און איהם געבענשט מיט דעם פסוק אין תהלים:— „נתתה ליראיך נס להתנוסס מפני קושט סלה," דאָס וואָרט „קושט" האָט דער צדיק צוזאַמענגעצויגען מיט דעם וואָרט „קאָשוטה", פאַרזיכערענדיג דער באַטריבטער מוטער אַז איהר קינד וועט געזונט ווערען, און וועט אַמאָל ווערען דער פאָהנען־טרעגער פון זיין פאָלק.

קאָשוטה איז ווירקליך געזונט געוואָרען, ער איז אויסגעוואַקסען איינער פון די גרעסטע פרייהייטס העלדען אין דער מענשליכער געשיכטע, און האָט אימער געדענקט די ברכה פון אוהעל׳ער צדיק. קאָשוטה איז געבליבען כל ימיו אַן אמת׳ער אוהב ישראל.

* * *

חסידים פאַרזיכערען אַז ביי קיין גוטען איד פון בעל שם׳ס חדר איז די אמונת המשיח ניט געווען אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט ווי ביי ר׳ משה טייטעלבוים. דער „אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח" איז ממש ניט אַרונטער פון זיינע ליפּען. ער פלעגט יעדען אָווענד בעפאָר ער האָט

זיך געלעגט שלאָפען, צוגרייטען זיינע מלבושים און אוועקשטעלען דעם שטעקען זיינעם ביים בעט, טאָמער וועט משיח קומען ביי נאכט, זאָל ער אלעם האָבען גרייט. צו זיין גבאי ר' מיכל גלאזער האָט ער געגעבען א באַפעהל אַז אויב ער וועט הערען עפּעס א רעש אין שטאָדט, זאָל ער איהם, (דעם צדיק) זאָפאָרט אויפוועקען, ווייל דאָס איז בלי ספק דער רעש אַז משיח איז געקומען. איינמאָל האָט ער געזאָגט צו זיינע מקורבים אַז זיי זאָלען זיך ניט וואונדערען וואָרום ער בענקט אַזוי נאָך משיח'ן. „איך האָב געזעהן דעם חורבן בית המקדש"—האָט דער צדיק געזאָגט—„און איך וואָלט אויך געוואָלט זעהן דעם בנין בית המקדש." די צדיקים פון דור האָבען דאריבער פּושט געוועזן אַז ר' משה טייטעלבוים האָט די נשמה פון ירמיה הנביא.

איינמאָל איז צו איהם געקומען איינער פון זיינע מקורבים דער־צעלענדיג איהם, אַז ניט ווייט פון דער שוהל, איז דאָ א הויז צו פאַר־קויפען, וועלכעס וואָלט געוועזן אַן אויסגעצייכענטע וואוינונג פאַר דעם רבי'ן, און מען קען דאָס הויז קויפען גאָר ביליג. דער צדיק האָט ניט געצעגערט א מינוט ענטפערענדיג, „וואָס דאַרף איך א הויז אין חוץ לארץ, אַז משיח וועט דאָך באַלד קומען און איך וועל אם ירצה השם האָבען א הויז אין ירושלים."

אָט איז אַנאַנדער עפּיזאָד וועלכען אונגארישע חסידים דערצעלען:

איינמאָל בעפאָר יום כפּור, האָט דער צדיק ארויסגעשיקט א באַפעהל צו אַלע מלמדים פון אוהעל, אַז זיי זאָלען ברענגען אַלע זייערע תלמידים צו „כל נדרי" אין שוהל. די מלמדים נאַטירליך האָבען דעם באַפעהל אויסגעפאָלגט.

עס איז געוועזן פאַר כל נדרי. די שוהל איז געוועזן אָנגעפילט מיט מתפּללים. דער צדיק איז געשטאַנען איינגעהילט אין קיטעל און טלית ביים ארון קודש. א פּחד איז אויף אַלעמען געפאַלען זעהענדיג דעם צדיק ממש איינגעהילט אין פייער. ער איז געשטאַנען וואַרטענדיג אויף עפּעס. פּלוצלונג, זיינען אריינגעקומען די מלמדים מיט הונדערטער תנוקות של בית רבן. עס איז געוועזן א הימליש בילד.

דער צדיק האָט זיך דאַן געווענדעט צו די קינדער אויסשרייענדיג:

טייערע אידישע קינדער, זאָגט מיר, ווען גאָט ברוך הוא וואָלט גע־הייסען איהר זאָלט זיך לאָזען שעכטען פאַר זיין הייליגען נאָמען וועגען, וואָלט איהר געפאָלגט?""

„יאָ, הייליגער צדיק,“—האָט עס אויסגעדונערט פון הונדערטער קינדער שטימען.—„יאָ, יאָ!“

דער צדיק האָט דאַן אויפגעריסען די טיהרלאַך פון ארון הקודש, אויסשרייענדיג, מיט געוויין און יאָמער:—„רבונו של עולם, פון יאָהר צו יאָהר, שרייט צו דיר דיין פאָלק „ועקדת יצחק לזרעו של יעקב ברחמים תזכור“, אַז דו זאָלסט מיט דיין רחמנות געדענקען, דעם זכות פון יצחק, וואָס איז געווען גרייט זיך צו לאָזען שעכטען פאַר דיין הייליגען נאָמענ'ס וועגען. יצחק איז געווען נאָר איינער און דאָ האָסטו, גאָטעניו, הונדערטער קינדער וואָס זיינען גרייט צו טאָן דאָס זעלביגע וואָס יצחק, העלפזשע, רבונו של עולם דיין פאָלק אין זייער זכות. שיק אונז דעם גואל צדק במהרה בימינו, און זאָל ער אויסלייזען דיין פאָלק פון דעם פינסטערען גלות.

זומער פון יאָהר תר"א, זייענדיג אין טשעטשאָוויץ אויף א ברית מילה ביי זיין אייניקעל, איז דער צדיק פּלוצלונג קראַנק געוואָרען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען וואָס ער איז קראַנק געווען. מען האָט איהם באַלד צוריקגעפירט קיין אוהעל וואו עס האָבען זיך גע־פונען גוטע דאָקטוירים. די דאָקטוירים האָבען אָנגעווענדעט אַלע מעג־ליכע מיטלען צו רעטען דעם צדיק'ס לעבען. עס האָט אָבער גאָר ניט געהאָלפען, דער גזר דין איז געווען פאַרזיגעלט.

שבת איז עס געווען, אַכט און צוואַנציג טעג אין תמוז. דער צדיק איז געלעגען אויף זיין קראַנקען בעט אין דבקות ממש חוץ לדרך הטבע, פּלוצלונג האָט דער צדיק אָנגעהויבען שרייען מיט זיינע לעצטע כחות:

„רבונו של עולם, דו ווייסט דאָך דעם אמת, אַז איך בין טאַקע דער ערגסטער, און דו ווייסט דאָך דעם אמת אַז איך מיין נאָר דעם אמת. ווארום די איינע מעלה האָב איך, אַז איך האָב קיינמאָל קיין ליגען ניט גע־זאָגט, וועל איך אַצינד בודאי קיין ליגען ניט זאָגען. זאָג איך אַצינד, רבונו של עולם, ווען משה בן חנה וואָלט געווען געוואוסט אַז ער וועט גרוי ווערען און משיח וועט נאָך אַלץ ניט קומען וואָלט ער בודאי ניט גע־קענט אויסהאַלטען. נאָר דו, רבונו של עולם, האָסט איהם געפּאַפּט פון טאָג צו טאָג. נו, א קונסט ביים רבונו של עולם, אויסצופּאַפּען אַן אַלטען נ. . . . בעט איך דיך אַצינד, רבונו של עולם, שיק אונז משיח'ן. איך מיין נישט מיין טובה, נאָר פון דיינעט וועגען, למען יתגדל ויתקדש שמך ברבים. פון מיינעט וועגען, זאָל איך זיין א כפרה פאַר כל ישראל, אפילו איך זאָל קיין זכיה ניט האָבען צו זיין תחת כנפות רגלי הצדיקים אַבי נאָר משיח זאָל קומען, און דו, רבונו של עולם, ווייסט דעם אמת אַז איך מיין נאָר פאַר

דיינעט וועגען."—דער צדיק האָט דאַן אָנגעהויבען זאָגען: אלקי, נשמה אשר נתת בי, טהורה היא, אתה יצרתה, אתה משמרה, ואתה עתיד לטלה ממני. מיט דיזע ווערטער האָט ער צוריקגעגעבען זיין גרויסע נשמה צו זיין באַשעפער.—ער איז נפטר געוואָרען בקדושה ובטהרה.

---

# דער סיגעט׳ער צדיק ר׳ יקותיאל יהודה טייטעלבוים

## קאפיטעל 1

דער אמת׳ער ממלא מקומו פון אוהעל׳ער צדיק ר„ משה טייטעלבוים איז געווען ניט זיין בן יחיד ר׳ אלעזר ניסן נאר זיין אייניקעל ר׳ יקותיאל יהודה טייטעלבוים, (ר׳ אלעזר ניסן׳ס עלטסטער זוהן, שפעטער דער סיגעטער צדיק.) און פונקט ווי דער זיידע איז אויך געווען דאס אייניקעל א גאון עולם. און פונקט ווי דער זיידע איז אויך געווען דאס אייניקעל א דרשן נפלא, און פונקט ווי דער זיידע איז אויך געווען דאס אייניקעל א רבי פון צענדליגע טויזענדער חסידים.

אבער איידער מיר געהען ווייטער מיט דער דערצעלונג פון סיגעטער צדיק, ר׳ יקותיאל יהודה טייטעלבוים, איז וויכטיג זיך אביסעל צו באַ־קענען מיט דער געשיכטע פון ר׳ אלעזר ניסן, דעם סיגעטער צדיק׳ס פאטער.

ר׳ אלעזר ניסן איז געבוירען געווארען אין יאהר תקמ״ו אדער תקמ״ז. שוין אין זיין יוגענד איז ער געווען א כלי מפואר, און וועמען זיין גרויסער פאטער, ר׳ משה ש״ב, האט זיך פשוט געשפיגעלט. אלט ווערענדיג 8 יאהר האט דאס קינד מרעיש עולמות געווען מיט זיינע וואונדערבארע פעהיגקייטען אין תורה. אין דעם ספר „תפלה למשה“ אויף תהלים פון זיין פאטער ר׳ משה טייטעלבוים, ווערט עטליכע מאל געבראכט „ וכן אמר בני היונק אלעזר ניסן“, (אזוי האט געזאגט מיין יונג קינד אלעזר ניסן.)

אלט ווערענדיג ניין (9) יאהר, איז אלעזר ניסן קראנק געווארען אויף א זעהר געפעהרליכע קראנקהייט. זיין פאטער, ר׳ משה טייטעלבוים האט איינגעריסען וועלטען מיט תפילות ובקשות צום בורא עולם, פאר זיין קראנק קינד. איינזעהענדיג אז אלע טויערען זיינען פאר איהם פארשלאַ־סען און אז דאס קינד האלט פשוט ביים אויסגעהן, האט ר׳ משה טייטעל־בוים אריינגערופען צוויי פון זיינע מקורבים באפעהלענדיג אז זיי זאלען תיכף ומיד פאהרען קיין ליזענסק, אויף דעם קבר פון רבי׳ן ר׳ מלך.

„זאָגט דעם הייליגען רבי'ן ר' מלך"—האָט דער צדיק באַפאָלען—„אז משה בן חנה פון שינאָווע, בעט איהם ער זאָל ממליץ טוב זיין פאר זיין בן יחיד אלעזר ניסן בן חי' שרה וועלכער דארף רחמים גדולים."—„זאָגט דעם צדיק"—האָט ר' משה ט"ב פאָרטגעזעצט—„אז הגם משה בן חנה האָט זיך ניט געוואָלט מיט דעם צדיק צוזאַמענקומען בחייו, האָט ער אָבער כל ימיו מתפלל געווען אז דעם צדיק'ס נשמה זאָל נתעלה ווערען למעלה, למעלה." ר' משה האָט אָנגעזאָגט די שלוחים, אז ווען זיי וועלען זיין ביי דעם רבי'ן ר' מלך'ס קבר, זאָלען זיי זעהן אקוראַט ווי שפּעט עס איז.

עס איז געווען דעם צווייטען טאָג נאָך דעם ווי די שלוחים זיינען אוועק צו דעם רבי'ן ר' מלך'ס קבר, די קראַנקהייט האָט געשטיגען העכער און העכער. דאָס קינד האָט מעהר קיינעם ניט דערקענט. די יללה אין צדיק'ס הויז איז געווען אין לשער ואין לספר. דער צדיק אליין, ר' משה טייטעלבוים, האָט אָבער דעם בטחון צום בורא עולם ניט אויפגעגעבען. ער איז געשטאַנען אין א זייטען שטיבעל ניט ווייט פון קראַנקען צימער, איינגעהילט ממש אין פייער. זיינע תפילות און השתפכות הנפש האָבען איינפאַך געשפּאָלטען הימלען. פּלוצלונג האָט ר' משה דערהערט ווי זיין קינד שרייט:—„טאַטע!" "טאַטע!" ר' משה איז שנעל אריינגעלאָפען אין קראַנקען צימער און האָט צו זיין איבערראַשונג דערזעהן אז די קראַנק־הייט האָט געגצליך געבראָכען.

„וואָס איז מיין קינד?"—האָט דער צדיק געפרעגט צובויגענדיג זיך צו דעם קראַנקען קינד.

„הייליגער טאַטע,"—האָט דאָס קראַנקע קינד געענטפערט—„איך וועל אם ירצה השם געזונט ווערען, איך וועל זיין געזונט און שטאַרק, און לערנען, און דינען דעם באַשעפער."

„פון וואַנען ווייסטו דאָס אלץ מיין קינד?"—האָט דער צדיק גע־פרעגט מיט שטראַלענדע שמחה.

„דער אַלטער איד האָט מיר מבטיח געווען."—האָט דאָס קינד גע־ענטפערט.

„וועלכער אַלטער איד, טייער קינד?"

דאָס קינד האָט דערצעלט אז אַן אַלטער איד, תואר פני אלקים, מיט א געטליך געשטאַלט איז אָקאָרשט ביי איהם געווען, און איהם געבענשט, מיט געזונט, מיט אריכת ימים, און מיט יראת שמים. מאָלענדיג די צורת

פון דעם אַלטען איד האָט דער גליקליכער פאָטער ר׳ משה טייטעלבוים געוואוסט אַז דאָס איז געווען דער רבי ר׳ מלך.

שפּעטער, ווען די שלוחים זיינען צוריקגעקומען פון ליזענסק, האָט מען אויסגעפונען אַז פּונקט אין דערזעלבער צייט וואָס די שלוחים זיינען געשטאַנען ביי דעם רבי׳ן ר׳ מלך׳ס קבר, האָט זיך דער רבי ר׳ מלך באַוויזען צו דעם קראַנקען קינד.

דעם רבי׳ן ר׳ מלך׳ס ברכות זיינען באמת מקוים געוואָרען. ר׳ אלעזר ניסן איז אויסגעוואַקסען אַ גאון עולם און אַ צדיק תמים. דאָך איז ער ניט געוואָרען דער ממלא מקומו פון זיין פאָטער, ער איז איבערהויפּט ניט געוואָרען קיין רבי פון חסידים. די מעשה דערפון איז געווען אַזוי:

אין יאָהר תקצ״ד האָט סיגעט, די הויפּטשטאָדט פון דער פּראָווינץ מאַרמאַריש (פריהער אונגאַרן איצט רומעניען), געדאַרפט אַ רב. סיגעט דאַרף מען וויסען, איז שוין מיט מעהר ווי הונדערט יאָהר צוריק געווען אַן עיר ואם בישראל. סיגעט האָט אימער געהאַט רבנים גאוני עולם. סיגעט איז אויך געווען אַ שטאָדט פון חסידים. אין סיגעט זיינען אפילו די מתנגדים געווען חסידים, און אויסגעפינענדיג אַז סיגעט דאַרף אַ רב, האָט דער צדיק ר׳ משה טייטעלבוים באַשלאָסען אַז זיין בן יחיד, ר׳ אלעזר ניסן, איז דער פּאַסענדער מאַן צו קריגען סיגעטער רבנות.

אומר ועושה. ר׳ משה טייטעלבוים האָט אריינגעשריבען אַ בריף צו דעם ראש הקהל פון סיגעט פאַרשלאָגענדיג זיין בן יחיד ר׳ אלעזר ניסן אַלס רב פון סיגעט. אין זיין בריף האָט ר׳ משה באַצייכענט זיין זוהן אַלס אַ „גדול כאחד הראשונים, בחריפתו ובקיאותו, ובצדקתו, וקדושתו,“ און ער האָט פאַרזיכערט, אַז די סיגעטער קהלה וועט זיך ניט דאַרפען שעהמען מיט זיין זוהן „לא בעולם הזה ולא בעולם הבא.“ ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט.

עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערען, אַז ר׳ משה טייטעלבוים האָט ניט געהאַט אַ סך חסידים אין סיגעט. סיגעט האָט, וועגען אירגענד וועלכע אורזאַך, אימער געגעבען לפי ערך מעהר חסידים צו די גוטע אידען פון גאַליציען און בוקאָווינאַ, ווי בעלז, קאָסאָוו, שפּעטער וויזניץ, סאַנז, און אַנדערע רבישע דינאַסטיעס, ווי צו אונגאַרישע גוטע אידען. אפילו ווי צו איהרע אייגענע גוטע אידען. סיגעטער אידען האָבען אָבער געוואוסט אַז ר׳ משה טייטעלבים איז אין אונגאַרן פאַררעכענט אַלס דער גרעסטער גאון נאָכ׳ן חתם סופר, און אַז ער איז אַ צדיק תמים, און שרייבענדיג אויף

זיין זוהן „והוא גדול כאחד הראשונים“, האָט די סיגעטער קהלה ניט לאַנג געטראַכט און ערוועהלט ר׳ אלעזר ניסן אַלס איהר רב.

אַלטע חסידים פּלעגען דערצעלען, אַז בשעת פאָטער און זוהן זיינען געפאָרען איבערנעמען סיגעטער רבנות, איז דער וועג פון אוהעל ביז סי־געט געווען ממש באַדעקט מיט צענדליגע טויזענדער חסידים. אָנקומענ־דיג אין סיגעט, איז דער כבוד וואָס די געמיינדע האָט געגעבען פאָטער און זוהן געווען איינפאַך כבוד מלכים. אַזויפיל מענשען צוזאַמען האָט נאָך סיגעט קיינמאָל ניט געזעהן, ניט בעפאָר און ניט דערנאָך.

דער „תהלה למשה“ דערצעלט, אַז זעהענדיג דעם גרויסען כבוד און גדולה וואָס מען טיילט איהם צו, האָט זיך דער אַלטער צדיק ר׳ משה טייטעלבוים שטאַרק צואוויינט: „וועה איז צו מיר, אַזויפיל טייערע אידען זיינען זיך מטריח צוליב מיר.“—האָט ר׳ משה געזאָגט—„און וועה איז צו דעם יעניגען, צוליב וועמען די וועלט מאַכט אַ טעות.“ זעהענדיג די טרערען פון זיין פאָטער, האָט ר׳ אלעזר ניסן איהם געטרייסט:

„נישט צוליב דיר האָט זיך דער עולם מטריח געווען, טייערער פאָ־טער“—האָט ר׳ אלעזר ניסן געזאָגט—„נאָר צוליב דיין תורה. די אידען ווייסען אַז דו ביזט אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ גאון מובהק, און אַז דו ביזט עוסק בתורה יום ולילה און זיי זיינען געקומען געבען כבוד דער תורה.“

„דו האָסט מיך געטרייסט, מיין קינד“—האָט דער אַלטער צדיק געזאָגט,—„אָן דו זאָלסט געטרייסט ווערען פון גאָט ברוך הוא.“ דער צדיק האָט דאַן געזאָגט אַ תורה אויף דעם פּסוק אין תהלים „לכן ישמח לבי, ויגל כבודי.“ די תורה איז אָפּגעדרוקט אין דעם צדיק׳ס ספר „תפלה למשה“ אויף תהלים.

דערביי ווערט שוין טאַקע דערצעלט אויך אַ מופת.

אין סיגעט, דערצעלען חסידים, האָט דאַן געוואוינט אַ ריכטער, אַ מורא׳דיגער צורר ישראל. זעהענדיג דעם גרויסען כבוד וואָס ווערט צו־געטיילט דעם נייעם רב און זיין פאָטער, האָט דער צורר געטאָן אַלעס מעגליכע, די שמחה צו פאַרשטערען. מען האָט דאָס דערצעלט דעם או־העלער צדיק. דער צדיק האָט זיך פאַרטראַכט און גאָר ניט געענטפערט. דעמזעלבען טאָג האָט דער ריכטער איינגענומען אַ מיתה משונה.

אָבער ווי שטעהט דאָרט עפּעס: „בקש יעקב לישב בשלוה קפץ עליו רגזו של יוסף,“ קוים איז דער אַלטער צדיק צוריקגעפאָרען קיין אוהעל און

געגען זיין זוהן ר׳ אלעזר ניסן האָט אויסגעבראָכען א מורא׳דיגע מחלוקה מצד קאָסאָווער חסידים.

ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרען פריהער, האָט סיגעט געגעבען חסידים כמעט צו אַלע גאַליציאַנע און בוקאָווינער גוטע אידען. צו יענער צייט, ווען אונזער געשיכטע שפּילט זיך אָפּ, זיינען כמעט אַלע סיגעטער אידען געווען קאָסאָווער חסידים. דאָס הייסט, חסידים פון דעם גרינדער פון דער קאָסאָווער דינאַסטיע, דער רבי ר׳ מענדעלי, און ניט נאָר סי־געטער אידען נאָר כמעט אַלע אידען פון מאַרמאַריש, זיינען געווען קאָסאָ־ווער חסידים. דער רבי ר׳ מענדעלי קאָסאָווער איז פּאַקטיש געווען דער מושל בכפּה אין מאַרמאַריש. קיין זאַך איז ניט געטאָן געוואָרען אָהן ר׳ מענדעלי קאָסאָווער׳ס הסכמה. האָט מען געדאַרפט א רב האָט ר׳ מענ־דעלי קאָסאָווער אַריינגעשיקט א רב. האָט מען געדאַרפט א שוחט האָט ר׳ מענדעלי אַריינגעשיקט א שוחט. קורץ, אַלע צרכי צבור אין מאַר־מאַריש זיינען געטאָן געוואָרען נאָר מיט ר׳ מענדעלי׳ס הסכמה.

צום ערשטען מאָל וואָס די גרעסטע שטאָדט אין מאַרמאַריש, סיגעט, האָט ניט געזוכט ר׳ מענדעלי׳ס הסכמה איז געווען, ווען סיגעט האָט אויפגענומען ר׳ אלעזר ניסנ׳ען פאַר א רב. דאָס איז געטאָן געוואָרען ערשטענס, צוליב דעם זכות פון זיין פאָטער דער באַרימטער אוהעלער גאון, ר׳ משה טייטעלבוים, און צווייטענס, טאַקע צוליב ר׳ אלעזר ניסן גופא, וואָס האָט שוין אין יענער צייט אַליין גע׳שם׳ט אלס א גאון.

די קאָסאָווער חסידים אין סיגעט, האָבען אָבער דעם חטא ניט גע־קענט מוחל זיין. אויפנעמען א רב אין סיגעט אָהן דער הסכמה פון זייער רבי׳ן איז פאַר זיי געווען א מורא׳דיגער חלול הקודש. פּשוט א מורד במלכות. האָבען זיי געוואַרט אויף א געלעגענהייט, זיך אָפּצורעכענען מיט דעם נייעם רב, און אזא געלעגענהייט האָבען זיי טאַקע געקראָגען.

די מעשה איז געווען אזא:

אין קרעטשענוב, א קליין שטעדטעלע נעבען סיגעט, האָט מען גע־דאַרפט א שוחט, אזוי ווי קרעטשענוב האָט באַלאַנגט צו סיגעטער רבנות, האָט ע״פ דין געדאַרפט אַריינשיקען א שוחט אין קרעטשענוב, דער סי־געטער רב, ר׳ אלעזר ניסן. קאָסאָווער חסידים האָבען אָבער אָנגעווענ־דעט אַרלייַ מיטלען, ביז זיי האָבען געפּועלט אז אַריינגעשיקט דעם שוחט האָט גאָר דער קאָסאָווער צדיק. זייער טענה איז געווען אז ר׳ אלעזר ניסן איז טאַקע דער רב, איז אָבער ר׳ מענדעלי דער רב הרבנים, און אזוי איז טאַקע ר׳ מענדעלי געווען ביז ר׳ אלעזר ניסן איז ניט געקומען קיין סיגעט.

ר׳ אלעזר ניסן האָט אָבער פון דער טענה ניט געוואָלט וויסען, און ער האָט דעם קרעטשעניבער שוחט גע׳אסר׳ט. דערפון האָט זיך צופלאַקערט אַ פייערדיגע מחלוקה. מיט דין תורות, מיט שאלות ותשובות. אונגארישע גאונים האָבען געהאַלטען מיט ר׳ אלעזר ניסנ׳ען. זיי האָבען דעם שוחט גע׳אסר׳ט. חסידים האָבען געהאַלטען מיט קאַסאָוו. קורץ, די מחלוקה האָט געפלאַקערט עד לב השמים.

---

## קאַפּיטעל 2

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין פאָריגען קאַפּיטעל האָט אין סיגעט אויסגעבראָכען אַ געפעהרליכע מחלוקה געגען דעם גאון וצדיק ר׳ אלעזר ניסן טייטעלבוים, דער פאָטער פון ר׳ יקותיאל יהודה, שפעטער דער סיגעטער צדיק, צוליב דעם קרעטשעגובער שוחט וועמען ר׳ אלעזר ניסן האָט גע׳אסר׳ט. די קאַסאָווער חסידים אין סיגעט האָבען בשום אופן ניט געקענט מוחל זיין ר׳ אלעזר ניסן דעם חטא, צו אסר׳ן אַ שוחט וואָס זייער רבי, דער רבי ר׳ מענדעלי פון קאַסאָוו האָט אריינגעשיקט קיין קרעטשענוב. הגם די גרעסטע גדולי אונגאַרן פון יענער צייט האָבען געהאַלטען מיט ר׳ אלעזר ניסנ׳ען. אַזוי זיינען שוין חסידים, יאָ גדולי ישראל, ניט גדולי ישראל, אַז דער רבי הייסט מוז מען פאָלגען. די מחלוקה האָט פשוט פאַרביטערט דאָס לעבען פון דעם שטילען און רוהיגען גאון ר׳ אלעזר ניסן.

עס ווילט שווערליך גלויבען אַז ר׳ מענדעלי קאַסאָווער גופא האָט געהאַט אירגענד וועלכע נגיעה אין דער דאָזיגער מחלוקה. דען וויסען דאַרף מען אַז אויסער וואָס ר׳ מענדעלי קאַסאָווער איז געווען אַ קדוש עליון, פאַר וועמען אַלע צדיקים פון דור האָבען געהאַט גרויס דרך ארץ, איז ר׳ מענדעלי אויך געווען אַ גדול בתורה. אַז גאון ווי ר׳ משולם טיסמיניצער דער מחבר פון „איגרא רמה“, שפעטער פרעסבורגער רב, באַצייכענט ר׳ מענדעלי׳ן אין זיין ספר מיט דעם טיטעל גאון, און צו יענער צייט, דאַרף מען וויסען, איז דער טיטעל גאון ניט געווען אַזוי ביליג ווי היינט, איבערהויפט ניט ביי אַזאַ ריעז אין דער תורה ווי עס איז געווען ר׳ משולם טיסמיניצער. ר׳ מענדעלי קאַסאָווער איז אויך געווען אַן איש שלום וואָס האָט מלמד זכות געווען אויף איטליכען איד.

חסידים דערצעלען אז אין א שטעדטעל, ניט ווייט פון קאסאוו, האט אמאל אויסגעבראכען א מחלוקה אויף דעם דארטיגען שוחט. די פיהרער פון שטעדטעל זיינען געלאפען צו ר' מענדעלי קאסאווער איהם אנדער־צעלט אויף דעם שוחט כל דבר אסור, אזוי אז דער צדיק ר' מענדעלי איז שוין געווען גרייט דעם שוחט צו אסר'ן. איינמאל איז געקומען צו ר' מענדעלי'ן א פשוט'ער איד פון דעמזעלביגען שטעדטעל, אויף דער פראגע פון צדיק וואס עס הערט זיך עפעס מכח דעם שוחט, האט דער איינפאכער איד געענטפערט, אז נאך זיין מיינונג טשעפעט מען זיך צום שוחט בחנם. אז בכן דער שוחט, איז א גאנץ ערליכער איד און א גוטער שוחט, נאר שונאים האבען זיך אויף איהם פארלייגט אוועקצונעמען פון איהם דאס שטיקעל ברויט.

הערנעדיג די דאזיגע ווערטער, האט ר' מענדעלי תיכף ומיד אריינ־געשריבען אין דעם שטעדטעל אז מען זאל אויפהערען דעם שוחט רודפ'ן.

די בעלי בתים פון שטעדטעל, האבען בשום אופן ניט געקענט פאר־שטעהן וואס דא קומט פאר. ערשט מיט עטליכע וואכען צוריק איז דער רבי געווען גרייט דעם שוחט צו אסר'ן, און דא פלוצלונג הייסט גאר דער רבי אויפהערען איהם צו רודפ'ן?

נאך א חקירה ודרישה האבען די בעלי בתים אויסגעפונען אז דער און דער בעל הבית איז געווען ביים רבי'ן און האט מליץ טוב געווען אויף דעם שוחט.

די בעלי בתים זיינען געווארען אויסער זיך פאר כעס, וואס הייסט זיך צוהערען צו א יחיד געגען א רבים;

עטליכע בעלי בתים זיינען אריינגעפארען צום רבי'ן, פרעגענדיג דעם צדיק, היתכן? מיר זיינען דער רוב מנין און רוב בנין אין שטעדטעל, און דער רבי הערט זיך גאר צו צו איינעם א פשוט'ען איד?

„הערטזשע זיך צו, מיינע ליבע אידען"—האט דער צדיק געזאגט מיט א הייליגע תמימות—„אין דער הייליגער תורה שטעהט אז גאט ברוך הוא, בכבודו בעצמו, האט געזאגט צו אברהם אבינו, „קח נא את בנך" נעם דיין זוהן און ברענג איהם פאר א קרבן פאר מיינעט וועגען, זאגען די היי־ליגע חכמים, אז אברהם האט זיך גאר ניט געאיילט, גאט ברוך הוא האט איהם געזאגט „קח נא את בנך", האט אברהם געענטפערט, וועלכען זוהן, איך האב דאך צוויי זיהן? האט גאט ברוך הוא געענטפערט „את יחידך"

דיין איינציגען זוהן, האָט אברהם גע'טענה'טביידע זיהן זיינען איינציג צו זיין מוטער, האָט גאָט געענטפערט „אשר אהבת," דעם וואָס דו ליבסט, האָט אברהם ווייטער גע'טענה'ט, איך האָב ליבביידען, ביז גאָט ברוך הוא האָט איהם אַרויסגעזאָגט—„את יצחק."

„שפּעטער שטעהט, ויקרא אליו מלאך ד' מן השמים, און א מלאך האָט גערופען צו אברהם'ן און איהם געזאָגט, אברהם, זאָלסט ניט וואגען אויסצושטרעקען דיין האנד געגען דיין זוהן, האָט אברהם גאָר ניט גע־פרעגט קיין קשיות, נאָר אַוועקגעוואָרפען האַק און פּאַק, און פּטור. איז דאָך די קשיא, ווי קומט עס אז ווען גאָט ברוך הוא אַליין, כביכול, בכבודו ובעצמו, האָט געהייסען שעכטען האָט אברהם אבינו געצעגערט און גע־פרעגט קשיות, און ווען אַ מלאך האָט איהם געזאָגט ניט שעכטען האָט אַברהם תיכף געפאָלגט ניט פרעגענדיג קיין קשיא?

„נאָר דער ענין דערפון איז אַזוי, שעכטען אַ מענש דאַרף מען זיך שטאַרק מיישב זיין זאָגאר ווען גאָט ברוך הוא אַליין באַפעהלט, ראַטעווען אַ מענשען פון שחיטה דאַרף מען זיך איילען אפילו נאָר אַ מלאך הייסט, און טאַקע דערפאַר שטעהט „כי עתה ידעתי כי ירא אלקים אתה", איצט ווייס איך אַז דו ביזט א ירא שמים— איצט ווען דו האָסט ניט געשאָכטען.

די בעלי בתים האָבען פאַרשטאַנען דעם וואונק, און האָבען אויפגע־הערט דעם שוחט צו רודפ'ן.

דיזער געלונגענער וואָרט פון ר' מענדעלי קאָסאָווער איז נתפשט גע־וואָרען בכל תפוצות ישראל.

עס ווילט זיך דאריבער ניט גלויבען אַז דער צדיק ר' מענדעלי האָט געהאַט אַ חלק איז דער מחלוקה געגען ר' אלעזר ניסנ'ען. עס איז העכסט וואַרשיינליך געווען די חסידים וואָס האָבען די מחלוקה צופלאַקערט, ווי זאָגט יענער ליץ, „דאָס חסידות איז גוט, די רביים זיינען אויך גוט, טויגען, טויגען ניט די חסידים." אַלענפאַלס האָבען די קאָסאָווער חסידים אזוי פאַרביטערט דאָס לעבען פון זייער רב, ר' אלעזר ניסן, אַז ער איז אַליין אוועק פון סיגעט.

שפּעטער איז ר' אלעזר ניסן אויפגענומען געוואָרען אַלס רב פון דראָהביטש, גאַליציע, וואו ער האָט געלעבט בקדושה ובטהרה כל ימי חייו, קיין רבי פון חסידים האָט ער ניט געוואָלט זיין, ביז זיין גרויסער פּאָטער, דער אוהעלער צדיק האָט קודם פּטירתו עדות געזאָגט אַז „דער כח וואָס איז געווען אין זיינע קמיעות, ליגט איצט אין דעם מויל פון זיין זוהן ר'

אלעזר ניסן." אין אָנפאַנג פלעגען צו איהם קומען מאַסען חסידים, ער האָט זיי אָבער ניט געוואָלט אויפנעמען.

איינזעהענדיג אַז ר' אלעזר ניסן איז ענטשלאָסען ניט צו זיין קיין רבי פון חסידים האָבען חסידים אויפגעהערט צו איהם צו פאָרען. ר' אלעזר ניסן איז נפטר געוואָרען שבת שובה, אין יאָהר תרט"ו, איבערלאָזענדיג דריי זיהן:—ר' יקותיאל יהודה טייטעלבוים, דער סיגעטער צדיק, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען דער גרעסטער גוטער איד אין אונגאַרן, וועגען וועמעס לעבען און ווירקען מיר געהען דאָ דערצעלען. די אַנדערע צוויי זיהן זיינען געווען ר' שמואל טייטעלבוים רב פון גאַרליץ, גאַליציען, און ר' נחום צבי, א בעל הבית און אַ גדול בתורה אין דראָהביטש.

* * *

דער סיגעטער צדיק, ר' יקותיאל יהודה טייטעלבוים, ווי שוין געזאָגט, איז געווען דער אמת'ער ממלא מקומו פון זיין גרויסען זיידען, ר' משה טייטעלבוים. פּונקט ווי דער זיידע איז אויך געווען דאָס אייניקעל, אַ גאון עולם און אַ צדיק תמים.

דער סיגעטער צדיק איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר תקס"ח. חסידים באַהויפּטען אַז שוין אַלס קינד פון פינף יאָהר, האָט איהם זיין זיידע, ר' משה טייטעלבוים מסמיך געווען צו ווערען זיין ממלא מקומו. די געשיכטע דערצעלט זיך אַזוי:

איינמאָל, ווען ר' משה טייטעלבוים איז געזעסען מיט זיינע מקורבים, אין הויכע שמועסען, איז פּלוצלונג אַריינגעלאָפען אין צימער זיין פינף יעהריג אייניקעל יקותיאל יהודה (געְרופען האָט מען איהם אַלס אינגעל זלמן ליב,) מיט אַ געשריי: „זיידע, זיידע, אין יחוד שטיבעל איז אַ פייער.“ (יחוד שטיבעל האָט מען גערופען דאָס צימער וואו דער צדיק ר' משה טייטעלבוים פלעגט דאַווענען, האָבען התבודדות, און מיחד זיין יחידים.) די מקורבים, הערענדיג דאָס וואָרט פייער, אין יחוד שטיבעל, זיינען געלאָפען הענדום, פענדום, דאָס פייער צו פאַרלעשען. דער צדיק אַליין, ר' משה טייטעלבוים, איז געבליבען זיצען, ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען.

ווען די מקורבים זיינען צוריקגעקומען מיט אַ שמייכעל אַז עס איז גאָר ניט געווען קיין פייער, האָט דער צדיק געזאָגט מיט אַ טיפען ערנסט: „דאָס קינד האָט שוין גוט געזעהן. ער האָט געזעהן „שרפים“ (ברענענ-

דע מלאכים) ער וועט אם ירצה השם זיין אן אור עולם." דאס איז געווען פאר די מקורבים פאררעכענט אלס סמיכה. אז דאס קינד וועט אמאל זיין דעם זיידענס ממלא מקומו.

א מערקווירדיגע געשיכטע דערצעלט דער „תהלה למשה" וועגן די קינדער יאהרען פון סיגעטער צדיק.

עס וועט אפשר זיין אינטערעסאנט צו וויסען, אז דעם סיגעטער צדיק'ס מוטער איז געווען איינע פון די מערקווירדיגסטע פרויען אין דער חסידישער וועלט. רוזה בלימה, אזוי האט זי געהייסען, איז געווען די טאכטער פון דעם גאון ר' אהרן האדרוב'ער, און מ'מעג זאגען אז זי אליין איז אויך געווען א גאון. זי האט געקענט גאנץ תנ"ך בעל פה (אויסוועניג) א זאך וואס איז צו יענער צייט, און אפילו היינט אויך געווען א זעלטענהייט נישט נאר ביי „רעביצענס" נאר אפילו ביי רביים. זי איז געווען א זעלטענע בקיאה אין אלע אגדות פון גמרא און מדרשים, זאגאר מיט די מפרשים, ווי מהרש"א און הרי"ף. ווען די דייניס וואס פלעגען זיצען ביי איהר מאן ר' אלעזר ניסן, האבען פארגעסען וואו די אדער יענע אגדה שטעהט, פלעגען זיי פרעגען די רביצין רוזה בלימה, און זי פלעגט זאפארט ענטפערען מיט'ן דף, און עמוד. זי איז אויך געווען קלאר אין שלחן ערוך, הויפזעכליך אין חלק אורח חיים וועלכע זי האט געקענט ממש אויסוועניג. וועגען איין זאך האט זי אבער ניט געוואלט רעדען, וועגען חסידים און חסידות. עס איז א סברא, אז זי איז געווען די סיבה וואס איהר מאן, דער צדיק ר' אלעזר ניסן, האט ניט געוואלט ווערען א רבי פון חסידים. זי האט איהם פשוט געבעטען אז ער זאל ניט ווערען קיין רבי.

עס איז זעהר מעגליך, אז די מחלוקה אין סיגעט געגען איהר מאן, מצד די קאסאווער חסידים, האבען אויף איהר געמאכט אזא מורא'דיגען איינדרוק, אז זי האט פשוט די חסידים פארהאסט. עס איז א פאקט, אז באלד ווי די מחלוקה געגען איהר מאן האט זיך צופלאקערט, איז זי אוועק פון סיגעט, און גע'פועל'ט ביי איהר מאן, אז ער זאל סיגעטער רבנות אויפגעבען. אזוי אבער האט זי זיך מיט חסידות ווייניג אפגעגעבען, הגם זי איז געווען די שנור פון דעם גרעסטען חסידישען רבי'ן אין אונגארן. זי האט אבער שטארק געהאלטען פון דעם „חוזה" (דער רבי ר' איציקעל פון לובלין.) זי האט געגלויבט באמונה שלמה אז דער „חוזה" זעהט באמת פון איין עק וועלט צו דער צווייטער.

ווען ר' יקותיאל יהודה, שפעטער דער סיגעטער צדיק, איז געווארען 4 יאהר אלט, איז געקומען נאך א קינד, א מיידעלע, ווען די עלטערען

האָבען אַ נאָמען געגעבען חנה רחל. אויפהויבענדיג זיך פון קינדבעט, האָט די פרומע רביצין, רוזא בלימה געשיקט אַ שליח צום „חוזה" פון לובלין, מיט אַ קוויטעל אַז זי זאָל דערציהען איהרע קינדערלאַך לתורה, לחופה ולמעשים טובים. לייגענדיג דעם נאָמען „יקותיאל יהודה בן רוזא בלימה" האָט דער חוזה אויסגעשריען: „עס שיינט!" „עס שיינט!" קו־מענדיג צו דעם נאָמען „חנה רחל בת רוזא בלימה" האָט דער „חוזה" גע־זאָגט טרויעריג, „נעבאַך, נעבאַך." שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז דער „חוזה" האָט געזעהען וואָס מיט די צוויי קינדער וועט געשעהען.

---

# קאַפּיטעל 3

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין לעצטען קאַפּיטעל האָט דער „חוזה" (דער רבי ר' איציקעל פון לובלין) לעזענדיג דעם נאָמען „יקותיאל יהודה בן רוזא בלימה" אויסגעשריען, „עס שיינט, עס שיינט!" און לעזענ־דיג דעם נאָמען פון זיין שוועסטער „חנה רחל בת רוזא בלימה" טרויעריג געזאָגט „נעבאַך, נעבאַך." יקותיאל יהודה איז דאַן אַלט געווען 4 יאָהר. זיין שוועסטערל איז נאָך געווען אַ זויגעדיג קינד. די נבואה פון „חוזה" איז מקוים געוואָרען. יקותיאל איז אַרויסגעוואַקסען דעם צדיק און גאון עולם, סיגעטער רב, זיין שוועסטער חנה רחל האָט חתונה געהאַט מיט ר' ישראל ראַפּאָפּאָרט, שפּעטער דער באַרימטער טאַרנאָווער גאון, און מחבר פון שו"ת מהרי"ך. אָבער צוליב אַ מורא'דיגע סיבה, איז חנה רחל באַלד נאָך איהר חתונה פאַרברענט געוואָרען אויף קויל, רחמנא לצלן.

דער „חוזה" האָט שוין געהאַט גוטע אויגען.

* * *

ווי גרויס דער כח התורה פון סיגעטער צדיק איז געווען נאָך אַלס יונגער אינגעל, ווערט דערצעלט אַזאַ מעשה:

ווען ר' יקותיאל יהודה האָט געדאַרפט ווערען בר מצוה, האָט איהם זיין זיידע ר' משה טייטעלבוים, ביי וועמען ער איז אויפגעצויגען געוואָ־רען, באַפוילען ער זאָל אָנגרייטען אַ גוטע דרשה לכבוד דעם בר מצוה.

„מיין קינד"—האָט דער אַלטער צדיק געזאָגט צו זיין אייניקעל—„איך האָב איינגעלאַדען צו דיין בר מצוה דיין פעטער—דער ווישניצער רב (ר' ליבוש ליפשיץ, דער מחבר פון „אריה דבי עילאה," און ר' משה טייטעל־בוים'ס אן איידעם) און דו ווייסט דאָך, אז דער פעטער איז א גאון עולם, און א חריף נפלא, זאָלסטו זעהן פאַרצובערייטען א דרשה, טאַקע א מובחר מן המובחר."

דער בר מצוה האָט געפרעגט דעם זיידען אין וועלכער סוגיא ער זאָל זאָגען. דער זיידע האָט איהם אָנגעוויזען די סוגיא, און דער בר מצוה האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט.

צו מאָרגענס איז דער בר מצוה געקומען צום זיידען מיט דער בשורה אז ער האָט א דרשה.

„אזוי שנעל"—האָט זיך דער אַלטער גאון געוואונדערט?

„יאָ, זיידע"—האָט דער בר מצוה געענטפערט—„איך האָב געלע־רענט א גאַנצע נאַכט, און האָב בעזרת השם אויפגעטאָן א גוטע זאַך."

הערענדיג די דרשה פון זיין אייניקעל, איז דער אַלטער גאון צוגע־גאַנגען צום שראַנק ספרים, אַרויסגענומען דעם „פני יהושע" ווייזענדיג דעם אייניקעל, אז דער זעלביגער אויפטו, שטעהט שוין אין „פני יהושע." „איך ווייס, מיין קינד"—האָט דער אַלטער גאון געזאָגט צום אייניקעל— „אז דו האָסט דעם „פני יהושע" ניט געזעהן, פאַר דעם פעטער אָבער, דער ווישניצער גאון, מוז מען זיך היטען."

דער יונגער „בר מצוה" איז ביי זיך ניט אַרונטערגעפאַלען. אדרבה, דאָס האָט איהם נאָך ערמוטיגט, א קליינינקייט, צוגעטראָפען דעם פני יהושע! דער בר מצוה האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט און גע־בראַכט דעם זיידען א נייעם פשט'ל.

און ווידער אַמאָל דאָס זעלביגע:—דער זיידע האָט אַרויסגעצויגען פון שראַנק ספרים אן אַלט גאונישען ספר, און געצייגט דעם בר מצוה אז אויך דער נייער אויפטו שטעהט שוין.

דער בר מצוה איז ניט בטל געוואָרען. ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט מיט נאָך מעהר חשק. ברענגענדיג דעם זיידען א פשט'ל צום דריטען מאָל. הערענדיג דאָס „פשט'ל" איז דער אַלטער צדיק פשוט אַרויס פון די כלים. דאָס איז געווען ממש, גאונות. דעם זעלביגען אָווענד איז

אַנגעקומען ר׳ ליבוש ליפשיץ, דער ווישניצער רב. ר׳ משה טייטעלבוים איז געווען אזוי נתפעל פון דעם אייניקעל׳ס פשט׳ל, אז ער האָט דאָס באַלד איבערגעזאָגט פאַר זיין איידעם, דעם ווישניצער גאון.

„עס קען ניט מעגליך זיין”—האָט דער ווישניצער גאון געזאָגט צו זיין שווער—„אַ קינד פון 13 יאָהר האָט ניט געקענט אויפטאָן אַזאַ גדלות. אויך דאָס פשט׳ל, מוז שטעהן ערגעץ אין אַ ספר. דער בר מצוה וואָס איז געשלאָפען אין אַ צווייטען צימער, אַפּרוהענדיג זיך פון לערנען דריי טעג און דריי נעכט כסדר, האָט דערהערט די לעצטע ווערטער, אַז זיין פעטער, דער ווישניצער גאון, איז איהם חושד צו האָבען גע׳גנב׳עט דאָס פשט׳ל פון ערגעץ אַ ספר. דער יונגער בר מצוה האָט זיך שנעל אויפגעהויבען און איז אַריינגעגאַנגען אין דעם צימער וואו ביידע גאונים, שווער און איידעם זיינען געזעסען.

אַריינקומענדיג אונבאַמערקט אין צימער, האָט דער בר מצוה דער־הערט ווי זיין פעטער ר׳ ליבוש, זאָגט אין דערזעלבער סוגיא אַ נייעם אויפ־טו וועגען דעמזעלביגען ענין. דער בר מצוה האָט זיך גענומען מפלפל זיין מיט זיין גרויסען פעטער. דער אַלטער גאון ר׳ משה טייטעלבוים, האָט אין דעם פלפול ניט גענומען קיין חלק, ער איז געזעסען מיט אַ שטראַלענ־דען געזיכט אַנקוועלענדיג ווי זיין אייניקעל קעמפט מיט אַזאַ וועלט גאון, ווי זיין איידעם, דער ווישניצער רב. דער סוף איז געווען, דער ווישניצער גאון האָט אַרומגעכאַפּט דעם בר מצוה, איהם געהאַלזט און געקושט אויס־שרייענדיג: „נצחוני בני, נצחוני.” דו האָסט מיך באַזיגט, מיין קינד.

אַלטע חסידים פלעגען דערצעלען אַז די אהבה וואָס האָט געהערשט צווישען דעם אַלטען צדיק ר׳ משה טייטעלבוים און זיין אייניקעל ר׳ יקותיאל יהודה איז געווען ממש חוץ לדרך הטבע. אַלץ וואָס דער זיידע האָט געקענט, סאי נגלה, סאי נסתר, האָט ער געזוכט אַריינצוברענגען אין זיין אייניקעל. אַלע תשובות וואָס ער האָט געשריבען האָט דער אַלטער גאון געגעבען צו איבערקוקען זיין יונג אייניקעל. אַז דער אַלטער פלעגט זאָגען תורה, פלעגט ער בעטען אַז אויך דאָס אייניקעל זאָל תורה זאָגען, און דאָס אייניקעל פלעגט פאָלגען.

אויף דער עלטער ווען דער סיגעטער צדיק איז שוין געווען אַ רבי פון טויזענדער חסידים, האָט ער אַמאָל געזאָגט צו זיין זוהן, ר׳ אברהם אהרן, רב פון קאַלבוסעוו, „ווייסטו מיין קינד אַז דער אוהעלער זיידע זכרונו לברכה, האָט געהאַט אַ גורל לד׳, וואָס האָט איהם געדינט פונקט ווי

דער אורים ותומים דעם כהן גדול?" דער קאַלבוסאָווער רב איז נבהל ומשתומם געוואָרען. ער האָט וועגען דעם קיינמאָל ניט געהערט. „יאָ, יאָ," מיין קינד—האָט דער סיגעטער פאַרטגעזעצט—„ווען אימער דער הייליגער זיידע האָט געהאַט עטוואָס אַ ספק, פלעגט ער באַנוצען דעם גורל, און האָט קיינמאָל ניט געפעהלט."

„איינמאָל"—האָט דער סיגעטער דערצעלט ווייטער—„האָט דער זיידע זכרונו לברכה, מיך אַריינגערופען אין זיין יחוד שטיבעל, זאָגענדיג צו מיר, מיין קינד, עס איז געקומען די צייט דיר איבערצוגעבען דעם סוד פון דעם „גורל" וואָס וועט דיר בעזרת ה' דינען, ווי דער „אורים ותומים" דעם כהן גדול." אַ בליק געבענדיג אויף דעם זיידענס צורה, וואָס האָט ממש געברענט ווי פייער, איז אויף מיר געפאַלען אַ מורא'דיגער פחד—„זיידע"—האָב איך געציטערט געענטפערט—„איך בין נאָך אַזוי יונג און האָב מורא מיט אַזאַ הייליגען גורל זיך צו באַנוצען." דער זיידע האָט גאָר ניט געענטפערט. ער איז אַריינגעפאַלען אין אַ מורא'דיגע דבקות. ער האָט מיט מיר וועגען דעם ענין מעהר קיינמאָל ניט גערעדט."

„יאָ, יאָ, מיין קינד"—האָט דער סיגעטער פאַרענדיגט—„אַז מען איז יונג, און מען פאַרשטעהט ניט מבחין צו זיין בין טוב לרע, מאַכט מען אַמאָל מורא'דיגע טעותים."

און פונקט ווי גרויס עס איז געווען די אהבה פון זיידען צום אייניקעל, אַזוי גרויס איז געווען די אהבה פון אייניקעל צום זיידען. ווען יקותיאל יהודה איז שוין געווען אַ דערוואַקסען בחור'ל פלעגט ער וואַכען איבער'ן זיידען ווי אַ מוטער איבער איהר איינציג קינד. ער פלעגט זיך ניט וועלען פאַרלאָזען אויף די גבאים, נאָר האָט דעם זיידען משמש געווען (באַדינט) איינער אַליין.

איינמאָל, דערציילען חסידים, איז געקומען קיין אוהעל אַ איד פון דעם דאָרף וינע, נעבען אוהעל, מיט אַ זעהר וויכטיגער בקשה וועגען אַ חולה מסוכן. דער אַלטער צדיק האָט גראַדע געדאַוונט אין זיין יחוד שטיבעל, און זיין אייניקעל, ר' יקותיאל יהודה איז געשטאַנען ביי דער טיהר וואַכענדיג אַז קיינער זאָל דעם זיידען ניט מבטל זיין. דער דאָרפס איד, וואָס האָט געמיינט אַז דאָס בחור'ל ביי דער טיהר איז אַ פשוט גבאי'לע, האָט דעם בחור'ל פאַרשפראָכען עטליכע רייניש, ער זאָל איהם אַריינלאָזען צום אַלטען צדיק, עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. דאָס בחור'ל האָט זיך געהאַטען ביי זיינס: „דער צדיק דאַוונט און מען טאָר

איהם ניט מבטל זיין." האָבענדיג אַ צובראָכען הארץ, און ניט קענענדיג מעהר צוריקהאַלטען זיין כעס, איז דער דאָרפס איד אַריינגעפאָרען דעם בחור'ל אין באַק. עס האָט אויסגעהילכט צוויי לעבעדיגע דאָרפישע פעטש. דאָס בחור'ל האָט זיך אָבער ניט גערירט פון אָרט.—„דער צדיק דאַווענט און מען טאָר איהם ניט מבטל זיין."

אין זיין גרויסער פאַרצווייפלונג, איז דער דאָרפס איד, אַריינגעלאָפען אין קיך וואו די אַלטע רביצין האָט זיך געפונען. ער האָט דערצעלט דער רביצין מיט ביטערע טרערען אַז אין זיין הויז ליגט אַ חולה מסוכן, און ער איז זיכער אַז דער הייליגער צדיק, איהר מאַן, קען איהם העלפען, שטעהט אָבער ביי דער טיהר אַ גבאי'לע און לאָזט איהם בשום אופן ניט אריין.

די גוטע רביצין אין וועמעס הארץ ס'האָט זיך דערוועקט גרויס רחמנות צו דעם איד, איז גזגאַנגען אַליין בעטען דעם גבאי, אַריינצולאָזען דעם איד צום צדיק, זאָגאַר אין מיטען דאַווענען. פקוח נפש איז דוחה אפילו שבת.

צוקומענדיג צו דער טיהר און זעהענדיג אַז דער גבאי איז טאַקע איהר אייניקעל יקותיאל יהודה, אָדער ווי מען פלעגט איהם דאַן רופען זלמן ליב, האָט די אַלטע רביצין געבעטען: „מיין קינד לאָז אריין דעם איד, צום זיידען."

הערענדיג דאָס וואָרט „זיידען" האָט זיך דער דאָרפס איד אַזוי דערשראָקען אַז ס'איז געווען פשוט פרחה נשמתו. האָט ער, הייסט עס, גע־געבען פעטש, טאַקע דעם צדיק'ס אַן אייניקעל, דער איד האָט זיך גע־וואָרפען צו די פיס פון דעם בחור'ל און געבעטען רחמים איהם מוחל צו זיין. „איך בין צובראָכען"— האָט דער איד געוויינט און געקלאָגט—„איך האָב ניט געוואוסט וואָס איך האָב געטאָן."

„עס איז גאָר נישט—עס איז גאָר נישט"—האָט דאָס יונגע בחור'ל געטרייסט דעם איד—,פאָהרט אהיים לחיים ולשלום, מיין טייערער איד, איך וועל שוין רעדען מיט'ן זיידען וועגען אייער חולה, און איך בין אייך מבטיח אַז דער חולה וועט ברצות ה' געזונט ווערען.

די אַלטע רביצין איז געשטאַנען ביי דער סצענע, און הייסע, שווערע טראָפען פריידען טרערען האָבען זיך געגאָסען פון איהרע אויגען, זעהענדיג די ברייטהאַרציגקייט פון איהר אייניקעל.

די הבטחה פון דעם יונגען בהור'ל איז מקוים געוואָרען. קוים איז דער דאָרפס איד אהיים געקומען האָט ער געזעהן באשיינפּעריך ווי עס ווערט דעם חולה בעסער פון מינוט צו מינוט. חסידים פּאַרענדיגען די מעשה אזוי:

ווען דער סיגעטער איז שוין געווען א רבי פון טויזענדער חסידים, איז ער אמאָל דורכגעפאָרען איבער דעם זעלביגען דאָרף לוינע. אזוי ווי עס איז שוין געווען לעת ערב, האָט ער באשלאָסען צו בלייבען אין דעם דאָרף איבער נאָכט. ער האָט געהייסען דעם בעל עגלה צופאָהרען צו דער קרעטשמע, וויסענדיג אז די קרעטשמארעס אין יענער געגענד זיינען אלע אידען.

עס דאַרף דאָ באמערקט ווערען אז דער סיגעטער צדיק, האָט זיך אויפ'ן וועג קיינמאָל ניט אויסגעגעבען ווער ער איז. אויף דער עלטער נאַטירליך, האָט ער דאָס ניט געקענט דורכפירען. זיין גרויסער נאָמען איז געגאַנגען פאַר איהם. אין די אינגערע יאָהרען אָבער איז ער געפאָרען ווי אן איינפאַכער סוחר. ער האָט פון קיינעם גאָר ניט פּאַרלאַנגט, פון קיינעם גאָר ניט גענומען, און קיינער האָט ניט געוואוסט אז ער איז ר' משה טייטעלבוים'ס אן אייניקעל און אליין א גאון וצדיק. זיין גבאי האָט געהאַט אן אָנזאָג, אז אויף דעם וועג זאָל ער איהם קיינמאָל ניט רופען—רבי.

קוים איז דער סיגעטער צדיק מיט זיין גבאי אריין אין קרעטשמע, און קוים האָט דער קרעטשמאַר דערזעהן די געסט, האָט ער אויסגעשריען מיט א ציטערנדיגע שטימע—„הייליגער צדיק! ברוך הבא, הייליגער צדיק!" דער קרעטשמאַר האָט מערגווירדיגערווייזע דערקענט דעם צדיק, ווען ער האָט אמאָל אריינגעהאַקט עטליכע פייערדיגע פּעטש.

„וואָס רעדט איהר"—האָט דער סיגעטער געזאָגט צום קרעטשמאַר—„איך בין ניט קיין רבי, און בין קיין הייליגער צדיק. מיר (ווייזענדיג אויף זיין גבאי) זיינען פשוט'ע סוחרים און מיר ווילען דאָ ביי אייך אין קרעטשמע איבערנעכטיגען." דער סיגעטער האָט שוין געהאַט אין גאַנצען פאַרגעסען אין יענע „פּעטש" פון דעם דאָרפס איד.

„רבי טייערער"—האָט זיך דער קרעטשמאַר צוואויינט אויפ'ן קול—„געדענקט איהר ניט ווי איהר האָט מיך ניט געוואָלט אריינלאָזען צו אייער הייליגען זיידען, און איך, גראָבער יונג, האָב אייך פּעטש געגעבען . . . דאָ

האָט זיך דער קרעטשמאַר ווידער געוואָרפען צו דעם צדיק'ס פיס, און געוויינט און געבעטען מחילה.

דער סיגעטער צדיק, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס דערמאָנט אין דער געשיכטע פון די „פעטש" האָט געפרעגט מיט אַ שמייכעל, „און ווער איז דאָס געווען דאָ, דער חולה מסוכן?"

דער קרעטשמאַר האָט אריינגערופען זיין ווייב, אַ געזונטע, שטאַרקע אידענע, און זי פאַרגעשטעלט פאַר דעם צדיק:—„אָט איז דער חולה מסוכן—רבי."

ביידע, דער קרעטשמאַר און די קרעטשמאַרקע, האָבען ביידע מיט טרע־רען אין די אויגען, דעם צדיק געדאַנקט.

---

## קאַפּיטעל 4

אַ שעהן מעשה'לע, דערצעלען סיגעטער חסידים, וועגען דעם סיגע־טער צדיק'ס חתונה.

דער סיגעטער צדיק, ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען, אין אויפ־געצויגען געוואָרען, ניט ביי זיין פאָטער ר'אלעזר ניסן, נאָר ביי זיין זיידען, ר' משה טייטעלבוים. דערגרייכענדיג די צייט ווען אַ אידישער יונגער־מאַן דאַרף חתונה האָבען, האָבען שדכנים אָנגעשלאָגען די טיהרען פון אַלטען צדיק. אַ קליינינקייט ר' משה טייטעלבוים'ס אַן אייניקעל און אַליין אַ באַרימטער עילוי! זיינען געפלויגען שידוכים, ממש פון דער גאַנצער וועלט. עס האָבען איהם געוואָלט פאַר אַן איידעם, גרויסע רביים, גרויסע גאונים, גרויסע גבירים. איין גביר נעבען אוהעל האָט זאָגאַר פאַרשפּראָכען צעהן טויזענד רייניש נדן, אַ סכום, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ הון רב. ר' משה טייטעלבוים האָט אָבער אויף אַלץ ניט מסכים געווען. „ניט דאָס איז עס וואָס מיין זלמן ליב דאַרף."—פלעגט ער זאָגען אויף יעדען שידוך וואָס מען האָט איהם אָנגעטראָגען.

איינמאָל איז געקומען צום אוהעלער שדכן פון טאָלטשאווא, אַ קליין שטעדטעל אין אונגאַרן, אָנטראָגענדיג דעם צדיק, ער זאָל זיך משדך זיין

מיט דעם טאָלטשאָווער רב, וועלכער האָט אַ טאָכטער אַ יפת תואר. ר׳ משה האָט ניט לאַנג געטראַכט, נאָר תיכף מסכים געווען אויף דעם שידוך.

די בני בית פון צדיק, הערענדיג די נייעס, זיינען פשוט נבהל ומשתומם געוואָרען. הערסטו! דאָ ווייזט מען צוריק שידוכים מיט גרויסע רביים, מיט גרויסע גאונים, מיט גרויסע גבירים, און דאָ פּלוצלונג כאַפּט מען, ניט טראַכטענדיג אַ מינוט אַ שידוך מיט אַ קליינשטעדטעלדיגען רב, און אַן אָרימאַן דערצו.

דער טאָלטשאָווער רב, ר׳ משה דוד אשכנזי, איז אמת, געווען אַ גדול בתורה און אַ צדיק תמים. ער איז אויך געווען אַ גרויסער מיוחס, אַ זוהן פון דעם גאון וקדוש ר׳ אשר אנשל אשכנזי, ראָזדאָלער רב, שפּעטער דער רב פון לעמבערג. ער אַליין אָבער, ר׳ משה דוד אשכנזי, איז דאָך געווען ניט מעהר ווי אַ קליינשטעדטעלדיגער רב, און ניט קיין רבי פון חסידים. האָט דאָס בני בית, איבערהויפּט די אַלטע רביצין וואָס האָט געליבט זלמן ליב׳ן מעהר ווי איהרע אייגענע קינדער, גֶעהאַט עגמת נפש. אָבער אַז דער אַלטער צדיק זאָגט יאָ, האָט קיינער ניט געוואַגט צו פרעגען קשיות.

דער שידוך איז מיט מזל געשלאָסען געוואָרען.

שרייבענדיג די תנאים, און קומענדיג צו די ווערטער, „הרב ר׳ משה דוד מחייב את עצמו לתת נדוניא לבתו סך“ . . . איז דער טאָלטשאָווער רב אַזוי באַגייסטערט געוואָרען אַז ער האָט אויסגעשריען:— צוויי טויזענד ריינישׁ כסף! די אַנוועזענדע זיינען געוואָרען אַביסעל איבערראַשט. ווי קומט אַ קלוינשטעדטעלדיגער רב צו צוויי טויזענד ריינישׁ כסף? אָבער אַז ער זאָגט מן הסתם ווייס ער דאָך וואָס ער זאָגט. הקיצור, מען האָט אָנגעשריבען די תנאים, מען האָט פעסטגעזעצט אַ זמן חתונה און מען האָט זיך משמח געווען.

דער זמן חתונה האָט ענדליך אָנגערוקט. דער אוהעלער האָט געפאָדערט פון מחותן מסלק צו זיין דעם נדן, אָבער אין קול ואין עונה. אַלעס וואָס דער מחותן האָט געבעטען, איז געווען אַז מען זאָל דעם זמן חתונה פאַרלענגערען. דער אוהעלער צדיק האָט צוליב געטאָן. עס איז געקומען דער צווייטער זמן חתונה, און ווידער דאָס זעלביגע—ניטאָ קיין נדן. ווייטער אָפּלייגען. דער אוהעלער צדיק האָט ניט געקאָנט באַגרייפען וואָס דאָ טהוט זיך אַזוינס.

דער צדיק האָט אָבער ניט געדאַרפט לאַנג טראַכטען. ער האָט דעם סוד באַלד אויסגעפונען.

דער גביר וואָס האָט פאַרשפּראָכען צעהן טויזענד גולדען, אַבי צו קריגען ר׳ יקותיאל יהודה׳ן פאַר אַן איידעם, האָט אויסגעפונען פון דער גאַנצער געשיכטע. ער האָט אויסגעפונען אַז דער טאַלטשאָווער רב, קען ניט מסלק זיין דעם נדן. און ניט בלויז האָט ער ניט דעם נדן, נאָר פאַר־מאָגט אפילו ניט אויף צרכי חתונה. איהם איז איינגעפאַלען אַז איצט אין אַ שעת הכושר צו קריגען דעם יונגען עילוי פאַר זיין טאָכטער, און ניט צעגערענדיג קיין מינוט איז דער גביר אריינגעפאָרען קיין אוהעל, דערצעלענדיג דעם אוהעלער צדיק די גאַנצע געשיכטע.

הערענדיג דעם סוד, האָט דער אוהעל׳ער צדיק געלאָזט אריינרופען די אַלטע רביצין פרעגענדיג איהר: „ווען דיענקסטו, דאַרפען מיר מאַכען דעם זמן חתונה פאַר אונזער זלמן ליב׳ן? (יקותיאל יהודה.)

„האָט דער מחותן, שוין מסלק געווען דעם נדן?"—האָט די רביצין געפרעגט.

„ניין"—האָט דער צדיק געענטפערט—„איך האָב נאָר מורא, אַז מיר וועלען אויך מוזען געבען אויף חתונה הוצאות."

דער צדיק האָט דאַן מגלה געווען דעם סוד צו דער רביצין, און גע־ענדיגט מיט אַ שווערען זיפץ: „נעבאַך, נעבאַך, דער מחותן האָט זיך נעבאַך געשעהמט אויסצוזאָגען אַז ער פאַרמאָגט ניט אַ פּרוטה."

—„מען דאַרף דאָך אָבער פרעגען זלמן ליב׳ן אויך?"

„גערעכט, גערעכט"—האָט דער צדיק געזאָגט, און האָט געלאָזט אריינרופען זלמן ליב׳ן.

הערענדיג אין וואָס דאָ האַנדעלט זיך, האָט זלמן ליב געזאָגט שטיל און מיט באַשיידענהייט: „לעולם ימכור אדם כל מה שיש לו וישא בת תלמיד חכם" (אַ מענש זאָל פאַרקויפען אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט און חתונה האָבען מיט די טאָכטער פון אַ תלמיד חכם, אַזוי שטעהט אין דער גמרא.)

דער אַלטער צדיק האָט ארומגעכאַפּט זיין יונג אייניקעל, און איהם געהאַלזט און געקושט.

חסידים דערצעלען אַז עטליכע חדשים נאָך דער חתונה, איז ר׳ יקותיאל יהודה געקומען קיין אוהעל באַזוכען זיין גרויסען זיידען. אָנ־

קוקענדיג זיין אייניקעל האָט זיך דער אַלטער צדיק דערשראָקען. דער יונגער מאַן איז געווען בלייך און אויסגעדארט. פשט הויט און ביינער. דער צדיק האָט פארשטאַנען דעם סוד.

„דו האָסט ניט גענוג צו עסען.“—האָט דער צדיק געזאָגט צו זיין אייניקעל.

ר' יקותיאל האָט געשוויגען.

„מיין קינד,—האָט דער אוהעל'ער רב געזאָגט—„פאָהר זאָפאָרט אהיים, ברענג אהער דיין ווייב, און איהר וועט וואוינען ביי מיר.“

„הייליגער זיידע“—האָט ר' יקותיאל יהודה געענטפערט—„דיין באַ־פעהל איז מיר טייער. אָבער ווען גאָט ברוך הוא האָט מיר געהאָלפען אז איך קען מקיים זיין די מצוה, „כך דרכה של תורה פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה, וואָלט איך ניט געוואָלט די מצוה אוועקווארפען.

הייסע טרערען האָבען זיך געגאָסען פון אַלטען צדיק'ס אויגען. עס זיינען געווען פריידען טרערען.

ר' יקותיאל יהודה איז געבליבען אין טאָלטשאַווע ביי זיין שווער ביז ער, דער שווער איז אַוועק קיין ארץ ישראל. ר' משה דוד איז דאָן געוואָרען רב אין צפת און געלעבט דאָרט בקדושה וטהרה 13 יאָהר צייט.

פון דעם שידוך איז אַרויס א דור פון גאונים און צדיקים ווי עס וועט דערצעלט ווערען שפּעטער.

* * *

אַלט ווערענדיג 25 יאָהר, דאָס איז געווען אין יאָהר תקצ"ג, איז ר' יקותיאל יהודה ערוועהלט געוואָרען אַלס רב פון סטראָפּקאָוו.

סטראָפּקאָוו, זעמפּלינער קאָמיטאַט (גובערניע), איז ניט קיין גאָר גרויסע שטאָדט. זי האָט אָבער אימער געהאַט גרויסע רבנים. סטראָפּ־קאָוו איז באַקאַנט צוליב איהר בארימטען גאון וצדיק ר' חיים יוסף גאָט־ליעב דער מחבר פון ספר „טוב גיטין וקדושין“ און צוליב זיין נאָכפאָלגער, דער בארימטעסטער גוטער איד אין גאַליציע און אונגארן, דער צדיק וקדוש ר' יחזקאל שינאַווער, דער אמת'ער ממלא מקומו פון זיין פאָטער דער גאון עולם, ר' חיים סאַנזער, סטראָפּקאָוו האָט געהאַט געהאַט אנ־

דערע גרויסע רבנים, גאונים און צדיקים, און ווען אַ קאַמיטע פון סטראָפּ־קאָווער בעלי בתים איז געקומען קיין אוהעל מיט אַ כתב רבנות, פאַר דעם יונגען עילוי ר׳ יקותיאל יהודה, האָט זיין באַרימטער זיידע ר׳ משה טייטעלבוים זאָפאָרט מסכים געווען, און ר׳ יקותיאל יהודה איז געוואָרען סטראָפּקאָווער רב.

אין סטראָפּקאָוו, האָט דער גרויסער שטערן פון דעם יונגען רב, ערשט רעכט אויפגעלויכטן. דאָרט האָט זיך ר׳ יקותיאל יהודה פאַרטיפט אין לערנען, אין נגלה און נסתר אויף אַ גאָר גרויסען אופן. דאָרט האָט דער יונגער רב געגרינדעט זיין ערשטע ישיבה אין וועלכער עס זיינען געקומען לערנען בחורים מופלגי תורה ויראי ד׳. דאָרט האָט זיך אויך צופלאַקערט זיין חסידות אין אַ פלאַם פייער. דער יונגער רב האָט אָנגעפאַנגען זוכען אַנדערע צדיקים, חוץ זיין גרויסען זיידען, פון וועמען צו לערנען מעהר תורה, מעהר עבודה און יראת שמים.—ער האָט געפונען.

דער יונגער סטראָפּקאָווער רב איז געוואָרען אַ פייערדיגער חסיד פון רבי׳ן ר׳ אשר׳ל פון ראָפּטשיץ.

דער רבי ר׳ אשר׳ל, דאַרף מען וויסען, איז געווען דער ממלא מקומו פון זיין שווער דער רבי ר׳ נפתלי פון ראָפּטשיץ, דער גרעסטער רבי אין גאַליציען אין זיין דור.

---

## קאַפּיטעל 5

ווי עס איז שוין דערציילט געוואָרען אין לעצטען קאַפּיטעל איז ר׳ יקותיאל יהודה, שפּעטער דער סיגעטער צדיק, געוואָרען אַ פייערדיגער חסיד פון רבי׳ן ר׳ אשר׳ל פון ראָפּטשיץ, דעם רבי׳ן ר׳ נפתלי׳ס אַן איידעם און זיין ממלא מקומו.

ווי אַזוי דער רבי ר׳ אשר׳ל וואָס איז געווען אַ פּשוט׳ן שניידערס אַ זוהן, איז געוואָרען אַן איידעם פון רבי׳ן ר׳ נפתלי וואָס איז געווען דער גרעסטער מיוחס פון אַלע גוטע אידען דערציילען חסידים אַ מעשה:

דער רבי ר׳ נפתלי איז אַמאָל געווען אין וואַרשאַ. ער האָט זיך אָבער ניט אויסגעגעבען ווער ער איז. זייענדיג אין וואַרשאַ עטליכע

טעג פלעגט ער יעדען טאָג געהן אין בית המדרש דאווגען און לערנען. אין בית המדרש איז געזעסען אַ יונגער אינגעל און געלערענט מיט אַזאַ התמדה, אַז ער האָט אויף זיך געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם ראָפּטשיצער צדיק, וואָס איז אגב אורחא אויך געווען אַ גאון עולם. איינ־מאָל האָט זיך דער ראָפּטשיצער צעשמועסט מיט דעם אינגעל אין לער־נען, און איז ממש נבהל ומשתומם געוואָרען. דער אינגעל איז געווען אַן עילוי שבעילוים. דעם רבי'ן ר' נפתלי איז איינגעפאַלען אַז דאָס אינגעל וואָלט געווען אַ פּאַסענדער חתן פאַר זיין בת יחידה.

„ווי הייסטו, מיין קינד?“—האָט דער ראָפּטשיצער געפרעגט דעם עילוי.

„ישעיה אשר“—האָט דאָס אינגעל געענטפערט—„רופען רופט מען מיך אשר'ל.“

„און וועמעס ביסטו?“—האָט דער צדיק געפאָרשט.

„מיין טאַטע איז אַ שניידער. מען רופט איהם ר' אלעזר ליפּמאַן.“

„אַ שניידער?“—האָט דער צדיק מיט איבעראַשונג געפרעגט!

„יאָ, אַ שניידער.“—האָט אשר'ל געענטפערט.

דער צדיק האָט זיך פאַרטראַכט. פּלוצלונג האָט ער אַ זאָג געטאָן צו דעם אינגעל:—„אשר'ל פיהר מיך אהיים צו דיין טאַטען, איך דאַרף טאַקע אַ שניידער.“

„אשר'ל, וואָס האָט געוואוסט אַז מיט איהם רעדט אַ למדן גדול, האָט ניט געצעגערט קיין מינוט. ער האָט אהיים געפיהרט דעם פרעמדען למדן צו זיין פאָטער און איז זיך צוריקגעגאַנגען אין בית המדרש.

רעדענדיג מיט דעם שניידער אַ קורצע צייט, האָט דער רבי ר' נפתלי, דערזעהן אַז ער האָט דאָ צו טאָן ניט מיט אַ פּשוט'ן שניידער, נאָר מיט אַן איש תם וישר, און דערצו נאָך אַ היבשער יודע ספר. דער ראָפּטשי־צער האָט אויך אויסגעפונען, אַז דער דאָזיגער שניידער איז אַן אייניקעל פון דעם מאור הגולה דער מהר"ם מיטיקטין.

„אַ זיווג מן השמים“—האָט עס אַ גלאַנץ געגעבען אין צדיק'ס מח. מען דאַרף אַ שמועס געבען מיט דעם שניידער.

„ווייסט איהר, ר' אליעזר ליפמאן"—האט דער ראפטשיצער זיך געווענדעט צו דעם שניידער—„אייער אשר'ל געפעלט מיר גאר שטארק, און איך וואלט מיך געוואלט מיט אייך משדך זיין. איהר האט א געראטען אינגעל, איך האב א זעהר געראטען מיידעל, און א בת יחידה דערצו. לאמיר זיך משדך זיין."

דער שניידער איז ניט איבערראשט געווארען. מען האט זיין אשר'ל, וואס האט גע'שם'ט פאר עלוי געערדט פארשידענע גרויסע שידוכים. דער גאסט אבער האט געמאכט אויף דעם שניידער א שטארקען רושם. ער האט פארשטאנען אז דער איד, איז ניט קיין פשוט'ער איד, און טראכטענדיג עטליכע מינוט צייט, האט זיך דער שניידער געווענדעט צום גאסט, „אבער ווער זייט איהר דען, מיין ליבער איד? איהר ווייסט, אז מיין אשר'לען רעדט מען גאר גרויסע שידוכים?"

„גערעכט, גערעכט,"—האט דער צדיק געענטפערט, און ארויסנעמענדיג א שטיקעל פאפיר, האט דער צדיק אויפגעשריבען עטליכע שורות, דערלאנגענדיג דאס שטיקעל פאפיר דעם שניידער, מיט די ווערטער:— געהט זייט מוחל צו אייער שטאדט רב, און ער וועט אייך זאגען צו איך בין ראוי איהר זאלט זיך מיט מיר משדך זיין. איך בעט אייך אבער איהר זאלט מיר לאזען וויסען נאך היינט, ווייל איך מוז מארגען אפפארען."

דער שניידער האט פארשטאנען אז הלא דבר הוא, און איז תיכף ומיד געגאנגען צום רב.

צו יענער צייט איז געווען ווארשאווער רב רב, דער בארימטער גאון דער „בעל חמדת שלמה," דורכלעזענדיג דאס צעטעלע, און הערענדיג וועגען וואס דא האנדעלט זיך איז דער חמדת שלמה געווארען א דערציטערטער. „דאס איז דאך דער ראפטשיצער גאון וצדיק."—האט דער חמדת שלמה געזאגט צום שניידער—„איינער פון די גרעסטע צדיקים אין דור און איינער פון די גרעסטע מיוחסים אין יודענטום. געהט שנעל צו דעם גאון און זאגט איהם אז איהר זייט מסכים אויפ'ן שידוך בלב ונפש."

אזוי איז עס טאקע געווען, ר' אשר'ל איז געווארען דעם רבי'ן ר' נפתלי'ס איידעם, און שפעטער דער ממלא מקומו פון זיין שווער און אליין ממש דער גרעסטער גוטער איד אין גאליציע. פון זיינע תלמידים זיינען געווען דער בארימטער גאון און דער גרעסטער רבי פון דור, ר' חיים סאנזער, דער גאון וצדיק ר' שלום קאמינקער, באקאנט אלס דער ראווער עלוי, און אויך ר' יקותיאל יהודה, שפעטער דער סיגעטער צדיק.

א חסידישע אגדה דערצעלט, אז בעת ר׳ יקותיאל יהודה איז געווען רב אין סטראָפּקאָוו, איז ער אַמאָל געפאָרען צו דער יאָהרצייט פון רבי׳ן ר׳ מענדעלי פון רימאַנאָוו. ביים יאָהרצייט, האָט ער געפונען זיין רבי׳ן, דער רבי ר׳ אשר׳ל, און נאָך אַנדערע באַרימטע צדיקים. זייענדיג נאָך א גאַנץ יונגער מאַן, איז זיך דער סטראָפּקאָווער רב געשטאַנען פון דער־ווייטענס, אזוי אז קיינער האָט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט.

אין אָווענד האָט זיך דער רבי ר׳ אשר׳ל געפרעגט וואו דער סטראָפּ־קאָווער רב איז? קיינער האָט איהם ניט געקענט ענטפערען. קיינער האָט איהם ניט געזעהן.

„קומט“—האָט דער רבי ר׳ אשר׳ל געזאָגט צו זיינע מקורבים—„מיר וועלען איהם געהן אויפזוכען.“

די מקורבים זיינען געבליבען גאַנץ ערשטוינט. אַן אַלטער גאון, א רבי פון צענדליגע טויזענדער חסידים זאָל געהן אויפזוכען עפּעס א יונגען סטראָפּקאָווער רב; דאָס איז דאָך א מורא׳דיגע פּחיתת הכבוד!—אָבער אז דער צדיק הייסט, מוז מען פאָלגען.

קומענדיג אויב דער אכסניא וואו דער סטראָפּקאָווער רב איז איינ־געשטאַנען, האָבען זיי געטראָפען דעם יונגען רב, שלאָפען אין די קליידער אויף א קאַנאַפּע. איינער פון דעם אַלטען צדיק׳ס מקורבים, איז צוגעגאַנ־גען אויפוועקען דעם יונגען רב.

„חלילה, חלילה“—האָט דער רבי ר׳ אשר׳ל געזאָגט—„מען טאָר איהם ניט וועקען. ווייסט איהר ווער עס ליגט אָט דאָרט אויף דער קאַנאַפּע?“

די מקורבים זיינען געבליבען שטעהן ווי פאַרגליווערט, זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון צדיק׳ס ווערטער.

„דאָ ליגט“—האָט דער רבי ר׳ אשר׳ל געזאָגט—„א שטיק באַרג סיני.“

דאָס איז געווען די שטאַרקסטע סמיכה פאַר דעם יונגען סטראָפּקאָ־ווער רב.

* * *

אין יאָהר תר״א איז דער אוהעלער צדיק ר׳ משה טייטעלבוים נפטר

געוואָרען, און די אוהעלער געמיינדע האָט באַשטימט דעם סטראָפּקאָווער רב, ר׳ יקותיאל יהודה, אַלס דער גרויסען צדיק׳ס ממלא מקומו.

אָבער ווי שטעהט דאָרט געשריבען: „כל מה שאירע ליעקב אירע ליוסף,“ אַלעס וואָס האָט באַטראָפען דעם אַלטען צדיק ר׳ משה טייטעלבוים, האָט אויך באַטראָפען זיין אייניקעל דעם צדיק ר׳ יקותיאל יהודה.

ווי עסאיז שוין דערצעלט געוואָרען, האָט ר׳ משה טייטעלבוים, געהאַט אויף זיך אין אוהעל, גרויסע מחלוקות. אָנגעהויבען האָט זיך די מחלוקה מיט ר׳ דוד פרידענזאָהן, דער ראש בית דין פון אוהעל, אַ דייטשער מתנגדישער רבי. געענדיגט האָט זיך די געשיכטע מיט אַ מסירה׳לע אויף ר׳ משה טייטעלבוים, פאַר וועלכע ר׳ דוד פריעדענזאָהן, איז זיכער ניט געווען פאַראַנטוואָרטליך. דאָס זעלביגע האָט אויך פּאַסירט מיט זיין אייניקעל ר׳ יקותיאל יהודה טייטעלבוים.

עס זעהט אוים אַז אפילו די מתנגדים פון ר׳ משה טייטעלבוים האָבען לכתחילה מסכים געווען צו איבערגעבען די כסא הרבנות צו זיין אייניקעל ר׳ יקותיאל יהודה, און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט געווען. ר׳ יקותיאל יהודה האָט שוין דאַן געשם׳ט, אַלס דער גאון עולם. ער איז אויך געווען אַ דרשן נפלא, און אַ חכם גדול. און קיין בעסערען רב, האָבען די מתנגדים געוואוסט, קען אוהעל ניט קריגען, האָבען זיי מסכים געווען צו איבערגעבען די רבנות צו ר׳ יקותיאל יהודה, אָבער מיט תנאים (באַדינגונגען.)

אין זיין ספר „לקורות החסידות באונגאריא“ ברענגט הרב ר׳ יקותיאל יהודה גרינוואַלד, איצטיגער רב פון קאָלאָמבוס, אָהייאָ, אַן אויסצוג פון די תנאים (אַרויסגענומען פון דעם אוהעלער פנקס הקהל) וואָס די מתנגדים האָבען אַריינגעשטעלט אין דעם כתב רבנות פון ר׳ יקותיאל יהודה׳ן.

אָט זיינען זיי ווערטערליך:

„הרב דאַרף בפני עמוד קיין מוסף דאַוונען.“

„אונטער קיין אומשטאַנד קיין קמיע צו געבען, הן בחנם והן בעד מעות.“

„ניעמאַנדען קיינע קוויטליך אויסצופאָלגען.“

„בתוך הדרשה קיינעם ניכט מקלל צו זיין, הן בכלל, והן בפרט.“

עס זיינען אריינגעשריבען אין כתב רבנות, אויך אנדערע באדינגונ־גען, ווי למשל אז דער רב טאר ניט האלטען קיין אורחים, שבתים און ימים טובים. (דאס האט מען מן הסתם געמיינט חסידים) און אז דער רב מוז זיצען אויף זיין שטול, און ניט געהן הין און צוריקביים דאווגען, און אז דער רב דארף ניט האבען קיין התחברות מיט דורכרייזענדע און חסידים, און נאך אזעלכע זאכען. דער רב נאטירליך האט ניט פאר־שפראכען, און ניט אונטערשריבען די דאזיגע תנאים. די שונאים האבען אבער געגלויבט אז דער יונגער צדיק ר' יקותיאל יהודה, וועט זיך דער־שרעקען, און וועט אלעס פאלגען.

ארימע שונאים, זיי האבען ניט פארשטאנען אז פונקט ווי מען קען ניט איינצוימען דעם ברויזענדען ים, אזוי קען מען אויך ניט איינצוימען די ברויזענדע נשמה. ווען די נשמות פון די דאזיגע צדיקים ר' משה טייטעלבוים און זיין אייניקעל ר' יקותיאל יהודה, האבען זיך צופלאקערט מיט התלהבות צום רבונו של עולם האט פאר זיי ניט עקזיסטירט קיין כתב רבנות, און קיין בעלי בתים, נאר „בלתי לד' לבדו." דער סוף נאטירליך איז געווען מחלוקות, רדיפות, און אויך מסירות.

ווי שוין געזאגט אין אנפאנג—„כל מה שאירע ליעקב אירע ליוסף." וואס עס האט באטראפען דעם זיידען האט אויך באטראפען דעם אייניקעל.

איינזעהענדיג אז זייער רב, ר' יקותיאל יהודה, מאכט זיך גאר ניט וויסענדיג וועגען אלע מחלוקות און רדיפות, נאר טהוט זיך זיינס—נעמט אויף חסידים, פראוועט טישען און דאווענט מיט מורא'דיגע התלהבות, האבען די שונאים, וועלכע זיינען צו יענער צייט געווען די ראשי הקהלה, געשיקט צו דעם רב א דעפוטאציע אז זיי זיינען איהם מזמין צו א דין תורה.

הערענדיג די פאדערונג פון דער דעפוטאציע האט ר' יקותיאל יהודה געזאגט מיט א הייליגע תמימות:

„מיינע ליבע אידען, עס איז ניט נויטיג מיר זאלען שטעהן צו א דין תורה. איך אליין, וועל דעם פסק ארויסגעבען."

„אבער"—האט די דעפוטאציע געענטפערט—„איהר, רבי זייט דאך א נוגע בדבר?"

„חלילה, חלילה"—האט דער צדיק געזאגט—„מיין פסק דין וועט איך באלד איבערצייגען אז איך בין ניט קיין נוגע בדבר."

די דעפּוטאַציע האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר.

דער צדיק האָט אָבער ניט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטען, זאָגענדיג צו דער דעפּוטאַציע:

„הערט־זשע מיינע ליבע אידען, זאָגט קהל, אַזוי ווי אין כתב רבנות זיינען פאַרהאַנען תנאים וועלכע איך קען בשום אופן ניט האַלטען, און הגם איך האָב די תנאים ניט אונטערגעשריבען און האָב אויך ניט ניט פאַרשפּראָכען זיי צו האַלטען, איז מיין פּסק הלכה, אַז קהל האָט רעכט, און איך דאַרף אוהעלער רבנות אויפגעבען."

צוריקקומענדיג צו קהל מיט דעם פּסק הלכה פון דעם רב, זיינען אַלע אַנוועזענדע געבליבען זיצען ווי פאַרשטיינערט. זיי האָבען פאַרשטאַנען אַז זיי האָבען איבערגעכאַפּט דע מאָס. עס איז אָבער געווען פאַרפאַלען. ר' יקותיאל יהודה האָט פאַרלאָזען אוהעל און האָט אָנגענומען אַ רבנות אין גאָרליץ, גאַליציע.

עס וועט אפשר ניט זיין אינטערעסאַנט צו וויסען, איך קען אָבער ניט גובר זיין מיין יצר הרע, ניט צו דערצעלען, אַז אָט די גאָרליצער רבנות, האָט דער שרייבער פון דיזע מעשה'לאַך צו פאַרדאַנקען, וואָס ער האָט דעם סיגעטער צדיק געקענט, און איהם די האַנד געקושט.

די מעשה דערפון איז געווען אַזאַ:

איבערנעמענדיג גאָרליצער רבנות, האָט ר' יקותיאל יהודה, ווי זיין שטייגער פלעגט זיין, באַלד געגרינדעט אַ ישיבה. פון די גאָר גרעסטע תלמידים פון דער ישיבה איז געווען, דער פאָטער פון דעם שרייבער, ר' פישעל גאָרליצער האָט מען איהם גערופען, און הגם, ר' פישעל איז שפּע־טער געוואָרען אַ פייערדיגער סאַנזער חסיד, און זאָגאַר אַ דיין אין סאַנ־זער צדיק'ס הויז (דער סאַנזער צדיק האָט פאַר זיינע אייגענע בני בית קיינמאָל ניט גע'פּסק'ענט קיין שאלות.) און שפּעטער אויך דער ראש ישיבה פון סאַנז, איז אָבער דער דאָזיגער ר' פישל געבליבען אויך אַ פייער־דיגער אָנהענגער פון זיין אַלטען רבי'ן ר' יקותיאל יהודה ועמען ער פלעגט באַזוכען איינמאָל אַ יאָהר.

דאָס איז געווען אין יאָהר תרמ"ב אָדער תרמ"ג (אַ יאָהר בעפאָר אָדער אין דעמזעלבען יאָהר פון סיגעטער צדיק'ס פּטירה.) ווען ר' פישל גאָרליצער האָט באַשלאָסען אַז זיין זוהן, וועלכער איז שוין דאַן געווען

א ישיבה בחור'ל, דארף לערנען ביי דעמזעלביגען רבי'ן וואס ער אליין, ר' פישל, האט געלערענט—ביים סיגעטער צדיק.

אומר ועושה, ר' פישל האט גענומען זיין בחור'ל און, וילך—קיין סיגעט.

דאס בחור'ל האט ביים סיגעטער צדיק ניט געלערענט. דער סי־געטער איז שוין דאן געווען א זקן גדול, און די ישיבה איז שוין כמעט קיין ישיבה ניט געווען, דאס בחור'ל האט אבער זוכה געווען צו זעהן דעם סיגעטער צדיק, און איהם קושען אין האנד.—אבער דאס ווערט דערצעלט, נאר אגב אורחא.

דער צדיק ר' יקותיאל יהודה איז אין גארליץ ניט געבליבען לאנג. אום די אורזאך צו פארשטעהן, מוז דא געזאגט ווערען, אז ווערהענד אין אנדערע לענדער זיינען די חסידישע רביים על פי רוב ניט געווען קיין גאונים, זיינען די אונגארישע רביים על פי רוב געווען אמת'ע גאונים. ר' אייזיקל קאליפער ווענען ווערמען עס איז שוין אויף דעם פלאץ געשריבען געווארען איז געווען א גאון עולם; ר' משה טייטעלבוים, איז נאך דעם חתם סופר, געווען דער גרעסטער גאון אין אונגארן. זיין אייניקעל ר' יקותיאל יהודה איז געווען פונקט ווי דער זיידע איינער פון דע גרעסטע גאונים, און אזוי זיינען אויך געווען די אנדערע חסידישע רביים אין אונ־גארן, וועגען וועמען עס וועט נאך דא דערצעלט ווערען.

און וואס נאך מעהר, כמעט אלע אונגארישע חסידישע רביים האבען געפיהרט גרויסע ישיבות, פונקט ווי די מתנגדישע גדולים. ר' יקותיאל יהודה האט געשטרעבט צו האבען א גרויסע ישיבה. אין גארליץ, א קליין שטעדטעל אין מערב גאליציע, האט ער דאס ניט געקענט דורכפיהרען. „איך האב דא אין גארליץ, א גאנץ גוטע „עמידה"(שטעלע)—האט דער צדיק אמאל געזאגט צו זיין תלמיד, דער פאטער פון דעם שרייבער—„איך האב אבער דא ניט קיין גוטע ישיבה." דער צדיק איז ענדליך אוועק פון גארליץ, אננעמענדיג דאס רבנות אין דראהאביטש, וואו זיין פאטער ר' אלעזר ניסן, איז געווען רב. אבער אויך אין דראהאביטש האט ער זיינע שטרעבונגען צו האבען א גרויסע ישיבה ניט געקענט דורכפיהרען, ביז די זון האט ענדליך פאר איהם אויפגעשיינט מיט איהר גאנצער פראכט און גלאנץ.

דאס איז געווען אין יאהר תרי"ח, ווען ער איז אויפגענומען געווארען אלס רב פון מארמאריש סיגעט.

# קאפיטעל 6

סיגעט, ווי עס איז שוין אויף דעם פלאץ געזאגט געווארען, איז אן עיר ואם בישראל. סיגעט האט געהאט גאר גרויסע רבנים, איידער ר' יקותיאל יהודה איז געווארען סיגעטער רב. סיגעט איז איבערהויפט געווען, פון אימער אן א שטאדט פון חסידים, און הגם ס'רוב סיגעטער חסידים, פלעגען זוכען זייערע „רביים" פון „דערווייטענס", בעלז, וויזניץ, סאנז, און דערגלייכען, האבען אבער כמעט אלע אנערקענט דעם נייעם רב אלס א לייכטענדען שטערן, פון תורה, חכמה און קדושה וטהרה.

טויזענדער חסידים פון אלע טיילען פון אונגארן זיינען צו איהם געקומען, און אפילו אונגארישע רביים פלעגען צו איהם פארען. זיין מורא'דיגע עבודה, זיינע פייערדיגע תפילות און זיינע פלאים'דיגע דרשות האבען ממש מרעיש עולמות געווען. אבער דער עיקר פון אלץ, איז ביי איהם געווען זיין ישיבה.

סיגעטער ישיבה איז געווארען איינע פון די גרעסטע אין אונגארן. הונדערטער תלמידים מופלגי תורה, האבען אין דער ישיבה געלערענט. פון סיגעטער ישיבה זיינען ארויס גדולי תורה, און אפילו גאונים, און ניט נאר איז דער צדיק געווען צו זיינע תלמידים א רבי נאר אפט אויך א גוטער פאטער. א סך פון זיינע תלמידים האט ער געשפייזט און געקליידט אויף זיין אייגענעם חשבון. א סך האט ער אויף זיין אייגענעם חשבון חתונה געמאכט.

ר' יקותיאל יהודה, דער סיגעטער גאון, פלעגט זיינע תלמידים באהאנדלען מיט אויסערגעוועהנליכע ליבע. כמעט מיט צערטליכקייט. ער פלעגט זיי דערצעלען עובדה'לאך פון צדיקים, אדער פון זיינע אייגענע איבערלעבענישען. אין אזעלכע מאמענטען פלעגען זיך די תלמידים פיהלען שטארק געהויבען. ער פלעגט אבער אויך אמאל זיין גאר שטרענג.

עס פלעגט טרעפען, אז אין מיטען לערנען, קיינער האט ניט געוואוסט פאר וואס און פאר ווען, האט זיך דער צדיק אויפגעשטעלט מיט א געשריי: „איהר מיינט אפשר אז איך ווייס ניט אייערע מעשים, זאגאר וואס איהר טהוט בחדרי חדרים? איך ווייס אלעס. איך ווייס אפילו אייערע מחשבות, איך לייען ארונטער פון אייערע פנים'ער אלע אייערע מעשים און אלע אייעע מחשבות'ן, אין אזעלכע צייטען פלעגט פאלען א

פחד אויף אַלעמען. קיינער האָט ניט געוואוסט ווען דער צדיק מיינט, און אַלע האָבען געציטערט ווי אַ פיש.

דער צדיק פלעגט דאַן זאָגען אַ פרק מוסר מיט התלהבות, פאָדערענ־דיג פון די תלמידים, צו לערנען מיט מעהר התמדה. ניט צו פארברענגען חס ושלום אַ מינוט מיט דברים בטלים. נאָך אזא פרק מוסר, דערצעלען חסידים פלעגט די התמדה פון די תלמידים זיין חוץ לדרך הטבע.

דער סיגעטער צדיק פלעגט שטארק מקפיד זיין, אַז מען זאָל ניט דערצעלען וועגען איהם מופתים. ווען ער האָט געהערט אַז מען דער־צעלט פון איהם אַ מופת, פלעגט ער מסביר זיין פאר'ן עולם, אַז דער „מופת" איז גאָר קיין מופת ניט, נאָר אַ פשוט'ער דרך הטבע.

איינמאָל, דערצעלען חסידים, בשעת דער צדיק האָט געזאָגט דעם שיעור פאר זיינע תלמידים, איז אריינגעקומען אַ סיגעטער איד. מיט אַ געוויין, אַז זיין טאָכטער איז מקשה לילד. אַז שוין דעם דריטען טאָג ווי זי געהט צו קינד, און האַלט פשוט ביים אויסגעהן. דער סיגעטער האָט זיך פארטראַכט, האָט געזאָגט אַ שטילע תפלה, און דאַן געזאָגט צו דעם איד, ער זאָ אַהיימגעהן, און השם יתברך וועט בודאי העלפען.

„רבי"—האָט דער איד גזיאָמערט—„איך געה פון דאַנען ניט אוועק, ביז דער רבי וועט מיר געבען אַ קמיע. מען האָט מיר געזאָגט אַז דעם רבינ'ס אַ קמיע וועט זיכער העלפען." (דער סיגעטער צדיק פלעגט אָפט געבען קמיעות, פונקט ווי זיין זיידע, ר' משה טייטעלבוים.)

ניט ענטפערענדיג אַ וואָרט איז דער סיגעטער צוגעגאַנגען צו זיין שרייב־טישעל האָט ארויסגענומען אַ שטיקעל פארמעט, האָט עפּעס אויפ־געשריבען און עס דערלאַנגט דעם איד.

דער איד איז שנעל אַהיימגעלאָפען און דער סיגעטער האָט פאָרט־געזעצט זיין שיעור.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און דער איד איז צוריקגעקומען, מיט אַ שמחה אַז זיין טאָכטער האָט צו מזל געהאַט אַ בן זכר, דערצעלענדיג אַז תיכף ווי מען האָט אריינגעלייגט די קמיע אין דעם בעט פון דער מקשה לילד, איז דאָס קענד געקומען.

די תלמידים פון צדיק זיינען געבליבען זיצען מיט אָפענע מיילער. אַ אמת'ער מופת.

ווען דער איד איז אוועק האט דער צדיק, די קמיץ געעפענט און זי געוויזען צו זיינע תלמידים. די קמיע האט ענטהאלטען ניט מעהר ווי איין ווארט:—„צא“ (געה ארוים.)

„איהר זעהט, קינדער,„—האט דער צדיק געזאגט, זעהענדיג דאס התפעלות פון די תמידים—„אלצדינג קען מען געפינען אין דער הייליגער גמרא.“

„אין די גמרא?“—האבען זיך די תלמידים געוואונרערדט.

„יא, אין דער גמרא“—האט דער צדיק געזאגט.

„די גמרא זאגט, „כל מה שאמר לך בעל הבית עשה, חוץ מצא“ (אלץ וואס דער בעל הבית זאגט מוז מען פאלגען אויסער ארויסגעהן) איז דער ענין דערפון אזוי: אז דער בעל הבית, (דער פאטער פון קינד) זאגט „צא“ (געה ארוים) מוז דאס קינד ניט פאלגען, אבער אז דער רב זאגט „צא“, מוז דאס קינד פאלגען, האב איך אויפגעשריבען „צא“ און דאס קינד האט געפאלגט.

די תלמידים האבען אנגעקוואלען פון דער המצאה׳לע.

אנאנדער געשיכטע וועלכע צייגט דאס תמימות פון סיגעטער צדיק, ווערט דערצעלט פון סיגעטער חסידים, ווי פאלגט:

איינמאל, הושענא רבא—דאס איז געווען בעת די כאלערא רחמנא לצלן, האט געבושעוועט, און מענשען זיינען געפאלען ווי פליגען—האט דער צדיק פשוט איינגעריסען וועלטען בעטענדיג דעם רבונו של עולם אז עס זאל שוין אן ענד נעמען צו דעם אומגליק. קומענדיג צו דער הושענא —„הושענא נפש מבהלה“, (העלף גאט דעם נפש פון שרעקעניש), האט דער צדיק אויסגעשריען: „רבותי, הערט מיך צו, און איך האף אז איהר וועט מיך פאלגען!“

אין גרויסען בית המדרש איז געווארען שטיל. אלע הערצער האבען אויפגעציטערט און פון אלע אויגען האבען זיך געגאסען טרערען. דער צדיק האט פארטגעזעצט:

„איך זאג אן יעדען איינעם אז אויב אימיצער וועט חלילה וחלילה קראנק ווערען, זאל ער זיך גאר ניט שרעקען. ער זאל זיך נאר פארשטעלען אין זיין דמיון מ י ן צ ו ר ה, און איך בין איהם מבטיח אז ער וועט געזונט ווערען.“

און מערקווירדיג, עס האָט געהאָלפען. וויסענדיג אז עס איז דאָ א רפואה צו דער כאָלערא, די רפואה, הייסט עס, „פאַרצושטעלען פאַר די אויגען דעם צדיק'ס צורה", האָבען זיך סיגעטער אידען אויפגעהערט שרעקען, און אפילו די וואָס זיינען קראַנק געוואָרען, זיינען צוליב די „רפואה" געזונט געוואָרען. קורץ—„והמגפה נעצרה." די מגפה האָט נאָכגעלאָזט.

ס'פארשטעהט זיך, אז אזא שמחת יום טוב, א שמיני עצרת און שמחת תורה, האָבען סיגעטער אידען אפשר קיינמאָל ניט געהאַט.

א געהויבענער חסיד איז מיט עטליכע טעג נאָך יום טוב אריין צום צדיק מיט דער בשורה אז זיין רפואה העלפט, אז „אַלע וואָס שטעלען זיך פאָר דעם צדיק'ס צורה ווערען געזונד."

„וואָס מיינסטו, אז מיין רפואה העלפט?"—האָט דער צדיק געפרעגט.

„איך מיין"—האָט דער חסיד געענטפערט—„ווענען רבין'ס באפעהל, אז אַלע וואָס וועלען חלילה קראַנק ווערען אויף דער חולי רע, זאָלען פאַרשטעלען זיך אין זייער דמיון דעם רבינ'ס צורה וועלען זיי געזונט ווערען."

„ווען האָב איך אזא באפעהל געגעבען?"—האָט זיך דער צדיק געוואונדערט.

דער חסיד האָט געזוכט צו דערמאָנען דעם צדיק די ווערטער וואָס ער האָט געזאָגט הושענא רבא, אויף „הושענא נפש מבהלה."

„חלילה וחלילה"—האָט דער צדיק געזאָגט—„איך האָב אזוי ניט געזאָגט, איך האָב אזא באפעהל ניט געגעבען—דאָס וואָלט דאָך געווען, גאוה רחמנא לצלן!"

דער צדיק איז אריינגעפאַלען אין א דבקות, זאָגענדיג דערנאָך צום חסיד אויב איך האָב באמת געגעבען אזא באפעהל, און עס העלפט, זאָל עס אזוי בלייבען.

עס פארשטעהט זיך אז ר' יקותיאל יהודה האָט געוואוסט אז דער שרעק פאַר דער „חולי רע" איז אָפט געווען שרעקליכער ווי די קראַנקהייט גופא, מענשען זיינען פשוט געפאַלען ווי פליגען פון שרעק אליין. דער קלוגער צדיק האָט אַלזאָ מיט זיין רפואה אָפגעצווינגען דעם שרעק, און עס האָט געהאָלפען.

אָט אזוי פלעגט דער צדיק, אַלע זיינע מופתים, מקרב זיין צום שכל.

דער סיגעטער צדיק, פלעגט אויך אָפּט ליב האָבען זאָגען אַן הלצה'לע.

איינמאָל האָט מען דעם רבי'ן דערצעלט, אַז זיינער אַ חסיד, שניידט זיך אויף „רבי'סטווע." דאָס הייסט, ער וויל דוקא ווערען אַ רבי פון חסידים. דער צדיק האָט זאָפאָרט געלאָזט אריינרופען דעם חסיד צו זיך אין צימער.

„מען האָט מיר דערצעלט"—האָט דער צדיק געזאָגט צום חסיד—„אַז דו ווילסט גאָר ווערען אַ רבי פון חסידים, איז דאָס אמת?"

„יאָ, רבי"—האָט דער חסיד געענטפערט—„מען האָט מיר געוויזען בחלום, אַז איך דארף ווערען אַ רבי פון חסידים."

„אויב אַזוי"—האָט דער סיגעטער געזאָגט צום חסיד—„דארפסטו נאָך וואַרטען."

„ווי לאַנג דארף איך וואַרטען רבי?"—האָט דער חסיד געפרעגט.

„ביז עס וועט זיך חלום'ען די חסידים אַז דו ביזט אַ רבי"—האָט דער צדיק געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

אין סיגעט האָט געלערנט אַן אַלטער בחור, אַ מופלג בתורה. מען האָט איהם גערעדט פארשידענע שידוכים, ער האָט אָבער בשום אופן ניט געוואָלט חתונה האָבען. זיין תירוץ איז געווען—„נפשי חשקה בתורה." ער איז פשוט פאַרליבט אין דער תורה.

איינמאָל, אין מיטען לערנען, האָט דער סיגעטער זיך געווענדעט צום בחור מיט די ווערטער: „הערצו, מיין קינד, „אתה בחרתנו" (מלשון בחור) האָסטו שוין מקיים געווען געווען געגוג, איצט איז צייט אַז דו זאָלסט מקיים זיין „והשיאנו" (מלשון נשואין.) די תלמידים האָבען זיך צולאַכט פון דער הלצה'לע, און דער אַלטער בחור האָט אין עטליכע חדשים שפּע־טער חתונה געהאַט.

---

# קאַפּיטעל 7

אין יאָהר תרמ"ג איז דער סיגעטער צדיק קראַנק געוואָרען. ער האָט געליטען מורא'דיגע יסורים, ממש יסורי איוב. ער האָט אָבער זיין דרך פון תורה און עבודה ניט געענדערט אויף אַ האָר. אדרבה, זיין עבודה

בקדושה וטהרה איז געווען נאָך מעהר, נאָך שטאַרקער׳ ממש חוץ לדרך השבע. זעהענדיג אַז די קראַנקהייט שטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג, האָ־בען זיין בני בית באַשלאָסען צו ברענגען פון וויען אָדער בודאַפּעסט אַ גרויסען פּראָפעסאָר. דער צדיק האָט אָבער שטרענג פאַרבאָטען דאָס ניט צו טאָן. „ווילט איהר דען פון מיר אָוועקרויבען דעם בטחון צו השם יתברך?״—האָט דער צדיק געשריען—„היה לא תהיה. אויב עס איז דער רצון פון בורא עולם מיך צו לאָזען לעבען, וועל איך לעבען. אויב ניט, בין איך מוסר מיין נשמה צום בורא עולם באהבה. איך שרעק מיך ניט״ —האָט דער צדיק אויסגעשריען מיט התלהבות:—גם כי אלך בגיא צלמות, לא אירא רע, כי אתה עמדי.״

פיהלענדיג אַז די כוחות לאָזען זיך אויס האָט דער צדיק אַריינגע־רופען זיינע זיהן, אָנזאָגענדיג אַז מען זאָל חלילה וחלילה, ניט אויסקריצען אויף זיין מצבה ניט דעם טיטעל גאון, און ניט דעם טיטעל צדיק. „איך האָב אימער פיינט געהאַט דעם שקר, האָט דער צדיק געזאָגט און איך וויל ניט אַז אויף מיין מצבה זאָל זיך חלילה געפינען אַפילו נאָר אַ שטיקעל שקר.״ דער צדיק האָט דאַן פאַרגעזאָגט דעם נוסח וואָס מען זאָל אויף זיין מצבה אַרויפשטעלען.

אָט איז דער נוסח פון צדיק׳ס מצבה וואָס ער אַליין, דער צדיק האָט אויפגעשטעלט:

„הרב המפורסם, שמו נודע בשערים, העמיד תלמידים הגונים, והשאיר אחריו חבורים יקרים.״—אָט דאָס איז אַלץ אמת, האָט דער צדיק געזאָגט. „איך בין ברוך השם אַ מפורסם, און מיט מיינע תלמידים און מיט מיינע חבורים האָב איך ניט וואָס צו שעהמען, ניט בעולם הזה און ניט בעולם הבא.״

פרייטאָג צו נאַכט, נאָך קבלת שבת, פרשת שופטים, זעקס טעג אין חודש אלול, אין יאָהר תרמ״ג, איז דער צדיק ר׳ יקותיאל יהודה נפטר גע־וואָרען. ער איז געשטאָרבען בקדושה וטהרה, פונקט ווי ער האָט גע־לעבט בקדושה וטהרה.

מערקווירדיג איז וואָס אַלע דריי זיינען נפטר געוואָרען שבת. זיין זיידע, דער צדיק ר׳ משה טייטעלבוים איז נפטר געוואָרען שבת, זיין

פֿאַטער דער צדיק ר׳ אלעזר ניסן איז נפטר געוואָרען שבת, און אויך ער, דער סיגעטער צדיק, איז נפטר געוואָרען שבת.

די ספרים וואָס זיינען איבערגעבליבען פֿון דעם צדיק ר׳ יקותיאל יהודה, זיינען: —„ייטב לב“, יישב פנים“, „רב טוב“, און שאלות ותשובות „אבני צדק“ אויף די פיער טיילען שלחן ערוך.

# דער צדיק ר׳ ליפּאַ׳לע טייטעלבוים

נאָר ווי שטעהט דאָרט אין דער גמרא, „אין צדיק נפטר מן העולם עד שנברא צדיק כמותו" (קיין צדיק געהט ניט אוועק פון דער וועלט ביז עס ווערט געבוירען אַנאַדער צדיק ווי ער.) און אַזוי איז עס אויך געווען אין סיגעט. קוים איז דער אַלטער צדיק ר׳ יקותיאל יהודה נפטר געוואָרען, און עס האָט אויפגעשיינט אַ נייע ליכט פאַר דעם אונגאַרישען יודענטום. דאָס איז געווען ר׳ חנניה יום טוב ליפּאַ טייטעלבוים, דער זוהן פון ר׳ יקותיאל יהודה, און זיין ממלא מקומו.

צו איז דער זוהן געווען אין נגלה אַזאַ גאון ווי דער פאָטער, איז ניט פאַר אונז צו אורטיילען. זיכער איז אַז אין עבודה, אין אהבת ישראל, אין קדושה וטהרה און מסירת נפש ממש, פאַר די תורה און אמונה האָט ר׳ ליפּאַ׳לע, אָדער ווי מ׳ען רופט איהם אין אונגאַרן „דער קדושת יום טוב" (נאָך דעם נאָמען פון זיין ספר) נאָכגעפאָלגט די טריט פון זיין גרויסען פאָטער ר׳ יקותיאל יהודה, און פון זיין גרויסען זיידען, ר׳ משה טייטעלבוים.

חסידים זאָגען אַז שוין אַלס יונגער אינגעל, האָט ר׳ ליפּאַ׳לע געקראָגען סמיכות צו ווערען אַ רבי פון חסידים. די מעשה דערצעלט זיך אַזוי:

איינמאָל איז דער סיגעטער צדיק ר׳ יקותיאל יהודה געפאָרען קיין ראָפּטשיץ מיטנעמענדיג זיינע צוויי יונגע קינדער, אברהם אהרן (שפּעטער דער קאַלבאַסובער צדיק) און ליפּה׳לע (שפּעטער דער סיגעטער צדיק), זעהענדיג די צוויי קינדער, האָט דער רבי ר׳ מנשה (דער זוהן פון רבי׳ן ר׳ אשר׳ל) וועלכער האָט געהאַט אַ יונג מיידעלע, געזאָגט צום סיגעטער, „סיגעטער רב, לאָמיר זיך משדך זיין." דער סיגעטער האָט באַלד מסכים געווען, צופיהרענדיג צום רבי׳ן ר׳ מנשה זיין עלטערען אינגעל אברהם אהרן.

„ניין, ניין"—האָט דער רבי ר׳ מנשה געזאָגט—„איך וויל אייער אינגערען אינגעל. אייער אברהם וועט טאַקע זיין אַ גדול בתורה און אַ גרויסער צדיק, אייער ליפּאַ׳לע אָבער, וועט פאַרשיינען די וועלט מיט זיין תורה און קדושה וטהרה."

און אזוי איז עס טאקע געווען. ר' ליפא'לע האט שפעטער חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון רבי'ן ר' מנשה. דאס פאר פאלק האט אבער ניט געהאט קיין קינדער און נאך 10 יאהר האבען זיי זיך געגט, ווי דער דין איז.

אנאנדערע חסידישע אגדה דערצעלט, אז איינמאל איז צום אלטען סיגעטער צדיק געקומען זיינען א תלמיד, ר' מתות פון אפשא, האט מען איהם גערופען—בעטענדיג אז דער רבי זאל מתפלל זיין אז השם יתברך זאל איהם בענשען בזרע של קיימא. דער צדיק האט איהם אנגעוואונשען אז ער זאל האבען קינדער. עס איז פארביי עטליכע יאהר און די ברכה איז נישט מקוים געווארען. ר' מתות איז ווידער געקומען צום רבי'ן און שטארק מפציר געווען אז דער רבי זאל איהם מבטיח זיין, אז ער וועט האבען קינדער.

„מיין קינד,"—האט דער צדיק געזאגט צו זיין תלמיד—„איך בין שוין אלט און שוואך, און קען מעהר ניט מתפלל זיין ווי עס געהער־צו־זיין. פאהר צו מיין ר' ליפא'לע, (ר' ליפא'לע איז דאן געווען רב אין טעטש, א קליין שטעדטעל אין מארמאריש) בעט איהם און ער וועט פאר דיר מתפלל זיין, און איך בין דיר מבטיח אז זיינע תפילות וועלען אנגענומען ווערען."

ר' מתות נאטירליך, האט מעהר ניט געפרעגט קיין קשיות, נאר גע־לאפען תיכף ומיד קיין טעטש.

הערענדיג די בקשה פון ר' מתות'ן, האט ר' ליפא'לע זיך במעט ווי געבייזערט, „איך בין ניט קיין רבי, האט ר' ליפא'לע געזאגט, און ניט קיין בעל מופת." ר' מתות האט אבער ניט אפגעטראטען. „רבי"—האט ר' מתות מיט טרערען געבעטען—„אייער היילינגער פאטער האט מיך צו אייך געשיקט און מיר מבטיח געווען אז אייערע תפילות וועלען העלפען."

ר' ליפא'לע האט זיך פארטראכט. ער האט דאן געזאגט צו ר' מתות'ן, אויב איהר וועט מיר פארשפרעכען, אז איהר וועט ניט מגלה זיין פאר קיינעם, וועל איך אייך מבטיח זיין מיט זרע של קיימא. ר' מתות האט נאטירליך פארשפראכען, און די הבטחה פון יונגען צדיק איז טאקע מקוים געווארען.

שפעטער, ווען ר' ליפא'לע איז שוין געווען א רבי פון צענדליגע טוי־זענדער חסידים, האט ר' מתות זיך ערלויבט מגלה צו זיין דעם מופת.

עס דארף דא געזאגט ווערען אז דער צדיק ר' ליפא'לע איז געווען א

פייערדיגער חסיד פון סאנזער צדיק, ר' חיים האלבערשטאם. אבער טאקע א פלאם פייערדיגער חסיד. אייגענטליך זיינען אלע זיהן פון סיגעטער צדיק געווען סאנזער חסידים. דער סיגעטער אליין, הגם ער איז געווען א רבי פון צענדליגע טויזענדער חסידים, האט באפוילען זיינע קינדער צו ווערען סאנזער חסידים, „אין סאנז"—פלעגט דער אלטער סיגעטער זאגען —„קען מען שעפען יראת שמים עמערווייז, אויב מען ווייס נאר ווי אזוי."

ווענען ר' ליפא'לען, דערצעלען חסידים אזא מעשה:

צוריקקומענדיג איינמאל פון סאנז, און דערצעלענדיג זיין פאטער פון דעם סאנזער'ס מורא'דיגע עבודה, פון זיין גאונות און קדושה וטהרה, האט ר' ליפא'לע באמערקט ווי טרערען גיסען זיך פון זיין פאטער'ס אויגען.

„וואס איז, היילינער פאטער"—האט ר' ליפא'לע געפרעגט—„פאר־וואס וויינסטו?"

„מיין קינד"—האט דער אלטער צדיק געענטפערט—„עס זיינען געווען צייטען וואס איך האב איהם (דעם סאנזער צדיק) געקענט נאכ־פאלגען, אי אין נגלה אי אין נסתר. ער האט מיך אבער איבערגעיאגט, העט, העט, און איך קען איהם מעהר ניט נאכפאלגען, און פארוואס זאל איך ניט וויינען."

זייענדיג איינמאל אויף יום כפור אין סאנז, דערצעלען חסידים, האט ר' ליפא'לע געוואלט זעהן, וואס דער סאנזער צדיק טהוט נאך „כל נדרי."

דער סנאזער צדיק פלעגט זיך נוהג זיין, נאך מעריב פון כל נדרי, זיך צו פארשליסען אין זיין יחוד חדר, און ניט ארויסגעהן ביז יום כפור אין דער פריה. קיינער נאטירליך, האט ניט געוואגט, אריינצוקוקען אין חדר זעהן וואס דער צדיק טהוט דארט. דער צדיק ר' ליפא'לע האט זיך אבער געמאכט הארץ. „זאל זיך טהאן וואס עס וויל, איך מוז זעהן די עבודה פון היילינען צדיק יום כפור נאך כל נדרי."

אומר ועושה. ר' ליפא'לע האט אויסגעזוכט א פענסטער וואו מען האט דורך די שפארעס געקענט זעהן וואס אין חדר טהוט זיך. ר' ליפא'לע איז ארויפגעקראכען אויף דעם פענסטער זיך אנגעכאפט ביי די גראטעס און אזוי געהאנגען א גאנצע נאכט.

„דאס איז נישט קיין ילוד אשה"—האט ר' ליפא'לע שפעטער גע־

זאָגט צום עולם—„דאָס איז א מלאך ה׳ צבאות.״ ר׳ ליפּאָ׳לע איז זייט דאַן געוואָרען נאָך מעהר אדוק אין סאַנזער צדיק.

דער סאַנזער פון זיין זייט, האָט געהאַלטען פון ר׳ ליפּאָ׳לע גאָר, גאָר גרויס. „ר׳ ליפּאָ׳לע טעטשער״—פלעגט דער סאַנזער זאָגען—„איז א קדוש מרחם אמו.״

איינמאָל, דערצעלען סאַנזער חסידים, זיינען אָנגעקומען אויף שבת צום סאַנזער צדיק צענדליגע גוטע אידען און גדולי הדור. דאָס האָט מען געקענט זעהן אין סאַנז אַ סך מאָל. יענער שבת אָבער איז געווען אַן אויסנאַמע. דער טיש אַרום און אַרום איז געווען באַזעצט מיט לויטער גאונים און צדיקים. די אינגערע רבנים, און די קלענערע, נאַטירליך, זיינען געשטאַנען צווישען דעם עולם.

דער סאַנזער איז געזעסען פאַרקאָכט אין זיין עבודה, ווי זיין שטייגער פלעגט זיין, שרייענדיג פון מינוט צו מינוט, מיט קולי קולות, „לית מחשבה תפיסה ביה כלל,״ „לית אתר פנוי מיניה.״ פלוצלונג האָט דער צדיק אַ געשריי געגעבען, „וואו איז ר׳ ריפּאָ׳לע?״ ר׳ ליפּאָ׳לע איז געווען צווישען עולם און מען האָט איהם פשוט צוגעטראָגען אויף די הענד צום סאַנזער צדיק.

זעהענדיג ר׳ ליפּאָ׳לען ביים טיש האָט דער סאַנזער אָנגעהויבען זאָגען תורה, וועגען די אויפגאַבען פון אַ מנהיג הדור. „מיט מסירת נפש ממש, מוז מען דינען זיין פאָלק, אויב דער בורא כל העולמים באַשטימט איינעם פאַר אַ מנהיג הדור״—האָט דער סאַנזער געשריען.—„חלילה, וחלילה ניט צו האָבען קיין זייטיגע פניה, נאָר בלתי לד׳ לבדו, און אַזוי ווייטער און ווייטער.״

די רבנים און חסידים וואָס זיינען געווען אַנוועזענד, האָבען געזאָגט, אַז צוליב דעם האָט דער צדיק צוגערופען ר׳ ליפּאָ׳לען, ווייל ער האָט איהם געוואָלט מסמיך זיין פאַר אַ מנהיג הדור.

ר׳ ליפּאָ׳לע איז טאַקע שפּעטער געוואָרען אַ מנהיג הדור מיט מסירת נפש ממש. ער האָט געהאַט נאָך מעהר חסידים ווי זיין גרויסער פאָטער ר׳ יקותיאל יהודה. ער איז געווען פאַרהייליגט ביי אונגאַרישע חסידים, פאַקטיש אַלס דער גרעסטער צדיק אין אונגאַרן פון זיין דור.

אין יאָהר תרס״ד, ווען דער צדיק ר׳ ליפּאָ׳לע איז אַלט געוואָרען ס״ד שנה, ערב ראש הודש אדר, האָט ער אויסגעהויכט זיין הייליגע נשמה,

איבערלאָזענדיג צוויי זיהן,ביידע גדולי התורה, ר׳ חיים הירש׳לע, וועלכער איז געוועזן דער ממלא מקומו פון זיין פאָטער, און איז נפטר געוואָרען אומגעפעהר מיט צוויי יאָהר צוריק יונגערהייט, און ר׳ יואל לאורך ימים רב אין ארשוואַ.

* * *

שליסענדיג די סעריע פון דער טייטעלבוים גזע, וויל איך דאָ אויס־שפּרעכען מיין איניגסטען דאַנק צו מיינע פריינד וואָס העלפען מיר פון צייט צו צייט, מיט ספרים׳לאך וועגען די אונגארישע צדיקים וועמען איך באשרייב איצט:—הרב ר׳ מנחם מענדל עקשטיין, רב פון די בני יעקב אנשי מאַרמאָריש, קליוולאַנד; הרב ר׳ יקותיאל גרינוואלד, רב פון דער בית יעקב שוהל, קאָלאָמבוס; ר׳ יוסף מאַרגאָשעס פון נויאָרקער „מאָרגען זשורנאַל“, און דר. שמואל מיללער, פון יאָנקערס, רעדאַקטאָר פון דעם העברעאישען מאָנאַטשריפט „אפריון.“

# דער צדיק ר' הירשעלע ליסקער, זצ"ל

## קאפיטעל 1

די געשיכטע איז שוין אלט. דער שרייבער איז נאך געווען א יונגער איינגעל ווען ער האט זי געהערט. ער געדענקט אבער די ווערטער פונקט ווי זיי וואלטען געזאגט געווארען, נעכטען.

דאס איז געווען אין א חסידישע מסיבה, אין דעם הויז פון דעם שרייבער'ס עלטערען. עס איז געווען ר' הירשל'ע ליסקער'ס יאהרצייט, און איינער א בארימטער חסיד, און א גרויסער תלמיד חכם, האט דער־צעלט מעשה'לאך און עובדה'לאך פון פארשטארבענעם צדיק. איך געדענק איצט ניט די מעשה'לאך און עובדה'לאך, איך געדענק אבער א י י ן בצענע:

דער חסיד יושב ראש, וואס איז געווען אין יענער מסיבה בבחינת „רבי", איז פלוצלונג ארייגעפאלען אין א דבקות. די חסידים ארום איהם האבען געקראגען א מין יראת הרוממות, ווארטענדיג הפנים פאר א גרויס ווארט, וואס דארף נאכקומען, און דאס ווארט איז טאקע באלד געקומען.

„רבותי!"—האט דער יושב ראש געזאגט מיט א ברען—„ביי מיר איז זיכער אז בעת כביכול, ברוך הוא וברוך שמו, האט ארויסגעזאגט „וירא אלקים את האור כי טוב", איז אין יענעם מאמענט באשאפען געווארען די הייליגע נשמה פון ר' הירש'ע ליסקער." דיזע שיחה האט זיך שטארק איינגעקריצט אין מיין יונגען מוח. איך האב זי קיינמאל ניט פארגעסען.

איך וויל דא מודה זיין, אז אליין האב איך אין אזעלכע ענינים א קליינע השגה אפילו היינט. אבער הערענדיג און לעזענדיג וועגען דעם לעבען און ווירקען פון דעם צדיק ר' הירשל'ע ליסקער, דוכט זיך אז יענער חסיד האט באמת רעכט געהאט. דאס איז געווען א נשמה פון כלו טוב. —טוב ומטיב לכל.

ר' הירשל'ע ליסקער (ר' צבי הירש פריעדמאן, רב פון ליסקא, סעמ־

פלינער קאָמיטאַט, אונגאַרן,) איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר תקס"ח, אין אַ דאָרף נעבען אוהעל. זיינע עלטערען, ר' אהרן און שרה, זיינען געווען זעהר פרומע מענשען, און זעהר אָרימע מענשען. ווען ר' הירשל'ע איז שוין געווען א רב פון טויזענדער חסידים, פלעגט ער דערצעלען, אז אלס אינגעל האָט ער קיינמאָל ניט געהערט פון זיין פאָטער און מוטער קיין אַנדערען שמועס, ווי נאָר ווי אַזוי צו דערציהען זייערע קינדער לתורה, לחופה ולמעשים טובים. (ר' הירשל'ע האָט געהאַט נאָך צוויי ברידער, ר' ליבוש און ר' וואָלף, גרויסע תלמידי חכמים.) שפּעטער האָבען זיינע עלטערען אַריינגעצויגען אין אוהעל, וואַהרשיינליך אום צו קענען געבען זייערע קינדער אַ בעסערע אידישע ערציהונג.

אַלט ווערענדיג אַכט יאָהר, איז ר' הירשל'ס פאָטער נפטר געוואָרען. זיין מוטער שרה, וועלכע איז געבליבען אַן אָרימע אלמנה, עלענד און אַליין, אויף דער גרויסער וועלט, האָט זיך אָבער ניט פאַרלוירען. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אויף איהר איז איצט געפאַלען די לאַסט צו זיין צו איהרע קינדער אי אַ מאַמע, אי אַ טאַטע, און זי האָט אויף זיך גענומען די לאַסט געדולדיג צו טראָגען. שרה האָט זיך גענומען צו בעקעריי, און איז טאַקע שפּעטער באַקאַנט געוואָרען איז גאַנץ אונגאַרן אַלס די צדיקת „שרה די בעקערין."

הירשל'ע איז געווען אַ שוואַך אינגעל, ממש הויט און ביינער, ער האָט אָבער געהאַט אַ פלאַם פייערדיגע קעפּעפּל. וואָס מען האָט מיט איהם איינמאָל געלערענט האָט ער מעהר ניט פאַרגעסען. „שרה די בעקערין" האָט שווער געאַרבייט איהר הירשל'ען אַריינצוגעבען צו גרעסערע מלמדים, אָבער אויך די גרעסערע מלמדים זיינען ניט געווען גענוג גרויס פאַר איהם. שרה, די גוטע מוטער, האָט געבעטען די מלמדים אַז זיי זאָלען אַרויסזוכען אַן עצה וואָס מיט הירשל'ען צו טהאָן כדי צו קענען פאָרטזעצען זיינע למודים. די מלמדים האָבען איהר אַן עצה געגעבען, זי זאָל געהן מיט הירשל'ען צום רב, און וואָס ער, דער רב, וועט הייסען, זאָל זי פאָלגען.

צו יענער צייט איז אין אוהעל געווען רב דער גאון און רבי פון צענדליגע טויזענדער חסידים, ר' משה טייטעלבוים. פאַר אַן אָרימע בעקערין איז געווען שווער צוצוקומען צום גאון. שרה די בעקערין, מיט איהר הירשל'ען ביי דער האַנד, האָט זיך אָבער דאָך אַריינגעריסען צום צדיק. מיט טרערען אין די אויגען האָט שרה דערצעלט דעם צדיק איהר

לאַגע: זי האָט ברוך השם פּרנסה, איהר אינגעלע אָבער, האָט ניט ביי וועמען צו לערנען.

„פאַרוואָס גיט איהר ניט אייער אינגעלע צו מלמדים?"—האָט דער צדיק געפרעגט.

„הייליגער רבי"—האָט שרה געענטפערט—„מיין אינגעלע האָט שוין געלערענט כמעט ביי אַלע מלמדים אין שטאָדט, זיי זאָגען אָבער אַז זיי האָבען ניט מיט איהם וואָס צו לערנען. זיי זאָגען אַז ער קען אַלץ."

דער צדיק האָט צוגערופען דאָס אינגעלע צו זיך. רעדענדיג מיט הירשל'ען אַ געוויסע צייט, איז דער צדיק נבהל ומשתומם געוואָרען. אַן עלוי שבעלוים!

„אייער הירשל'ע"—האָט דער צדיק געזאָגט צו די בעקערין—„וועט פון איצט אָן לערנען ביי מיר. איך האָב אַן אייניקעל אויך אַ גאָר וואויל אינגעל אוןביידע וועלען צוזאַמען לערנען ביי מיר." (דאָס אייניקעל איז געווען יקותיאל יהודה, דער שפּעטערער סיגעטער גאון.)

לערנענדיג אַ געוויסע צייט ביים אוהעלער גאון, האָט פּאַסירט אַ מעשה וואָס האָט באַקאַנט געמאַכט הירשל'עס נאָמען כמעט אין גאַנץ אונגאַרן.

די מעשה דערפון איז געווען אַזאַ:

איינמאָל בעפאָר יום טוב איז אָנגעקומען קיין אוהעל אַן אַלטער בחור, וואָס האָט מיט זיין חריפות ובקיאות, ממש מרעיש עולמות געווען. מען האָט באַלד אויסגעפונען אַז דער אַלטער בחור איז אַ פאַרביסענער מתנגד, און איז געקומען קיין אוהעל, מפלפל זיין מיט דעם גאון ביי זיין דרשה בעפאָר יום טוב וועלכער פלעגט געוועהנליך זיין, אַ פּלפּול דרשה. דער בחור האָט פּשוט געוואָלט צייגען די חסידים אַז זייער רבי איז גאָר ניט אַזאַ גאון ווי זיי גלויבען.

די חסידים נאַטירליך זיינען געווען פולאָם פייער אויף דעם אַלטען בחור. זיי האָבען אָבער איהם ניט געטשעפּעט, פאָרט אַ חריף גדול.

הערשל'ע הערענדיג וועגען וואָס דער אַלטער בחור איז געקומען קיין אוהעל, האָט די זאַך שטאַרק וועה געטאָן. קומען טשעפּען זיך מיט זיין רבי'ן דעם גאון וקדוש! דאָס איז דאָך פּשוט אַ חוצפּה, זאָנדער גלייך-

כען. הירשל'ען איז איינגעפאַלען אַ מחשבה, און ער האָט זיך גענומען תיכף ומיד זיין מחשבה פאַרווירקליכען.

הירשל'ע האָט זיך גענומען נאָכלערנען די סוגיא וואָס זיין רבי האָט באַשטימט פאַר זיין פלפול דרשה. ער האָט געלערענט טאָג און נאַכט ביז ער איז קלאָר געוואָרען אין דער סוגיא און אין אַלע איהרע מפרשים.

ענדליך איז דער מאָמענט געקומען. די גרויסע שוהל אין אוהעל איז געווען געפּאַקט מיט לומדים און בעלי בתים. דער גאון ר' משה טייטעלבוים איז געשטאַנען אויפ'ן קאַנצעל זאָגענדיג זיין חריפות'דיגע דרשה. ער האָט פּשוט עוקר הרים געווען (געריסען בערג) און דאָ האָט זיך דער אַלטער בחור גענומען צו דער אַרבייט. ער האָט אָנגעפאַנגען וואַרפען מיט קשיות. קוים האָט דער גאון געענטפערט איין קשיא און עס איז געפלויגען נאָך אַ קשיא, און נאָך אַ קשיא. עס האָט אויסגעזעהן אַז דער אַלטער בחור וויל פשוט דעם גאון מיעד מאַכען. גערעכט אָדער ניט גערעכט. פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ דין שטימעלע פון אַ אינגעל מיט אַ וואונדערבאַרען תירוץ אויף דעם בחור'ס אַ קשיא. דער גאַנצער עולם האָט זיך אַ שטעל געגעבען אויף די פיס, זוכענדיג מיט די אויגען ווער דאָס אינגעלע איז. מען האָט דאָס אינגעל אַרויפגעשטעלט אויף אַ טיש. —עס איז געווען „שרה דער בעקערינ'ס“ אינגעל—הירש'לע.

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען אַ מלחמה צווישען דעם אַלטען בחור און דעם יונגען עלוי, פשוט צום פאַרניכטען. דער יונגער עלוי האָט אויפגעצייגט דעם אַלטען בחור, אַז אַלע זיינע קשיות האָבען ניט קיין מקור. אַז אַלץ וואָס ער פרעגט איז ניט מעהר ווי לקנטר, (כדי דעם אַלטען גאון צו דערצאָרנען.) דער אַלטער בחור האָט זיך געוואָלט וועהרען. דער גאון איז געשטאַנען אויפ'ן קאַנצעל, און זיין צורה האָט געשטראַהלט פון שמחה הערענדיג ווי זיין יונגער תלמיד איז מפלפל אַזוי אויסגעצייכענט. —דער סוף איז געווען אַז הירשל'ע איז אַרוים דער זיעגער. דער אַלטער בחור איז אַרויס פון שוהל אבל וחפוי ראש.

הירשל'עס נאָמען איז דאַן געוואָרען באַקאַנט ווייט און ברייט אין דער אונגאַרישער מדינה.

ווען ר' הירשל'ע איז שוין געווען אַ רבי פון טויזענדער חסידים, האָט ער דערצעלט אַז ער האָט אַמאָל געטראָפען יענעם „אַלטען בחור“, וועלכער איז שוין געווען אַן עלטערער איד. ער איז געוואָרען אַ שטאַמלער—דער אַלטער בחור האָט פשוט פאַרלוירען דאָס לשון.

הירשל'ע איז שפּעטער אוועק לערנען קיין **דעמביץ, גאַליציע.** די סיבה פאַרוואָס הירשל'ע איז אוועק פון זיין גרויסען רבי'ן ר' משה טייטעל־בוים, איז וואהרשיינליך געווען, וואָס ר' משה טייטעלבוים, איז שוין דאַן געווען א רבי פון צענדליגע טויזענדער חסידים, און דאָס האָט א סך געשטערט דעם גאון'ס ישיבה. אין דעמביץ האָט צו יענער צייט עקזיס־טירט א גאון עולם, ר' אברהם דעמביצער, האָט מען איהם גערופען, וואָס האָט ניט געוואָלט זיין קיין רב, און ניט קיין רבי פון חסידים, נאָר א ראש ישיבה און דוקא שלא על מנת לקבל פרס, לערנען מיט אָרימע קינ־דער בחנם, און אָט צו דעם ר' אברהם איז הירשל'ע אוועק לערנען.

הירשל'ע, ווי שוין געזאָגט, איז געווען א שוואַך אינגעל, הויט און ביינער. קיין געלד צו פאָהרען קיין דעמביץ איז ניט געווען, האָט איהם זיין מוטער, די צדקת „שרה די בעקערין" פּשוט געטראָגען אויפ'ן רוקען, פון אוהעל ביז דעמביץ, א מהלך פון עטליכע און צוואַנציג מייל.—שפּעּ־טער, ווען ר' הירשל'ע פלעגט דערצעלען פון יענער נסיעה, מיט וואָס פאַר א מסירת נפש זיין מוטער האָט איהם געפיהרט קיין דעמביץ לערנען, האָבען שווערען טראָפּען טרערען גערונען פון זיינע אויגען.

עס דאַרף דאָ באַלד דערצעלט ווערען, אַז די ליבע און אכטונג וואָס ר' הירשל'ע האָט אַרויסגעצייגט צו זיין מוטער „שרה די בעקערין" איז געווען ממש חוץ לדרך הטבע. ר' הירשל'ע, דאַרף מען וויסען, איז נאָך זיין חתונה געווען אַן אויסערגעוועהנליכער מתנגד. ער האָט ניט מבטל געווען פון תורה און עבודה א רגע. דאָך האָט ער יעדען טאָג פאַרבראַכט מיט זיין מוטער צוויי לאַנגע שטונדען, וויסענדיג א דערמיט פאַרשאַפט ער איהר נחת רוח. פונדעסטוועגען, דערצעלען חסידים, האָט ער קיין טרער ניט געלאָזט, בעת זיין מוטער איז געשטאָרבען (25 טעג אין טבת אין יאָהר תרי"ב.) „מיין הייליגע מוטער"— האָט ר' הירשל'ע דאַן געזאָגט— „איז געווען אַן אמת'ע צדיקת און אויף איהר מעג געזאָגט ווערען „צדיקים במיתתם קרוים חיים." (צדיקים ווערען נאָך זייער טויט אָנגערופען לעבע־דיגע) טו צו וואָס דאַרף מען וויינען?"

ליסקער חסידים פלעגען דערצעלען אַז ר' הירשל'עס ווייב, די שפּע־טער באַקאַנט געוואָרענע צדיקת קריינטשע, איז אַמאָל געוואָרען אייפער־זיכטיג פאַרוואָס איהר מאַן רעדט מיט זיין מוטער אַלע טאָג שטונדען לאַנג, און מיט איהר, זיין ווייב, רעדט ער אַזוי ווייניג. זי האָט ר' הירשל'ען פאָרגעהאַלטען פאַרוואָס ער שענקט זיין מוטער אַזויפיל אויפמערקזאַמ־קייט און איהר, זיין ווייב, כמעט גאָר ניט.

„מיין קינד"—האָט ר' הירשל'ע געענטפערט—„וואָס מעהר איך רעד מיט מיין מוטער אַלץ גרעסער איז מיין מצוה, אָבער מיט אַ ווייב שטעהט „אַל תרבה שיחה" טו וואָס מעהר איך וועל רעדען מיט דיר, אַלץ גרעסער וועט זיין מיין עבירה."—קריינטשע די צדיקת האָט צוגענומען דעם תירוץ, און מעהר ניט געפרעגט קיין קשיות.

---

## קאַפּיטעל 2

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין פאָריגען קאַפּיטעל, האָט ר' הירשל'ע ליסקער'ס מוטער, „שרה די בעקערין", אוועקגעפירט איהר איינגעלע קיין דעמביץ לערנען, צו דעם, אין יענער צייט, בארימטען ראש ישיבה, ר' אברהם דעמביצער.

אַ חסידישע אגדה דערצעלט, אַז איינמאָל, אין דער צייט ווען ר' הירשל'ע האָט געלערענט אין דעמביץ, זיינען אָנגעקומען אין שטאָדט די צוויי גרעסטע רביים פון דור: דער רבי ר' מאיר'ל פון אַפּטע, דער בעל „אור לשמים", און דער רבי ר' נפתלי פון ראָפּשיץ. הערענדיג די נייעס, האָט ר' אברהם, דער ראש ישיבה צוגערופען זיין אונגארישען תלמיד זאָגענדיג צו איהם:—„הירשל'ע כאַפּט דיך אָן אין מיין גאַרטעל, און מיר וועלען געהן מקבל פנים זיין די צוויי גרעסטע צדיקים פון דור. הירשל'ע האָט געפאָלגט.

קומענדיג אין דער אכסניא וואו די צדיקים האָבען געוואוינט איז דער ראָפּשיצער צדיק געשטאַנען ביי אַן אָפענע טיהר נעמענדיג שלום פון עולם. ווען דער ראָפּשיצער האָט דערזעהן דעם ראש ישיבה, האָט ער אויסגעשריען מיט שמחה:—„ברוך הבא, ר' אברהם מיט די זעקס און דרייסיג תלמידים." דער עולם, זעהענדיג אַז ר' אברהם איז געקומען, נאָר מיט איין תלמיד, האָט דערפיהלט אַז דער ראָפּשיצער זעהט אין דעם תלמיד אַן אור גדול.

הירשל'ע איז שפּעטער אוועק לערנען אין דער ישיבה פון באַניהאַד, דער ראש ישיבה פון באַניהאַד איז דאַן געווען דער וועלט'ס גאון ר' הירשל'ע חריף. דער בעל „טוב גיטין", דאָרט אין דער באַניהאַדער ישיבה, האָט הירשל'ע געלערענט דעם העכערען פּלפּול, און איז געוואָרען אַ חריף גדול.

ווי גרוים ר׳ הירשל׳ע ליסקער איז געווען אין חריפות, דערצעלט זיין אייניקעל ר׳ וואָלף, דער מחבר פון „דרכי הישר והטוב“ פאָלגענדען עפּיזאָד:

איינמאָל איז ער, ר׳ וואָלף געווען אין אונגוואר ביי דעם באַרימטען גאון ר׳ מנחם אש (דער זוהן פון דעם גרעסטען אונגארישען גאון נאָך דעם „חתם סופר“, ר׳ מאיר אש). רעדענדיג וועגען ר׳ וואָלף׳ס זיידען ר׳ הרשל׳ע ליסקער, האָט ר׳ מנחם אש געזאָגט צו ר׳ וואָלף׳ן, „ווען דיין זיידע וואָלט ניט געווען אַ רבי פון חסידים, וואָלט ער מיט זיין חריפות די וועלט איינגענומען.“ (ר׳ הירשל׳ע ליסקער און ר׳ מנחם אש זיינען יונגערהייט געווען חברים.)

אַהיימקומענדיג, האָט ר׳ וואָלף דערצעלט זיין זיידען וואָס דער אונ־ווראַער גאון האָט וועגען איהם (ר׳ הירשל׳ען) געזאָגט.

„איך וויים, איך וויים“—האָט ר׳ הירשל׳ע געזאָגט מיט אַ הייליגע תמימות—„וואָס זאָל איך אָבער טהאָן, אז השם יתברך האָט מיר געגעבען אַ טבע, אז ווען איך זעה אַן אָרימען יתום אָהן שיכלעך, מוז איך אַוועק־לעגען די גמרא, און זעהן אז דער יתום זאָל האָבען שיכלעך.“

כדי בעסער צו באַגרייפען די עניוות און הייליגקייט פון ר׳ הירשל׳ע ליסקער, שוין אין זיין יוגענד, איז גענוג צו דערצעלען פאָלגענדע מעשה׳לע:

ר׳ הירשל׳ע, ווי שוין דערצעלט, איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר תקס״ח, אין דעם זעלבען יאָהר הייסט עס, וואָס דער סיגעט׳ער צדיק, ר׳ יקותיאל יהודה, איז געבוירען געוואָרען. זיי זיינען געווען חברים, האָבען אַ געוויסע צייט צוזאַמען געלערענט, און האָבען מערקווירדיגערווייזע, חתונה געהאַט אין איינער און דערזעלבער וואָך.

צום פאַרשפּיל (אַ שבת בעפאָר זייערע חתונות) האָט דער גאון ר׳ משה טייטעלבוים באַפוילען דעם גבאי פון שוהל, מכבר צו זיין ביידע חתנים מיט דרשות, איינער זאָל זאָגען בעפאָר מיטאָג, בין שחרית למוסף, און דער צווייטער נאָכמיטאָג. דער גבאי האָט מכבד געווען יקותיאל יהודה׳ן צו זאָגען בעפאָר מיטאָג. דאָך דעם גאון׳ס אַן אייניקעל, און הירשל׳ן צו זאָגען נאָכמיטאָג. הירשל׳ע אָבער, האָט זיך, צו דער איבער־ראַשונג פון גבאי, ענטזאָגט צו זאָגען אַ דרשה. גלויבענדיג אז הירשל׳ע רעכענט פאַר אַ פּחיתת הכבוד וואָס מען האָט זיין חבר מכבד געווען צו זאָגען פאַרמיטאָג, און איהם נאָכמיטאָג, האָט דער גבאי איהם פאַרשפּראָ־

כען צו ענדערען די צייט פון זאָגען. אז יקותיאל יהודה וועט זאָגען נאָכ־מיטאָג, און ער, הירשל׳ע, פאַרמיטאָג.

„חלילה וחלילה״—האָט הירשל׳ע געענטפערט—„איך האָב ניט חלילה קיין שום תרעומות וואָס מיין חבר, דער גרויסער עלוי, וועט זאָגען פאַרמיטאָג. איך קען אָבער ניט זאָגען קיין דרשה „מטעם הכמוס״ (צוליב א באהאלטענעם טעם.) דער גבאי האָט מפציר געווען, עס האָט אָבער גאָר ניט געהאָלפען. הירשל׳ע איז געווען פאר׳עקשנ׳ט, ניט וועלענדיג זאָגען א דרשה.

איינזעהענדיג אז ער קען ביי הירשל׳ען גאָר ניט פועל׳ן האָט זיך דער גבאי געווענדעט צו הירשל׳עס מוטער „שרה די בעקערין״, אז זי זאָל איהם הייסען זאָגען א דרשה.

„אויב הירשל׳ע וויל ניט זאָגען קיין דרשה״—האָט די מוטער געענטפערט—„דאַרף מען ניט. הירשל׳ע ווייס וואָס ער טהוט. ער איז א הייליג קינד.״

נאָך דער חתונה האָט די מוטער געפרעגט הירשל׳ען, פאַרוואָס ער האָט ניט געוואָלט זאָגען שבת צום פאַרשפּיל א דרשה?

„טייערע מוטער״—האָט הירשל׳ע געענטפערט—„מען זאָגט אז איך בין א גרעסערער חריף ווי יקותיאל יהודה, האָב איך מורא געהאַט, טאָמער וועט אימיצער זאָגען אז מיין דרשה איז געווען א בעסערע ווי מיין טייערען חבר׳ס, וועט ער חלילה האָבען חולשת הדעת, האָב איך בעסער ניט געזאָגט.״

אָט דאָס איז געווען ר׳ הירשל׳ע ליסקער׳ס שיטה כל ימי חייו, קיינ־מאָל קיינעם ניט מצער צו זיין.

ר׳ הירשל׳ע, דאַרף מען וויסען, האָט נאָך זיין חתונה בשום אופן ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות, הגם ער האָט שוין דאַן גע׳שמ׳ט אַלס א גדול בתורה, און א סך קהלות האָבען איהם געוואָלט אַלס זייער רב. ר׳ הירשל׳ע פלעגט זאָגען: „איך קען טאַקע ניט מקיים זיין „אהב את המלאכה״ ווייל איך קען דאָך ניט קיין מלאכה, וויל איך כאָטש מקיים זיין „ושנא את הרבנות.״ ר׳ הירשל׳ע האָט געעפענט א געוועלבעל טאַקע אין ליסקא, האָפענדיג צו ציהען זיין פרנסה פון מסחר. אין געוועלבעל איז אָבער געשטאַנען ניט ר׳ הירשל׳ע, נאָר זיין יונג ווייב, קריינטשע, האָט זי

געהייסען, וועלכע איז שפעטער באקאנט געווארען אין גאנץ אונגארן, מיט איהר צדקה ומעשים טובים.

איז קריינטשעלע געשטאנען אין געוועלבעל און הירשל'ע איז געזעסען אין בית המדרש יומם ולילה על התורה ועל העבודה. צו יענער צייט האט אויך חתונה געהאט פון ליסקא, ר' מנחם אש, דער שפעטער בארימטער גאון פון אונגווער. צווישען די צוויי יונגע לייט, ר' הירשל'ע און ר' מנחם, האט זיך אנטוויקעלט א פייערדיגע ליבע, ממש אהבת דוד ויהונתן. זיי פלעגען שטענדיג זיין צוזאמען, צוזאמען לערנען, און צוזאמען עוסק זיין אין עבודה ויראת שמים.

דער מסחר אין געוועלבעל איז געגאנגען אויסטערליש שלעכט. אין אנפאנג האט די פרומע קריינטשע ניט געוואלט דערצעלען איהר מאן וועגען די שלעכטע געשעפטען. זי האט איהם ניט געוואלט מצער זיין. זי האט איבערהיופט מורא געהאט אז דאס וועט איהם מבטל זיין פון לערנען. ווען עס איז שוין אבער געווען „באו מים עד נפש", אזוי אז עס איז ממש ניט געווען קיין שטיקעל ברויט אין הויז, האט קריינטשע דערצעלט איהר מאן וועגען די שלעכטע לאגע.

„הירשל'ע"—האט קריינטשע געזאגט צו איהם, זעהענדיג אז ער איז שטארק פארטרויערט—„דו קענסט העלפען אז דאס געשעפט זאל זיך אביסעל פארבעסערען."

„איך קען העלפען?"—האט זיך ר' הירשל'ע געוואונדערט—„ווי אזוי?"

„דער רייכער שווער פון דיין חבר ר' מנחם"—האט קריינטשע געענטפערט—„דארף א סך סחורות, טו בעט דיין חבר אז ער זאל רעדען מיט זיין שווער, צו געבען עפעס צו לייזען אויך אונז."

„חלילה וחלילה"—האט ר' הירשל'ע געשריען—„מיר וועלען דאך אוועקנעמען די לייזונג פון אנדערע אידען. השגת גבול רחמנא לצלן! מען טאר ניט, מען טאר ניט."

אזוי ווייט איז דאס ר' הירשל'ע נזהר געווען, קיינעם ניט קיין שלעכטעס צו טהאן אפילו אינדירעקט.

דער סוף איז געווען אז ר' הירשל'ע איז געווארען אוים סוחר, אבער ערשט ווען ער האט שוין ניט פארמאגט קיין פרוטה ביי דער נשמה.

דערווייל זיינען צוגעקומען עטליכע קינדער, די נויט אין הויז איז געווען שרעקליך, מען האָט איינפאַך געליטען הונגער. דער יונגער צדיק האָט געזעהן אז מען צווינגט איהם פשוט, מן השמים, צו ווערען א רב, און ער האָט אָנגענומען רבנות, טאַקע אין ליסקא וואו ער איז געווען רב כל ימי חייו.

אַלטע ליסקער אידען פלעגען דערצעלען אז נאָך איידער ר' הירשל'ע איז געוואָרען רב אין ליסקא, פלעגען צו איהם קומען אידען מיט בקשות. זיין תורה און עבודה, און זיין קדושה וטהרה, האָבען צוגעצויגען צו איהם, אַלעמען וואָס האָבען איהם געקענט. אַנדערע האָבען זאָגאַר פּרובירט איהם צו געבען „קוויטלאך" מיט פדיונות. ער פלעגט אַלעמען אויפנע־מען בחבה ואהבה, קיין קוויטלאך מיט פדיונות האָט ער ניט געוואָלט נעמען. ער האָט פון קיינעם ניט געוואָלט נהנה זיין.

איינמאָל האָט איהם א בעל בית פון א דאָרף נעבען ליסקא, אַריינ־געשיקט א זאַק קאַרטאָפלעס (פּאָטייטעס), א זעקעל מעהל, און אַנדערע עסענוואַרג. דער בעל הבית האָט אָנגעזאָגט דעם בעל עגלה, אַריינצור־טראָגען אַלעס אין ר' הירשל'עס וואוינונג, און באַלד אוועקפאָרען. דער בעל עגלה, נאַטירליך, האָט געפאָלגט.

ר' הירשל'עס קינדער, וואָס האָבען ממש געהונגערט, דערזעהענדיג די „מציאה" האָבען זיך איינפאַך אַרויפגעוואָרפען אויף די עסענוואַרג מיט אַן אַפּעטיט פון הונגעריגע שעפעלאַך. קריינטשע די מוטער, קענענ־דיג איהר הייליגען מאַן אז ער וויל ניט נהנה זיין פון קיינעם, האָט גע־בעטען די קינדער אז זיי זאָלען וואַרטען ביז דער טאַטע וועט אהיימקומען פון בית המדרש, און ווי ער וועט הייסען אַזוי וועלען מיר טהאָן.

אַהיימקומענדיג פון בית המדרש און דערזעהענדיג די „מתנה" האָט ר' הירשל'ע געפרעגט וואָס איז דאָס;

קריינטשע האָט זיך צואוויינט. זי האָט דערצעלט איהר מאַן מיט פאַרשטיקטע טרערען אז א בעל עגלה האָט די אַלע זאַכען געבראַכט ערשט ניט לאַנג צוריק, „און די קינדער"—האָט קריינטשע ביטער געוויינט— „זיינען דאָך אַזוי הונגעריג" . . .

דער צדיק האָט ניט געענטפערט. ער האָט זיך געשטעלט אין א ווינקעלע און האָט געזאָגט א שטילע תפלה. פאַרטיג ווערענדיג, האָט זיך דער צדיק געווענדעט צו זיין ווייב:—„קאָך אָפּ, מיין קינד, עסען פאַר די קינדער, אָבער צו ערשט רעכען אויס וויפיל אַלעס איז ווערטה, איך וועל

שוין אויסגעפינען ווער דער גוטער מענש איז וואָס האָט אונז מחיה געווען און וועל איהם אם ירצה השם באַצאָלען דעם גאַנצען סכום.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ר׳ הירשל׳ע האָט אַזוי לאַנג געפּאַרשט ביז ער האָט אויסגעפונען ווער דער וואָלטהעטער איז געווען, און ווען ר׳ הירשל׳ע איז שוין געווען אַ רבי פון טויזענדער חסידים, האָט ער דעם איד באַצאָלט פאַר אַלץ וואָס ער האָט איהם אַריינגעשיקט.

---

## קאַפּיטעל 3

ווי אַזוי ר׳ הירשל׳ע האָט זיך דאָך ענטשלאָסען צו נעמען קוויטלאָך דערצעלען חסידים אַזאַ מעשה:

אָננעמענדיג ליסקער רבנות, נאָכדעם ווי ער האָט פּרובירט צו זיין אַ סוחר, און פאַרלאָרען יעדע פּרוטה, האָט ר׳ הירשל׳ע באַשלאָסען צו באַזוכען די צדיקים פון דור כדי אויסצוגעפונען צו איז ער ראוי צו ווערען אַ רבי פון חסידים.

ווארום, ווי עס איז דערצעלט געוואָרען אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל, האָבען זיך אידען און אידענעס געווענדעט צו ר׳ הירשל׳ע מיט זייערע בקשות נאָך איידער ער איז געוואָרען ליסקער רב. די פּשוט׳ע אידען אין ליסקא און אַרום ליסקא האָבען דערפיהלט אַז אין דעם יונגענמאַן לעבט אַ הייליגע נשמה וואָס קען זיין אַ פּועל ישועות. שפּעטער, ווען ר׳ הירשל׳ע האָט אָנגענומען ליסקער רבנות, האָבען די אידען ממש איינגע־בראָכען ביי איהם די טיהרען, ער זאָל פאַר זיי מתפלל זיין. זיין גוט הארץ האָט ניט געקענט די אידען אַנטזאָגען. זיין געוויסען אָבער האָט איהם געפּלאָגט צו מעג ער ווערען אַ רבי פון חסידים. האָט ר׳ הירשל׳ע באַשלאָסען וועגען דעם צו באַזוכען די גוטע אידען פון דור.

ר׳ הירשל׳ע האָט אויף יענער רייזע באַזוכט דעם רבי׳ן ר׳ ישראל׳טשי אין סאַדאַגורע, דעם רבי׳ן ר׳ שלום אין בעלז, און דעם רבי׳ן ר׳ הירש אין רימאַנאָוו. וועגען וואָס ער איז צו זיי געקומען האָט ר׳ הירשל׳ע ניט מגלה געווען. אין זיינע „קוויטלאָך“ וואָס ער האָט גענעבען צו די דאָזיגע צדיקים, האָט ער אַריינגעשריבען נישט מעהר ווי „צבי הירש בן שרה לפּרנסה.“ ער האָט אָבער געהאָפט אַז די צדיקים וועלען איהם מרמז זיין

מיט א וואנק וואָס ער זאָל טהאָן. די צדיקים האָבען איהם שטארק מקרב געווען. זיין נאָמען אָלס גדול בתורה איז שוין געווען באקאנט נאָך פון אינגעלווייז אָן. ער האָט אָבער פון קיינעם ניט געזעהן קיין וואונק צו מעג ער ווערען א רבי פון חסידים.

ר' הירשל'ע האָט ענדליך באשלאָסען צו פאָהרען צו ר' מאיר'ל פרע־מישליאנער.

ר' מאיר'ל פרעמישליאנער, ווי עס איז שוין אויף דעם פּלאַץ אמאָל דערצעלט געוואָרען, איז געווען איינער פון די מערקווירדיגסטע צדיקים פון זיין דור. ר' מאיר'ל איז געווען, ווי אַלע צדיקים האָבען אויף איהם עדות געזאָגט, א ריינער בעל רוח הקודש. ער פלעגט זאָגען, נישט נאָר עתידות, דאָס וואָס וועט מיט דעם מענש פּאסירען אין דער צוקונפט, נאָר אויך וואָס דער מענש האָט געטאָן אין דער פארגאנגענהייט. דאָס האָט פון איהם אוועקגעטריבען מאסען חסידים. זיי האָבען פשוט מורא גע־האָט אַז דער צדיק וועט מגלה זיין זייערע עברות.

אָנקומענדיג קיין פּרעמישליאַן און זייענדיג ביים צדיק עטליכע טעג, איז ר' הירשל'ע ממש ארוים פון די כלים. ער האָט געזעהן רוח הקודש אויף שריט און טריט. ר' מאיר'ל האָט ר' הירשל'ען שטארק מקרב געווען, הגם עס איז געווען ר' מאיר'לס מנהג ניט מקרב צו זיין קיינעם, אפילו דעם גרעסטען חשוב, וואָס איז צו איהם געקומען צום ערשטען מאָל. ר' מאיר'ל פלעגט זאָגען, אַז כדי צו האָבען אמת'ע אמונת צדיקים מוז מען זיין ביים צדיק עטליכע מאָל. האָט דאָך משה רבינו אויך געמוזט ווייזען עטליכע מופתים צום פאָלק ישראל ביז עס איז געקומען צו דער מדרגה פון „ויאמן העם." מיט ר' הירשל'ע האָט ער אָבער געמאכט אַן אויסנאַם. ער האָט ר' הירשל'ע שטארק מקרב געווען.

זונטאָג איז ר' הירשל'ע אריין צו ר' מאיר'לען זיך געזעגענען, דורכ־לעזענדיג ר' הירשל'עס קוויטעל, האָט ר' מאיר'ל א פרעג געטאָן:—„וואָס איילט זיך אַזוי ר' הירשל'ע?"

ר' הירשל'ע האָט אַ ציטער געטאָן, דאָס וואָרט, „וואָס איילט זיך ר' הירשל'ע", האָט איהם געקלונגען, אַז ר' מאיר'ל האָט געכאפּט די כונה וואָס ער, ר„ הירשל'ע איז צו איהם געקומען.

פונדעסטוועגען האָט ר' הירשל'ע געענטפערט מיט זיין געוועהנליכע תמימות:—„כ'באדארף זיין אין דערהיים."

„וואָס ווייס אַ מענש וואו ער באַדאַרף זיין?"—האָט ר' מאיר'ל גע־מורמעלט ווי צו זיך אַליין,—ער האָט ר' הירשל'ען געדריקט די האַנד און ווינשענדיג איהם צו פאָהרען לחיים ולשלום.

מאַכט זיך אַן עסק, אַז קומענדיג קיין לעמבערג, געפינט די פּאָליציי אַ פּסול אין ר' הירשל'ס פּאַספּאָרט. עס האָט ניט געהאָלפען ר' הירשל'עס בעטען און אויפווייזען אַז דער פּאַס איז אַ ריכטיגער. ר' הירשל'ע האָט געמוזט וואַרטען אין לעמבערג ביז מיטוואָך ווען ער האָט זיין פּאַס צוריק־גקראָגען. איינזעהענדיג אַז ער קען שוין ניט אָנציהען אויף שבת קיין ליסקא, האָט ר' הירשל'ע באַשלאָסען צוריקצופאָהרען אויף שבת קיין פּרעמישליאַן.

וואַרטענדיג אין פּאַר־חדר צו קענען מקבל שלום זיין פון צדיק, האָט ר' הירשל'ע פּלוצלונג דערהערט ווי ר' מאיר'ל שרייט:—„וואָסערע חסידים זיינען דאָס היינטיגע צייטען? פאַרצייטענס אַז מען איז געפאָהרען צו אַ רבי'ן פלעגט מען ביי איהם אָפּזיצען לכל הפחות צוויי, דריי שבתים, היינט מוז מען ערשט ביי זיי צונעמען די פּעסער כדי זיי זאָלען מוזען צוריק־קומען אויף נאָך אַ שבת."

ר' הירשל'ע איז געוועזען זיכער אַז קיינער האָט איהם ניט באַמערקט ווען ער איז אַריינגעקומען צו ר' מאיר'לען. אַלזאָ, ווידער אַמאָל אַ ריי־נער רוח הקודש.

דעם צווייטען שבת האָט ר' מאיר'ל מקרב געוועזען ר' הירשל'ען נאָך מעהר ווי דעם ערשטען שבת.

זונטאָג ביים געזעגענען זיך, האָט דער פּרעמישליאַנער צדיק אַ זאָג געטאָן:

„ר' הירשל'ע קומט אַ ביסעל נעהענטער און איך וועל אייך אויס־לערנען לייענען אַ קוויטעל."

ר' הירשל'ע האָט אויפגעציטערט הערענדיג די דאָזיגע ווערטער. איצט איז ער שוין געוועזען זיכער אַז דער פּרעמישליאַנער צדיק ווייס ברוח הקודש צו וועלכען צוועק ער, ר' הירשל'ע איז צו איהם געקומען.

„הערטזשע מיך צו, ר' הירשל'ע"—האָט דער אַלטער צדיק געזאָגט ווען ר' הירשל'ע איז צוגעקומען אַביסעל נעהענטער—„ווען משה רבנו איז געוואָרען אַ מנהיג ישראל, האָט השם יתברך צו איהם געזאָגט „עשה

לך שתי חצוצרות כסף," דאָס איז מרומז אַז אַ גוטער איד דאַרף האָבען צוויי טראָמפּייטען, אין איינע בלאָזט מען אַריין און אין דער צווייטער בלאָזט מען אַרויס. געבען מעג מען יעדען איד, נעמען אָבער, טאָר מען ניט פון יעדען, איהר הערט, ר' הירשל'ע?"

ר' הירשל'ע איז געשטאַנען אין איין ציטערניש פאַר דעם אַלטען צדיק.

ר' מאיר'ל האָט דאַן אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ קוויטעל, און עס געצייגט ר' הירשל'ען.

„איהר זעהט ר' הירשל'ע"—האָט ר' מאיר'ל געזאָגט—„דאָס דאָזיגע קוויטעל האָט מיר געגעבען אַ איד, און אַלס פּדיון האָט ער מיר געגעבען אַ היטעל צוקער, האָב איך אָבער דערפיהלט אין דעם צוקער אַ ריח גזל און האָב דעם צוקער ניט געוואָלט נעמען. איהר זאָלט ניט מיינען אַז ר' מאיר'ל האָט פיינט געלד. אדרבה ואדרבה, מאיר'ל האָט גאָר ליב געלד, מאיר'ל טייטשט דעם פּסוק „צרופה אמרתך מאד ועבדך אהבת" אַזוי: „צרופה" עס איז באַהעפט „אמרתך" דיין תורה, „מאד" צו געלד, ווארום, כדי מקיים זיין די תורה, מוז מען האָבען געלד, ווי עס שטעהט „אם אין קמח אין תורה" און דאַריבער „ועבדך אהבת" האָט מאיר'ל ליב געלד, אָבער געלד וואָס האָט אַ ריח גזל, חלילה וחלילה, אַזאַ געלד האָט מאיר'ל פיינט בתכלית השנאה."

ר' מאיר'ל האָט דאַן דערלאַנגט דאָס קוויטעל צו ר' הירשל'ען, זאָגענדיג צו איהם, לייענט עס, עס וועט אייך צוניץ קומען.

ר' הירשל'ע האָט דאָס קוויטעל ניט גענומען, ער איז געשטאַנען ווי פאַרקאָכט אין עולמות עליונים, ער האָט אין ר' מאיר'לס ווערטער דערפיהלט אַ גאַנצען פּרק ווי אַזוי צו זיין אַ רבי פון חסידים.

„פאַרוואָס לייענט איהר ניט ר' הירשל'ע?"—האָט דער אַלטער צדיק געזאָגט מיט תחנונים—„מאיר'ל ווייסט דאָך, אַז איהר קענט און מעגט לייענען אַ קוויטעל. איהר זייט דאָך אַ איד אַ למדן, ר' הירשל'ע, זאָל זיך אייך דוכטען אַז איהר לערענט אַ תוספות, אָדער אַ שטיקעל מהרש"א. לייענט, לייענט, ר' הירשל'ע."

„איך האָב דאָס קוויטעל געלייענט"—האָט שפּעטער ר' הירשל'ע דערצעלט—„און האָב געזעהן דאָס וואָס איך האָב פריהער ניט געזעהן—איך האָב מיך אויסגעלערענט לייענען אַ קוויטעל."

פון ר׳ מאיר׳ל פרעמישליאנער האט ר׳ הירשל׳ע אויך געלערענט דעם ענין פון צדקה.

ווי באקאנט איז ר׳ מאיר׳ל פרעמישליאנער געווען צווישען די גוטע אידען פון זיין צייט, דער גרעסטער בעל צדקה. ער פלעגט ממש אוועק־געבען יעדע פרוטה וואס פלעגט צו איהם אריינקומען, לעניים ואביונים.

חסידים דערצעלען, אז שוין אלס יונגער אינגעל האט ר׳ מאיר׳ל פרעמישליאנער אין זיך אריינגעזאפט דעם ענין פון צדקה וואס איז פשוט געווען חוץ לדרך הטבע. זיי דערצעלען אזא מעשה:

---

## קאפיטעל 4

ווי עס איז שוין דערצעלט געווארען אין פאריגען קאפיטעל, איז ר׳ מאיר׳ל פרעמישליאנער פארעכענט געווארען אלס דער גרעסטער בעל צדקה צווישען די גוטע אידען פון זיין דור. ר׳ מאיר׳ל פלעגט ממש אוועקגעבען צו ארימע לייט אלץ וואס איז צו איהם אריינגעקומען און אליין געלעבט בדוחק גדול. די דאזיגע מדה האט ר׳ מאיר׳ל אין זיך אריינ־געזאפט נאך פון אינגעלווייז אן.

חסידים דערצעלען וועגען דעם ענין אזא מעשה:

ווען ר׳ מאיר׳ל פרעמישליאנער אין שון געווען א וועלט׳ס רבי, איז אמאל צו איהם געקומען אויף שבת א דארפס איד. א פשוט׳ער ישובניק. קוים האט ר׳ מאיר׳ל דעם ישובניק דערזעהן, האט ער זיך פאר איהם אויפ־געהויבען מלא קומתו, געבענדיג איהם א הארציגען „שלום עליכם.“ שבת צום טיש האט ר׳ מאיר׳ל געזעצט דעם ישובניק אויבען אן, און איהם שטארק מקרב געווען. די חסידים וואס זיינען יענעם שבת געווען ביי ר׳ מאיר׳לען זיינען שטארק נתפעל געווארען. זיי האבען גערעכענט אז דער ישובניק איז זיכער איינער פון די „ל״ו“ צדיקים. שטארקער נאך זיינען די חסידים נתפעל געווארען, הערענדיג אז ר׳ מאיר׳ל איז מכבד דעם ישובניק מיט׳ן בענטשען, א זאך וואס האבען זוכה געווען ביי ר׳ מאיר׳לען נאר גאר גרויסע חשובים. ווען דער ישובניק האט אויסגערופען, ווי דער מנהג:—„רבותי נברך,“ האט ר׳ מאיר׳ל א געשריי געטאן:—„ווארט, ווארט! מאיר׳ל ווי עפעס דערצעלען.“

און ר׳ מאיר׳ל האָט דערצעלט מיט זיין געוועגליכען נוסח וועגען זיך אליין, אָט די דאָזיגע מעשה:

„ווען מאיר׳ל איז נאָך געווען א יונגער אינגעל, פלעגט ער יעדען דאָנערשטאָג ארומגעהן אין שטאָדט זאמלען נדבות, פאר וועלכע ער פלעגט קויפען פלייש און עס צוטיילען די אָרימע לייט פון שטאָדט, וואָס האָבען ניט געהאט קיין פלייש אויף שבת. איינמאָל דאָנערשטאָג, האָט מאיר׳ל גאָר נישט מצליח געווען. קיינער האָט ניט געוואָלט געבען א פרוטה. מאיר׳ל האָט זיך שטארק מצער געווען, וויסענדיג אז א סך אָרימע אידען וועלען בלייבען אָהן פלייש אויף שבת. אין זיין צער איז מאיר׳ל געפאלען אויף אן המצאה״:

„מאיר׳ל האָט ארויסגענומען פון שטאָל דאָס איינציגע קוה׳עלע וואָס זיין פאָטער דער צדיק ר׳ אהרן ליב, האָט פארמאָגט, האָט דאָס קוה׳עלע געפירט צום שוחט, געלאָזט שעכטען, און מיט דער הילף פון א באקאנטען קצב, צוהאקט דאָס פלייש און עס צוטיילט צווישען די אָרימע פון שטאָדט.״

„אָפּטהאָענדיג די מעשה, האָט מאיר׳ל דערפיהלט די „מעשה רע״ וואָס ער האָט באגאנגען נעגען זיינע עלטערען, אוועקנעמענדיג פון זיי דאָס איינציגע קוה׳עלע פון וועלכער זיי האָבען גצויגן א טייל פון זייער חיונה.״

„מאיר׳ל איז ארויס מחוץ לעיר און האָט שטארק געוויינט אויף דעם חטא וואָס ער האָט באגאנגען. געהענדיג אזוי, איז אָנגעפאָהרען א דאָרפ׳ס איד, און געפרעגט מאיר׳לען וואָס ער וויינט אזוי, מאיר׳ל האָט דעם איד דערצעלט די גאנצע מעשה.״

„וויין ניט, מיין קינד״—האָט דער איד געזאָגט צו מאיר׳לען—„השם יתברך וועט ממלא זיין דעם חסרון פון דיינע עלטערען, דו האָסט דאָך צוטיילט דאָס פלייש פאר אָרימע לייט. א גרויסע הייליגע מצוה.״

„מאיר׳ל האָט זיך אָבער ניט געלאָזט טרייסטען, און ווייטער גע־וויינט.״

„פלוצלונג האָט זיך דער איד געווענדעט צו מאיר׳לען מיט דער פראַ־גע, זאָג מיר נאָר בחור׳ל, וויפיל איז דאָס קול׳עלע ווערטה געווען?״

„מאיר׳ל האָט איהם געזאָגט.״

„דער איד האָט ארויסגענומען דעם סכום, דערלאנגענדיג מאיר׳לען

מיט די ווערטער: „געה אהיים מיין קינד, גיב דאָס דיין פאָטער, און זאָג איהם ער זאָל קויפען אנאנדער קוה'עלע."

„און אָט איז דער איד," האָט ר' מאיר'ל געענדיגט, ווייזענדיג אויף דעם ישובניק.—„בענשט, בענשט," האָט ר' מאיר'ל געזאָגט צום ישובניק —„איהר זייט ראוי צו בענטשען ביי מאיר'ס טיש."

און א הארציגע שטימע האָט זיך געהערט פון א פשוט'ען ישובניק: —„רבותי נברך" . . . און דער גאנצער עולם האָט געענטפערט מיט התלהבות:—„יהי שם ד' מבורך מעתה ועד עולם."

* * *

ר' מאיר'ל פלעגט זאָגען אז די גמרא „כל העולם נזון בשביל חנינא בני, וחנינא בני די לו בקב חרובין מערב שבת לערב שבת"—(די גאנצע וועלט ווערט געשפייזט אינ'ם זכות פון חנינא מיין זוהן, און חנינא מיין זוהן האָט גענוג א מעסטעל באָקסער פון ערב שבת צו ערב שבת) דארף געלערענט ווערען מיט א קשיא און א תירוץ, אזוי: די גאנצע וועלט ווערט געשפייזט אין דעם זכות פון חנינא מיין זוהן, איז דאָך די קשיא, וועלכער זכות? איז דער תירוץ, דער זכות וואָס חנינא מיין זוהן, לאָזט זיך באַ-נוגנען מיט א מעסטעל באָקסער מערב שבת צו ערב שבת. ווארום ווען א איד לאָזט זיך באנוגנען מיט א מעסטעל באָקסער מערב שבת לערב שבת, איז ער בכח משפיע צו זיין שפע, ברכה והצלחה פאר דער גאנצער וועלט, און ר' מאיר'ל האָט טאקע די מדה אין זיך אריינגעזאפט. ער האָט געלעבט בצימצום גדול. ממש אין דחקות. אלעס וואָס ער האָט געהאט האָט ער אוועקגעגעבען צו אָרימע לייט.

די דאָזיגע מדה האָט ר' הירש'לע ליסקער געלערענט פאָלשטענדיג פון זיין רבי'ן, ר' מאיר'ל פרעמישליאנער, פונקט ווי זיין רבי, האָט אויך ר' הירשל'ע אוועקגעגעבען אלץ וואָס ער האָט געהאט, און ער מיט זיינע בני בית האָבען געלעבט ביצמצום גדול. אָפט פשוט געהונגערט.

זיינע חסידים פלעגען דערצעלען אז ר' הירשל'ע האָט געהאט א צעטעל פון טויזענדער אָרימע פאמיליעס אין אונגארן און גאליציע, אי-בערהויפט פון ארץ ישראל וועמען ער פלעגט שיקען וואָך פאר וואָך אויף פרנסה. פאר זיך און פאר זיין בני בית האָט ער אָבער שטארק מקמץ

געווען. זיין רביצין, די צדיקת קריינטשע, האָט איהם אמאָל געפרעגט פאַרוואָס ער גיט אַלעס אוועק פאַר אָרימע לייט און פאַר זיינע בני בית לאָזט ער כמעט גאָר ניט;

„מיין קינד"—האָט ר' הירשל'ע געענטפערט—„ווילסטו דען איך זאָל דיר געבען געלד וואָס באַלאַנגט ניט צו מיר? אַלע געלדער וואָס קו־מען צו מיר אַריין זיינען ניט מיין. איך בין אַ גבאי, אוועקצוגעבען פאַר אָרימע לייט."

קריינטשע, די צדיקת, איז געווען צופרידען מיט דעם תירוץ.

איינמאָל, ווען די נויט האָט איהר שטאַרק צוגעדריקט, און וויסענ־דיג אַז אַ רייכער חסיד האָט אָקאָרשט איבערגעלאָזט אַ גרויסען פדיון, איז קריינטשע אַריין אין חדר פון איהר מאַן, און שטאַרק מפציר געווען, אַז ר' הירשל'ע זאָל איהר געבען עטליכע גולדען, למען צו קויפען קליידלאך פאַר די קינדער וואָס געהן ממש אָפּגעריסען און אָפּגעשליסען. קריינטשע האָט געוואוסט אַז איהר מאַן, דער צדיק, וועט ניט אַזוי שנעל געבען, זי איז אָבער געווען ענטשלאָסען אַזוי לאַנג צו טענה'ן ביז זי וועט ארויס־קריגען עטליכע גולדען.

בעת ביידע, ר' הירשל'ע און זיין ווייב. האָבען אַזוי גע'טענה'ט, איז פּלוצלונג אַריינגעקומען ר' הירשל'עס גבאי, מעלדענדיג אַז דער נאַנאַשער רב ר' אפרים פישל סופר איז אָנגעקומען און וויל אַריינקומען צום רבי'ן. דער נאַנאַשער רב, ר' אפרים פישל, איז געווען אַ גאון און אַ צדיק תמים. אויף דער עלטער איז ער אַליין געוואָרען אַ רבי פון חסידים. ער פלעגט האַלטען פון ר' הירשל'ע ליסקער אַן עולם ומלואו, און פלעגט קומען צום ליסקער צדיק עטליכע מאָל אַ יאָהר.

הערענדיג אַז דער נאַנאַשער רב איז אין פאַרצימער, איז ר' הירשל'ע איהם אַקעגען געלאָפען מיט אַן אומגעהויערע שמחה, פאַרגעסענדיג אַז זיין רביצין קריינטשע איז אין צימער. אַריינפיהרענדיג דעם גרויסען גאַסט, האָט ר' הירשל'ע באַמערקט אַז זיין ווייב, שטעהט נאָך אַלץ און וואַרט. ר' הירשל'עס צורה האָט אויפגעלויכטען. „גוט,—האָט ר' הירשל'ע גע־זאָגט צו קריינטשען—וואָס דו ביזט געבליבען. לאָמיר טאַקע האַלטען אַ דין תורה ביי דעם נאַנאַשער רב.

דער נאַנאַשער רב איז געבליבען איבערראַשט. וואָס הייסט דער צדיק ר' הירשל'ע וויל האַלטען אַ דין תורה מיט זיין ווייב?

„טענה, טענה“—האָט ר׳ הירשל׳ע געזאָגט צו זיין רביצין—„זאָל דער נאַנאַשער רב פסק׳נען ווער עס האָט רעכט צווישען אונז ביידען.“

מיט באַשיידענהייט און אַרונטערגעלאָזענע אויגען האָט קריינטשע דערצעלט וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, און געענדיגט:—„איך האָב בפירוש געלייענט אין „מנורת המאור“ אַז ווער עס איז מפרנס זיינע קינ־דער ווען זיי זיינען נאָך קליין, ווערט דאָס אין הימעל פאַררעכענט אַלס אַן אייביגע צדקה“—(אַזוי שטעהט טאַקע אין דער גמרא: עושה צדקה בכל עת, זה הזן בניו ובנותיו כשהן קטנים.)

דער נאַנאַשער גאון, האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם צדיק ר׳ הירשל׳ע, ווי איינער זאָגט, „וואָס זיינען אייערע טענות, רבי?“

„איידער איך לייג פאָר מיינע טענות“—האָט ר׳ הירשל׳ע געזאָגט מיט זיין געוועגליכע תמימות—„וויל איך אייך דערצעלען אַ מעשה וואָס האָט פאַסירט טאַקע מיט מיר אַליין“:

„בעפאָר איך בין געוואָרען אַ רבי פון חסידים“—האָט ר׳ הירשל׳ע דערצעלט—„בין איך אַמאָל געוועזן אין קאַליעווו, אויף דער יאָהרצייט פון קאַליעווער צדיק ר׳ אייזיק׳ל זכרונו לברכה. אַהיימקומענדיג פון קאַליעוו, האָב איך ניט געהאַט אַ פּרוטה אין מיין קעשענע. איך האָב שטאַרק גע־ליטען פון הונגער און מידקייט. מיין איינציגע האָפנונג איז געווען אַז קומענדיג קיין טאָקאי (אַ שטעדטעל אין אונגאַרן) וועל איך קריגען פון פרויען פאַראיין אַ רייניש, און וועל שוין האָבען צידה לדרך, ביז קיין ליסקאַ, מחמת דורכפאָרענדיג אַמאָל טאָקאַי, האָט מיך דער פרויען פאַר־איין מכבד געווען מיט אַ גאַנצען רייניש. אָבער אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ חק, פון קיינעם ניט צו בעטען קיין נדבות, און אַזוי ווי דער פרויען פאַר־איין האָט דאָס מאָל דעם רייניש ניט געגעבען, אומגעבעטענערהייד, בין איך אַוועק פון טאָקאַי, מיט דעם, מיט וואָס איך בין געקומען—אָהן אַ פּרוטה.“

„געהענדיג אַזוי אויפ׳ן וועג, הונגעריג און מיד, איז פּלוצלונג אָנ־געפאָרען אַ איד פון דעם דאָרף וויש. קענענדיג מיך פון דערהיים, האָט דער איד צו מיר געזאָגט: „ר׳ הירשל׳ע אויב איהר ווילט מיטפאָרען מיט מיר אין מיין הויז, און ביי מיר נעכטיגען, וועל איך אייך מאָרגען אָפּ־שיקען ביז קיין ליסקאַ מיט מיין ענלה.“

„איך האָב נאַטירליך מסכים געווען.“

„אין אָוועגד האָט דער איד פאַר מיר געמאַכט אַ גוטע סעודה און מיר גענגעבען אַ גוט געלעגער צו שלאָפען. ער האָט מיט פשוט מחיה געווען. צומאָרגענס אין דערפריה האָבען מיר אָפּגעדאַוועגט און ווידער געגעסען אַ גוטע סעודה. דער איד האָט געהאַלטען וואָרט און מיך אָפּגעשיקט מיט זיין עגלה קיין ליסקא."

„זייט דאַן זיינען אַוועק אַ סך יאָהרען. אין פאַרלויף פון דער צייט בין איך געוואָרען אַ רבי פון חסידים, און ער, נעבעך, דער איד, איז געוואָרען אַן עני ואביון."

„מיט עטליכע טעג צוריק האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער דאָזיגער איד וואוינט טאַקע דאָ אין ליסקא, און לעבט אין גרויס דחקות. נו, פסק'ענט, נאַנאַשער רב, ווער איז בילכער צו דעם געלד, וואָס איך האָב דאָ, יענער איד וואָס האָט מיך אַמאָל מחיה געווען אָדער קליידלאַך פאַר מיינע קינדער וואָס געהען דאָך נאָך אַלעם ניט נאַקעט?"

טרערען האָבען זיך געשטעלט אין די אויגען פון נאַנאַשער רב פון די הייליגע תמימות פון זיין רבי'ן. „איהר האָט רעכט, איהר האָט רעכט" —האָט דער נאַנאַשער רב געזאָגט צו ר' הירשל'ען—„אייער רביצין האָט דעם דין תורה פאַרלוירען."

---

## קאַפּיטעל 5

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען, האָט ר' הירשל'ע ליסקער געלערענט פון זיין רבי'ן, ר' מאיר'ל פּרעמישליאַנער, ניט בלויז די מדה פון „געבען" נאָר אויך די מדה פון „נעמען." אַז געבען דאַרף מען געבען אַלעמען, נעמען אָבער מוז מען זיין שטאַרק נזהר צו דאָס געלד קומט ניט פון אַ מקום טמא. פלעגט טאַקע ר' הירשל'ע אָפּט אַוועקוואַרפען געלד אויף אַן אומריינעם אָרט, פיהלענדיג אַז אויך דאָס געלד קומט פון אַן אומריינעם אָרט. ר' הירשל'ע האָט קיינעם ניט געוואָלט מבייש זיין, פלעגט ער נעמען געלד פון אַלעמען. ער האָט אָבער נישט אַלע געלדער באַנוצט.

איינמאָל, זיצענדיג ביי זיין שווער שפּעט ביי נאַכט ביי אַ בלאַט גמרא, האָט ר' יוזעף, ר' הירשל'עס איידעם, באַמערקט ווי זיין שווער נעמט אַרויס אַ שטיקעל פּאַפּיר פון דער קעשענע און לייגט עס צו צום

ברענענדען ליכט. ר׳ יוזעף האָט אָנגעכאַפּט דעם שווער ביים האַנד, אויסשרייענדיג:—„שווער, דאָס איז דאָך אַ פינפעריל!"

„כ׳וויים, כ׳וויים, מיין קינד"—האָט ר׳ הירשל׳ע געזאָגט—„דאָס איז אָבער אַזאַ געלד, וואָס דאַרף גע׳משפּט ווערען מיט שרפה."

„אויב אַזוי"—האָט ר׳ יוזעף געענטפערט—„זאָל בעסער דער שווער אוועקגעבען דאָס געלד צו אַן אָרימאַן, בתנאי אַז דער אָרימאַן זאָל קויפען פאַר דעם געלד האָלץ אין אויוועץ אריין, און אַזוי אַרום, וועט דאָס געלד פאַר׳משפּט ווערען צו שרפה, סאַי ווי סאַי."

„ביזט גערעכט, ביזט גערעכט, מיין קינד"—האָט ר׳ הירשל׳ע געזאָגט —„ס׳איז אַן עצה טובה, כ׳וועל טאַקע אַזוי טהאָן."

ר׳ וואָלף, זיין אייניקעל, דערצעלט אין זיין ספר „דרכי הישר והטוב" וועגען דעם ענין אַזאַ מעשה:

בעת דער ליסקער צדיק האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער, האָבען אַלע חסידים, אין די הונדערטער, וועלכע זיינען געקומען צום רבי׳ן אויף דער חתונה, געגעבען דעם פאַר־פּאָלק דרשה־געשאַנק פאַרשידענע חפצים: דאָס דרשה־געשאַנק האָט מען אויסגערופען בשעת דער חתונה סעודה, לויט דעם מנהג פון יענע צייטען און מקומות.

איז דער טיש געווען פול אָנגעשטעלט פון פאַרשידענע ווערטהפולע זאַכען, צווישען די דאָזיגע מתנות, האָט זיך געפונען אַ זילבערנע אתרוג־פּושקע וואָס אַ רייכער דאָרפסמאַן האָט געגעבען דעם פאַר־פאָלק אַלס דרשה־געשאַנק. קוים אָבער ווי מען האָט די אתרוג־פּושקע אַרויפגע־שטעלט אויפ׳ן טיש, האָט דער צדיק אַ ציטער געטהאָן און דאַן אויס־גערופען:

„נעמט דאָס אַראָפּ פונ׳ם טיש, עס האָט אַ זעהר שלעכטען ריח!"

האָט מען תיכף די זילבערנע פּושקע אַראָפּגענומען פונ׳ם טיש און זי צוריקגעגעבען צום דאָרפסמאַן. די זאַך איז פאַר יעדען געווען אַ גרויס חידוש, מחמת אַלע האָבען געוואוסט אַז דער ליסקער צדיק וויל ניט פאַר־שעהמען קיין מענש אפילו בעת דער פּדיון געפעלט איהם ניט, און איצט פּלוצלונג האָט ער דעם דאָרפסמאַן מבייש ברבים געווען.

אָבער נאָך אַ חקירה ודרישה, האָט מען זיך דערוואוסט אָט די דאָזיגע מעשה:

דער פּריץ פון דאָרף, וואו דער דאָרפסמאַן האָט געהאַלטען די אַרענ־דע, האָט געהאַט אין שכנות נאָך אַ דאָרף וואו אַנאַנדער איד האָט געהאַל־טען די קרעטשמע. האָט דער דאָרפסמאַן, וועלכער האָט געגעבען די אתרוג־פושקע דרשה־געשאַנק, גע'מסר'ט דעם שכן פאַר'ן פּריץ, אַז ער איז אימשטאַנד צו צאָלען אַ גרעסערע ראַטע און דאַן דעם מסור מכבד געווען מיט אַ שעהנע צוקער־פושקע אַלס אַ מתנה פאַר דער מסירה. אָט די דאָ־זיגע פושקע האָט דאַן דער דאָרפסמאַן געגעבען פאַר דרשה־געשאַנק אַלס אַן אתרוג־פושקע. דער צדיק האָט אָבער תיכף דערפיהלט אַז פון דער מתנה שלאָגט זיך אָפּ אַ שלעכטער ריח, אַ ריח פון מסירה, און אויף אַ מסור טאָר מען ניט מחפּה זיין, מען מעג איהם מבייש זיין אפילו ברבים, למען ישמעו ויראו.

ווען דער דאָזיגער ענין איז שפּעטער געקומען צום שמועס צווישען דעם צדיק און זיינע חסידים, האָט ער צו זיי אַזוי געזאָגט:

רעדט אייך ניט איין, אַז דאָס איז אַ מין רוח הקודש. ניט בין איך אַ נביא און ניט האָב איך אַ רוח הקודש. אין בין אַ פּראָסטער איד ווי יעדער איינער פון אייך. נאָר ווי דען? די זאַך איז איינפאַך. ווער ס'וויל זיך אָבהיטען פון גנבה, גזלה און געלד וואָס קומט דורך אַן איסור, ביי אַזאַ מענש, ווערט פּלוצים עקעלהאַפט, ווען ער דערזעהט אַ זאַך וואָס קומט פון אַ טומאה'דיגען קוואַל. ער ווייסט אַליין ניט די ריכטיגע אורזאַכע פאַר וואָס און פאַר וואָן. ער קען עס ניט ליידען גלייך עס וואָלט געהאַט אַ פּאַסקודנעם ריח."

ער האָט ניט געוואָלט, אַז די חבריא זאָלען איהם באַטראַכטען פאַר אַ הימעל מענש, אַ בעל רוח־הקודש.

די מדה פון סבלנות איז ביי ר' הירשל'ע ליסקער געווען אויסגעאַרבייט ממש עד קצה האחרון. ער האָט זיך אויף קיינעם קיינמאָל ניט גע־בייזערט. קיינער האָט איהם ניט געקענט דערצערנען. ביי איהם האָט מען ניט געזעהן קיינמאָל אפילו אַ שטויבעלע כעס. ער האָט אַלעמען אויפגענומען גוטמוטיג. אפילו פושעים. פונדעסטוועגען פלעגען פושעים זיך היטען צו איהם צו קומען.

אידען וואָס זיינען ניט באַקאַנט מיט דעם אונגאַרישען חסידות ווע־לען זיך וואונדערען אויף דעם אויסדרוק, אַז „פושעים פלעגען זיך היטען צו קומען צו ר' הירשל'ען," זיי וועלען מן הסתם פרעגען, וואָס הייסט פושעים פלעגען זיך היטען צו קומען צו דעם צדיק, פושעים פאָהרען דאָך

סאי ווי סאי ניט צו גוטע אידען? איז אָבער אין אונגאַרן די זאַך אַנ־דערש. עס איז נישט אַ לאַנד וואו „אמונת צדיקים" זאָל זיין אַזוי איינ־געוואָרצעלט, ווי אין אונגאַרן. אין אונגאַרן פאָהרען צו גוטע אידען ניט נאָר יראים,—נאָר אויך פושעים. ער איז אַ מחלל שבת, ער עסט חזיר אָבער אין גוטע אידען גלויבט ער.

אַזעלכע מאָדנע חסידים פלעגט מען אָפט טרעפען אין בעלז. דער בעלזער צדיק האָט געהאַט אויף זיי אַ גרויסען כח. מען האָט זיי אויך געפונען ביי אַנדערע גוטע אידען, נאָר ניט ביי ר' הירשל'ע ליסקער.

זיי האָבען זיך געהיט צו קומען צו ר' הירשל'ען ניט אויס מורא טאָמער וועט זיך דער צדיק אויף זיי בייזערען, נאָר אדרבה, זיי האָבען מורא געהאַט פאַר דעם צדיק'ס גוטסקייט.

דער ליסקער צדיק פלעגט זיך נוהג זיין, אַז איידער ער פלעגט איינעם געבען אַ ברכה האָט ער זיך צו ערשט ערקונדיגט, צו יענער היט אָפּ אידישקייט ווי עס געהערט צו זיין. איבערהויפט צו איז ניט יענער מחלל שבת חלילה. דער צדיק פלעגט זאָגען: „וויבאַלד דו גלויבסט אין אַ רבי'ן, מוזטו דאָך אויך גלויבען אין גאָט ברוך הוא, און וויבאַלד דו גלויבסט אין גאָט, דאַרפסטו דאָך גלויבען אַז השם יתברך קען דיר משפיע זיין שפע, ברכה, והצלחה ווען דו וועסט ניט מחלל שבת זיין." און אַזוי לאַנג פלעגט דער צדיק בעטען, איינ'טענה'ן, ביז יענער האָט איהם פאַרשפּראָ־כען אַז ער וועט מעהר ניט מחלל שבת זיין, און דערפאַר האָבען פושעים מורא געהאַט צו איהם צו פאָהרען.

אמאָל איז אָבער דאָך געקומען אַזאַ מאָדע „חסיד" צו ר' הירשל'ע ליסקער. אַ גאַנצער מאַדיאַר. ר' הירשל'ע האָט ווי זיין שטייגער דעם „מאַדיאַר חסיד" פריינדליך אויפגענומען, אויסהערענדיג זיין בקשה, אַז איהם, דעם מאַדיאַר, איז ביז מיט אַ קורצע צייט צוריק זעהר גוט געגאַנ־גען, און פלוצלונג האָט זיך דאָס מזל פון איהם אָפּגעטהאָן און עס געהט איהם זעהר שלעכט, און ער איז געקומען צום „העררן ראַבינער" ער זאָל איהם דאָס „מזל" צוריקגעבען.

„ווייסט איהר עפּעס פון אידישקייט"—האָט ר' הירשל'ע געפרעגט דעם מאַדיאַר חסיד;—„האַלט איהר שבת? האַלט איהר אַ כשר הויז?"

„איך בין ניט וועגען דעם צו אייך געקומען, העררר ראַבינער"—האָט דער מאַדיאַר געענטפערט אין אַן אויפרעגענדען טאָן—„איך בין געקומען, הערענדיג אַז איהר, העררר ראַבינער, קענט העלפען צוריקברייננגען דאָס

מזל, צו די וואָס פאַרלירען עס. דאָ האָט איהר, הערר ראַבינער, אַ קוויטעל און אַ פּדיון, און גיט מיר, אייער ברכה."

ר' הירשל'ע איז פון דעם חוצפּה'דיגען מאַדיאַר גאָר ניט נתפּעל געוואָרען. אדרבה, ער האָט געהייסען ברענגען אַ שטול, בעטענדיג דעם „מאַדיאַר" זיצען.—„זיצט, זיצט"—האָט ר' הירשל'ע געזאָגט אין אַ פריינדליכען טאָן—„איך וויל אייך דערצעלען אַ שעהנע מעשה."

און ר' הירשל'ע האָט איהם דערצעלט פאָלגענדע מעשה:

---

## קאַפּיטעל 6

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין פריהערדיגען קאַפּיטעל איז צו ר' הירשל'ע ליסקער געקומען איינער פון יענע „מאמינים" וואָס גלויבען ניט אין אידישען דת, אָבער אין גוטע אידען גלויבען זיי יאָ. אויף דער פראַגע פון ר' הירשל'ע ביי (זיין גאַסט) צו ער איז אַ שומר שבת און צו האַלט ער אַ כשר הויז, איז דער „מאַדיאַר חסיד" אויפגערעגט געוואָרען, ענטפערענדיג, „איך בין ניט געקומען צו אייך, הערר ראַבינער, וועגען דעם, נאָר אַז איהר זאָלט מיר צוריקברייינגען דאָס מזל וואָס איז פון מיר אַוועק גענומען געוואָרען. דער גוטינקער צדיק איז ניט ברוגז געוואָרען, נאָר האָט דערצעלט דעם „מאַדיאַר חסיד" פאָלגענדע געשיכטע:

אַ גרויסער שניט סוחר איז אַמאָל געקומען קיין ברין איינקויפען סחורה, פאַרטיג ווערענדיג מיט'ן קויף, האָט זיך דער שניט סוחר דערמאָנט אַז ער האָט פאַרגעסען קויפען „שמירעבץ" פאַר די רעדער פון זיינע וועגענער, און אַז מען שמירט ניט די רעדער, געהען ניט די וועגענער. דער סוחר איז אַרומגעלאָפען זוכענדיג שמירעבץ פאַר די רעדער, ער האָט אָבער ניט געקענט געפינען. אַלע געוועלבער זיינען שוין געווען געשלאָסען. דער סוחר האָט זיך געווונדעט צו דעם פאַבריקאַנט ביי וועמען ער האָט זיין סחורה געקויפט, טאָמער ווייס ער, דער פאַבריקאַנט, ערגעץ אַ פּלאַץ וואו צו קריגען שמירעבץ פאַר די רעדער כדי ניט צו דאַרפען בלייבען אין שטאָדט ביז אין דער פריה.

„זייט אייך ניט מצער"—האָט דער פאַבריקאַנט דעם סוחר געזאָגט —„ביי מיר געפינט זיך אַ וואָגען שמירעבץ פאַר מיינע וועגענער, און איך

וועל איך ארויסהעלפען איהר זאָלט ניט מוזען דאָ בלייבען ביז מאָרגען."

וכך הוה, דער פאבריקאנט האָט גענעבען דעם סוחר גענוג שמירעכץ, צו קענען שמירען זיינע וועגענער.

וועהרענד די בעלי עגלות פון סוחר זיינען געשטאנען און געשמירט די וועגענער, איז אָנגעקומען אנאנדער סוחר וועמען עס האָט באטראָפען דיזעלביגע סיבה: אויך איהם האָט געפעהלט שמירעכץ. דער צווייטער סוחר האָט זיך געווענדעט צום ערשטען סוחר, פרעגענדיג וואו ער האָט געקראָגען אזוי שפעט אין אָווענד שמירעכץ? דער ערשטער סוחר האָט דערצעלט דעם צווייטען סוחר, אז די שמירעכץ האָט ער געקראָגען טאקע דאָ ביים דעם פאבריקאנט.

דער צווייטער סוחר איז אריין צום פאבריקאנט בעטענדיג אז ער, דער פאבריקאנט, זאָל אויך איהם, דעם סוחר, פארקויפען אביסעל שמירעכץ.

„איך פארקויף שניט סחורה"—האָט דער פאבריקאנט געענטפערט —„אָבער ניט קיין וואָגען שמירעכץ."

„פארוואָס האָט איהר פארקויפט שמירעכץ צו דעם סוחר וואָס שטעהט דאָ אין דרויסען מיט די וועגענער?"—האָט דער צווייטער סוחר געפרעגט.

„פארשטעהט איהר"—האָט דער פאבריקאנט געזאָגט—„דער סוחר אָט דאָ אין דרויסען, האָט ביי מיר געקויפט פארשידענע טייערע סחורות, האָב איך געפונען אַלס מיין פליכט איהם ארויסצוהעלפען אויך מיט א ביסעל וואָגען שמירעכץ. איהר אָבער האָט ביי מיר גאָר ניט געקויפט, גאָר ניט איינגעהאנדעלט, טו פארוואָס זאָל איך אייך פארזאָרגען מיט שמירעכץ?"

„נון, פארשטעהט איהר, ליבער פריינד"—האָט ר' הירשל'ע געזאָגט צו דעם מאדיאר חסיד—„ווען אידען קומען צו מיר איינהאנדלען מידות טובות, יראת שמים, מצות און מעשים טובים, בין איך מחויב זיי באַ-הילפיג צו זיין אין וועלטליכע זאכען, אין פרנסה, וואָס איז אייגענטליך ניט מעהר ווי „וואָגען שמירעכץ," איהר אָבער ווילט ביי מיר גאָר ניט איינהאנדלען, נאָר בלויז וואָגען שמירעכץ, מוז איך אייך זאָגען, פריינד, אז קיין „שמירעכץ סוחר" בין איך ניט."

און הגם ר. הירשל'ע פלעגט ניט וועלען געבען קיין ברכה צו „פּוש־עים," האָט ער אָבער אויך ניט געגעבען קיין „קללה." ער פלעגט זיך אפילו ניט בייזערען אויף זיי. ער פלעגט זיך בעטען בתחנונים אז זיי זאָלען תשובה טהאָן, אָבער שרייען, בייזערען האָט ער זיך אויף קיינעם ניט.

ר' הירשל'ע פלעגט זאָגען: „איך האָב פיינט די וועלט'ס „מצות" און האָב אויך פיינט די וועלט'ס „עברות." די וועלט זאָגט „אַ מצוה יענעם אויסצורייסען„ אָדער „אַן עברה יענעם אַ טובה צו טהאָן", איך האָב די דאָזיגע „מצות" און „עברות" פיינט.

* * *

געהויבענע חסידים פלעגען פארגלייכען ר' הירשל'ע ליסקער צו איוב'ן, ביי וועמען גאָט ברוך הוא האָט אוועקגענומען זיינע זיהן און טעכ־טער, כדי איהם צו פרואווען צו וועט ער עומד בנסיון זיין. אויך ר' הירשל'ען האָט גאָט אויספּרובירט מיט די זעלביגע אומגליקען, און פונקט ווי עס שטעהט ביי איוב'ן—„בכל זאת לא חטא איוב, ולא נתן תפלה לאלקים," אזוי איז אויך געווען ביי דעם צדיק ר' הירשל'ע ליסקער.

צעהן קינדער האָט איהם זיין קריינטשע געבוירען. זיבען אינגלאַך און דריי מיידלאַך. אַלע געראָטענע קינדער, ניין (9) זיינען איהם רחמנא לצלן געשטאָרבען בחייו (ביי זיין לעבען), נאָר איינאיינציגע טאָכ־טער איז איהם פארבליבען. דאָך האָט דער צדיק ביי אַלע זיינע אומגלי־קען ניט אַרויסגעצייגט קיין צייכען פון טרויער. זיינע איינציגע ווערטער פלעגען זיין „כל מה דעביד רחמנא לטב עביד" (וואָס השם יתברך טהוט איז אַלעס צום גוטען.)

עלטערע ליסקער אידען וואָס האָבען בייגעוואוינט די אומגליקען וואָס האָבען דעם צדיק בעטראָפען, פלעגען פארגיסען הייסע טרערען דער־צעלענדיג וועגען די קדושה וטהרה וואָס דער צדיק האָט אַרויסגעצייגט ביי זיינע אומגליקען. וועגען די יראת הרוממות און התלהבות ווען דער צדיק פלעגט זאָגען די ברכה „ד' נתן וד' לקח, יהי שם השם מבורך" (גאָט האָט געגעבען, גאָט האָט גענומען, זאָל גאָט'ס נאָמען זיין געבענשט,"( דאָס איז געווען ממש חוץ לדרך הטבע.

איינמאָל אָבער, ווען ר' הירשל'ען איז אוועקגעשטאָרבען אַן אכט־

יעהריג אינגעל רחמנא לצלן, האט דער צדיק ביטער געוויינט. ער האט זיך שפעטער פארענטפערט פארוואס ער האט אזוי געוויינט.

ר' הירשל'ע האט דערצעלט פאלגענדע געשיכטע:

זייענדיג אמאל אין לעמבערג, איז ער, ר' הירשל'ע געגאנגען אויפ'ן „טורי זהב'ס" (ר' דוד ב"ר שמואל הלוי) קבר מתפלל זיין. ר' הירשל'ע האט שוין דאן געהאט פארלוירען אלע זיינע אינגלאך. שטעהענדיג אויפ'ן „טורי זהב'ס" קבר, האט ר' הירשל'ע אויסגעשריען:—„רבי! איך האב מיך שטארק מיגע געווען (געמוטשעט) איבער אייער „טורי זהב", בעט איך אייך רבי, זייט ממליץ טוב פאר מיר אז השם יתברך זאל מיך מזכה זיין מיט א בן זכר, (ר' הירשל'ע האט פארגעסען, ווי ער האט דער־צעלט, צו זאגען „בזרע של קיימא", מיט א קינד וואס זאל מאריך ימים זיין.) וכך הוה, צום יאהר האט איהם קריינטשע געבוירען א בן זכר, וועמען דער צדיק האט א נאמען געגעבען טאקע נאך דעם „טורי זהב"—דוד.

דוד'ל האט שוין אלס קינד ארויסגעצייגט וואונדערבארע פעהיג־קייטען. אלט ווערענדיג אכט יאהר האט דוד'ל שוין גע'שם'ט אלס עלוי גדול. דאס אונגליק האט אבער דעם צדיק פארפאלגט ווייטער. דוד'ל איז קראנק געווארען און—געשטארבען.

ר. הירשל'ע איז געווען אין צימער בעת יציאת נשמה. ר' הירשל'ע איז געשטאנען ביים בעט פון זיין קינד. נאך יציאת נשמה, האט ר' הירשל'ע אויסגעשריען מיט התלהבות דעם פסוק „ושחט אותו על ירך המזבח צפונה לפני ד' וזרקו בני אהרן הכהנים את דמו על המזבח סביב" (און ער זאל איהם—דעם קרבן—שעכטען אויף דעם צפון זייט פון מזבח, און אהרן'ס קינדער, די כהנים, זאלען שפרינקלען דאס בלוט ארום דעם מזבח.) אפזאגענדיג דעם פסוק האט ר' הירשל'ע מורא'דיג געוויינט. דער גאנצער עולם איז געבליבען שטעהן ווי פארגליווערט. דאס איז גע־ווען צום ערשטען מאל אז מען האט געזעהן ר' הירשל'ען וויינען אויף זיין אומגליק.

צוריקגעהענדיג פון דער לויה האט א מקורב דערצעלט ר' הירשל'ען, אז דער עולם איז געווען שטארק איבערראשט זעהענדיג איהם, דעם צדיק, וויינען. א זאך וואס מען האט ביי איהם קיינמאל ניט געזעהן.

„חלילה וחלילה"—האט דער צדיק געזאגט—„איך האב נישט חלילה מתרעם געווען אויף השם יתברך'ס מעשים, „צדיק ד' בכל דרכיו", גאט'ס

וועגען זיינען אלע גערעכטע. איך האב געוויינט כדי מקיים צו זיין א דין.״

„דער דין איז״—האט דער צדיק געזאגט מיט התלהבות—„אז ווען א איד ברענגט א קרבן, דארף ער תשובה טהאן, און די שטארקסטע תשובה איז, זיך אויסוויינען פאר׳ן רבונו של עולם, ווייל „שערי דמעות לא ננעלו״ (די טויערען פון טרערען זיינען קיינמאל ניט פארשלאסען), און דער צדיק האט ווידער געוויינט . . .

מכח אזא ענין דערצעלט ר׳ וואלף גאלדבערגער, ר׳ הירשל׳עס אייניקעל, אזא מעשה:

כידוע איז ר׳ הירשל׳ע ליסקער געווארען שפעטער א פייערדיגער חסיד פון סאנזער צדיק ר׳ חיים האלבערשטאם. דער סאנזער פלעגט ר׳ הירשל׳ען האלטען פאר זיין חבר, ניט פאר זיין חסיד. דער סאנזער פלעגט זאגאר שיקען זיינע חסידים צו ר׳ הירשל׳ען מיט קוויטלאך. ר׳ הירשל׳ע האט אבער אנטזאגט, זייענדיג אין סאנז, צו נעמען קוויטלאך. „איך טאר ניט,״ איך טאר ניט״— פלעגט ר׳ הירשל׳ע זאגען—„דאס וואלט געווען ווי א „מורה הלכה בפני רבו.״

ווי גרויס דער ליסקער צדיק האט געהאלטען פון סאנזער איז געגנוג איבערצוגעבען פאלגענדע עפיזאדע וואס ווערט דערצעלט אין ספר „דרכי הישר והטוב״:

איינמאל איז צו ר׳ הירשל׳ען געקומען זיינער א בארימטער חסיד, ר׳ מלך וויזשאלער האט מען איהם גערופען. דער דאזיגער ר׳ מלך האט דערצעלט ר׳ הירשל׳ען, אז א געוויסער „בן צדיקים״ האט אנגעהויבען פיהרען „רביסטווע״, און נעמט קוויטלאך מיט פדפיונות. ר׳ מלך האט געוואלט וויסען צו דער דאזיגער „בן צדיקים״ איז ראוי צו נעמען קוויטלאך?

ר׳ הירשל׳ע האט איהם געענטפערט בזה הלשון:

„בדורינו (אין אונזרע דור), איז דא נאר איין רבי וואס איז ראוי צו נעמען קוויטלאך, און דאס איז דער הייליגער סאנזער רב. א חוץ איהם טאר קיינער קיין קוויטלאך ניט נעמען. וועט איהר דאך פרעגען פארוואס נעם איך קוויטלאך, האב איך אויף דעם א תירוץ:—השם יתברך האט מיר חונן דעה געווען צו וויסען וואס צו טהאן מיט די פדיונות, און אויב יענער „בן צדיקים״ ווייס וואס צו טהאן מיט די פדיונות מעג ער נעמען „קוויטלאך.״ טאמער ווייס ער ניט, טאר ער קיין קוויטלאך ניט נעמען.״

# קאפיטעל ז׳

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען אין פאָריגען קאפיטעל האָט ר׳ הירשל׳ע ליסקער געזאָגט אז „בדורנו, טאָר קיינער ניט נעמען קיין קוויט־לאך, אויסער דער סאנזער צדיק, ר׳ חיים האלבערשטאם." די דאָזיגע שיחה האָט אין יענער צייט ארויסגערופען אין דער חסידישער וועלט א גוואלדיגען רעש. איבערהויפט אין גאליציע און אונגארן. מען דארף וויסען אז דאן האָבען געלעבט, אזעלכע בארימטע גוטע אידען, ווי ר׳ יהושע׳לע בעלזער, ר׳ אייזיקל זידיטשובער, ר׳ אייזיקל קאמארנער, ר׳ דוד׳ל דינאווער, ר׳ זלמן ליב סיגעטער, און נאך, און נאך, גרויסע רביים, און פלוצלונג קומט גאָר אזא בארימטער צדיק ווי ר׳ הירשל׳ע ליסקער, מיט א פסק ,אז קיינער אויסער דער סאנזער, טאָר אין דעם דור ניט נעמען קיין קוויטלאך, האָבען די חסידים פון יענע אלע גוטע אידען געהאט אויף ר׳ הירשל׳ען א שטארקע הקפדה; אָבער וויסענדיג אז ר׳ הירשל׳ע איז באמת א צדיק תמים, האָט קיינער ניט געוואגט פוצה פה צו זיין אויף דעם דאָזיגען הייליגען מאן.

פלעגט טאקע ר׳ הירשל׳ע פאָהרען פון יאָהר צו יאָהר, מקבל פנים זיין דעם סאנזער צדיק. ער פלעגט געוועגליך פאָהרען, אין דעם חודש אלול. ער פלעגט זאָגען, „איידער מען געהט מקבל פנים זיין די הייליגע טעג, דארף מען צו ערשט מקבל פנים דעם הייליגען סאנזער." ר׳ הירשל׳ע פלעגט אויך מיטנעמען זיינע איידעמס און אייניקלאך.

ר׳ הירשל׳עס איידעמס זיינען געווען, ר׳ יוזעף גאָלדבערגער, א תלמיד חכם גדול, און א בארימטער חסיד. ר׳ יוזעף האָט ניט געוואָלט ווערען קיין רב, ער האָט זיך גענומען צו מסחר און האָט מצליח געווען אין זיינע עסקים. דער צווייטער איידעם האָט געהייסען ר׳ אברהם, אויך א סוחר און חסיד וירא שמים. דער דריטער איידעם איז געווען ר„ חיים פריעד־לענדער. ווען ר׳ הירשל׳ע איז שוין געווען א רבי פון טויזענדער חסידים און האָט זיך ניט געקענט פיעל אָפּגעבען מיט זיין רבנות, האָט ער אי־בערגעגעבען דאָס איצטיגע רבנות צו זיין איידעם ר׳ חיים׳ל. (ר׳ חיים׳ל איז אויסגעוואקסען איינער פון די גאוני ישראל אין אונגארן, ער האָט מחבר געווען עטליכע ספרים. די צוויי גרעסטע ספרים זיינע זיינען ספר „טל חיים וברכה" אויף סוגיות הש"ם און „טל חיים" אויף דער תורה.)

ר' חיים'ל איז געווען אן אויסערגעוועהנליכער מתמיד. ער איז גע־זעסען ממש יומם ולילה על התורה ועבודה, פלעגט ער זעלטען מיטפאָהרען מיט זיין שווער קיין סאַנז. „אַ שאָד מבטל צו זיין פון תורה"—פלעגט ער זאָגען צו זיין שווער—און דער שווער איז געווען צופרידען. איינמאָל אָבער האָט ר' הירשל'ע שטאַרק מפציר געווען אַז ר' חיים'ל זאָל מיט־פאָהרען קיין סאַנז.

דאָס איז געווען אין יאָהר תר"ל, עטליכע טעג בעפאָר ראש חודש אלול, ר' הירשל'ע האָט געלאָזט אַריינרופען זיין איידעם ר' חיים'לען, פאַרלאַנגענדיג פון איהם מיטצופאָהרען צום סאַנזער צדיק. ר' חיים'ל האָט פרובירט ווי אַלע מאָל, זיך צו ענטשולדיגען, אַז ער וואָלט ניט געוואָלט מבטל זיין פון תורה. ר' הירשל'ע האָט אָבער געזאָגט מיט'ן הארבען וואָרט אַז ר' חיים'ל מוז מיטפאָהרען און ר' חיים'ל האָט ניט געוואגט מסרב צו זיין.

אַריינקומענדיג צום סאַנזער, האָט זיך דער אַלטער צדיק ווי אימער שטאַרק דערפרעהט מיט ר' הירשל'ען. ער האָט ר' הירשל'ען ממש מחבק ומנשק געווען (געהאַלזט און געקושט). דער סאַנזער האָט אויך שטאַרק מקרב געווען ר' הירשל'עס קינדער. אַלעמען געגעבען אַ הארציגען „שלום עליכם", נאָר ניט ר' חיים'לען.

ווען ר' חיים'ל איז צוגעקומען צום סאַנזער אביסעל נעהענטער, אויסשטרעקענדיג די האַנד פאַר „שלום", האָט דער אַלטער זיך צושריען: „ווער איז דער? איך וויל איהם ניט זעהן אין מיין שטוב. וואַרפט איהם אַרויס" . . .

משה יהושע, דעם סאַנזער'ס לייב גבאי ,האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דעם אַלטען צדיק אַז דער יונגער מאַן איז ר' הירשל'ע ליסקער'ס איידעם, און איז אַ תלמיד מופלג, עס האָט אָבער גאָר ניט געהאָלפען, „וואַרפט איהם אַרויס, וואַרפט איהם אַרויס," האָט דער אַלטער צדיק געהאַלטען אין איין שרייען. דער עולם וואָס האָט בייגעוואוינט די דאָזיגע סצענע האָט אויפגעשווידערט פאַר צער זעהענדיג דעם בזיון פון דעם יונגען מאַן.

קיין נייעס איז דאָס ניט געווען ביים סאַנזער צדיק. ער פלעגט אויף זיינע עלטערע יאָהרען שטאַרק אויפגערעגט ווערען ניט בלויז אויף פשוט'ע חסידים נאָר אפילו אויף רבנים און גדולי ישראל וואָס פלעגען צו איהם קומען. ער האָט געוואָלט בלייבען מיט זיך אַליין, מיט זיין גאָט און מיט זיין תורה און פלעגט שטאַרק אויפגערעגט ווערען ווען מען האָט איהם פון

זיין עבודה אָפּגעריסען. ער פלעגט זאָגאַר מכבד זיין מיט'ן ציביק ווען מען האָט איהם שטאַרק דערקוטשעט. געהויבענע חסידים פלעגען דעם עניין פון „שלאָגען" האַלטען פאַר אַ גרויסען עניין. זאָגאַר ר' הירשל'ע גופא פלעגט זאָגען אַז אין דעם סאַנזער'ס בייזערען זיך און איבערהויפּט „מכבד" זין מיט'ן ציביק איז פאַרבאָרגען סודי סודות. דאָך איז דער עולם איבער־ראַשט געוואָרען הערענדיג ווי דער סאַנזער הייסט אַרויסוואַרפען ר' הירשל'עס איידעם אין געגענוואַרט פון ר' הירשל'ען.

ר' הירשל'ע האָט אַ וואונק געגעבען זיין איידעם ער זאָל אַרויסגעהן פון צימער, און ר' חיים'ל האָט געפאָלגט.

דאָ איז דער סאַנזער אַריינגעפאַלען אין אַ מורא'דיגע דבקות, שריי־ענדיג פון מינוט צו מינוט, „חלילה וחלילה, אַ איד טאָר ביי זיך ניט אַרונטערפאַלען." „כל מה דעביד רחמנא לטב עביד" (וואָס גאָט ברוך הוא טהוט איז אַלעס צום גוטען.) און נאָך אַזעלכע ווערטער. זעהענדיג די מורא'דיגע עבודה פון סאַנזע צדיק איז אויך ר' הירשל'ע אַריינגעפאַלען אין אַ הייליגע דבקות. ביידע האָבען הפנים געוואוסט וואָס עס קומט נאָך . . .

קומענדיג צו זיך האָט דער סאַנזער אַ פרעג געטהאָן ר' הירשל'ען, „מיר דוכט אַז אייער איידעם ר' חיים'ל איז דאָ געווען?"

„יאָ"—האָט ר' הירשל'ע געענטפערט—„ער געפינט זיך אין צוויי־טען צימער."

„רופט איהם אַריין"—האָט דער סאַנזער באַפוילען זיינע גבאים.

אַריינקומענדיג צוריק, האָט דער סאַנזער געררייכט די האַנד ר' חיים'לען מיט אַ האַרציגען „שלום עליכם," זאָגענדיג דאַביי:—„איך קען אייך ר' חיים'ל, איך האָב אויך געקענט אייער פאָטער ר' ליבוש קליינ־וואַרדינער מורה־הוראה, אַ צדיק תמים געווען. איך ווייס אויך אייער יחוס." דער סאַנזער האָט זיך משתעשע געווען מיט ר' חיים'לען אין דברי תורה, און וועלכע אויך ר' הירשל'ע האָט אַנטייל גענומען.

צוריקפאָהרענדיג אַהיים, האָט דער ליסקער צדיק אויפ'ן וועג גע־רעדט מיט זיינע קינדער, וועגען דער סצענע, ווען דער סאַנזער האָט זיך געבייזערט אויף זיין איידעם ר' חיים'ל און איהם געהייסען אַרויסוואַרפען פון שטוב, „מענשען מיינען, אַז דער הייליגער סאַנזער ווערט אין כעס"— האָט ר' הירשל'ע געזאָגט צו זיינע קינדער—„חלילה וחלילה," אַזוי צו

דענקען אויף דעם הייליגען רב וועמעס נשמה איז כלו קודש און וועמעס הארץ איז כלו טוב, דער ענין פון זיין כעס איז אָבער גאָר אַן אַנדערער.״ —האָט ר׳ הירשל׳ע געזאָגט—„דאָס איז דער ענין פון „המתקות הדינים,״ וואָס איז מרומז אין פסוק „טוב כעס משחוק, כי ברוע פנים, ייטב לב,״ דער צדיק הדור זעהט ברוח קדשון וואָס עס דאַרף קומען און מיט זיין כעס זוכט ער מהפך צו זיין מדת הדין למדת הרחמים.״ ר׳ הירשל׳עס קינדער האָבען לכתחילה ניט פאַרשטאַנען וואָס דער צדיק מיינט. זיי האָבען עס אָבער אויסגעפונען מיט צוויי חדשים שפּעטער . . .

מיט צוויי חדשים שפּעטער, 27 טעג אין חודש תשרי, תרל״א, איז ר׳ חיים׳עלס ווייב, די טאָכטער פון ר׳ הירשל׳ע, געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג עטליכע קליינע יתומים.

שטעהענדיג אויף דעם פרישען קבר פון זיין יונגע טאָכטער, האָט ר׳ הירשל׳ע אויסגעשריען:—„ס׳שטעהט אין דער הייליגער תורה, „כי יקרא קן צפור,״ ווען דו וועסט באַגעגענען אַ נעסט פון פויגעלאך, „שלח תשלח את האם ואת הבנים תקח לך,״ זאָלסטו אַוועקשיקען די מוטער און די קינדער זאָלסטו נעמען צו דיר. רבונו של עולם, האָט ר׳ הירשל׳ע גע־שריען, איך האָב איצט מקיים געווען די מצוה „שלח תשלח האם״, איך האָב די מוטער אַוועקגעשיקט, העלפזשע מיר, הייליגער באַשעפער, אַז איך זאָל אויך קענען מקיים זיין די מצוה „ואת הבנים תקח לך,״ אַז איך זאָל קענען דערציהען די קינדער מתוך נחת לתורה, לחופה וליראת שמים״ —דאָס בלוט אין די אָדערען פון דעם גרויסען עולם, וואָס איז געקומען צו דער לויה איז ממש פאַרגליווערט געוואָרען, הערענדיג די דאָזיגע ווערטער וועלכע זיינען אַרוים מיט אַזויפיל תמימות און יראת הרוממות.

צוריקקומענדיג פון דער לויה, האָט ר׳ הירשל׳ע דערמאָנט זיין איי־דעם ר׳ חיים׳לען, די סצענע, ווען דער סאַנזער צדיק האָט איהם, מיט צוויי חדשים פריהער, געהייסען אַרויסוואַרפען פון זיין שטוב. „דער הייליגער סאַנזער״—האָט ר׳ הירשל׳ע געזאָגט צו זיין איידעם—„האָט געזעהן הענגען איבער דיין קאָפּ דעם מדת הדין און האָט געוואָלט, דער־מיט וואָס ער האָט דיך מצער געווען, מהפך זיין דעם מדת הדין למדת הרחמים. דער גזר דין איז אָבער שוין געווען גע׳חתמ׳עט, „ואין אחר מעשה בית דין כלום.״

ר׳ חיים׳לען איז איצט אויפגעגאַנגען אַ ליכט פאַר זיינע אויגען. איצט האָט ער פאַרשטאַנען פאַרוואָס זיין שווער האָט אויף איהם מיט צוויי חדשים צוריק מפציר געווען צו פאָהרען קיין סאַנז, און פאַרוואָס

דער סאנזער האט זיך אויף אזוי געבייזערט, און ער האט אויך פארשטא־נען די תורה פון זיין שווער אויף דעם פסוק, טוב כעס משחוק כי ברוע פנים ייטב לב. ר' חיים'ל האט ביטער געוויינט—דער צדיק אליין האט ניט געוויינט. . . .

מיט א יאהר שפעטער, 27 טעג אין חודש שבט, תרל"ב, איז געשטאר־בען זיין צווייטע טאכטער, ר' אברהם'ס ווייב. זיין אייניקעל ר' וואלף דערצעלט אין ספר „הישר והטוב" אז ווען ער איז פארטאג אריינגעקומען צו ר' הירשל'ען איהם אנזאגען די טרויעריגע בשורה, אז זיין טאכטער איז געשטארבען, האט ר' הירשל'ע געשריבען חידושי תורה, קוים האט דער גבאי געעפענט די טיהר, האט ר' הירשל'ע געזאגט צום גבאי: „כ'וויים, כ'וויים," און האט ווייטער געשריבען.

---

## קאפיטעל א

אין דעם ספר „דרכי הישר והטוב" דערצעלט דער מחבר, ר' וואלף גאלדבערגער, אן אייניקעל פון ליסקער צדיק, א מעשה וואס באווייזט אן אמת'ן רוח הקודש.

דאס איז געווען אין יאהר תרל"ג, באלד נאך פסח, ר' הירשל'ע האט אריינגערופען זיין אייניקעל ר' וואלף'ן זאגענדיג איהם אז מען דארף פאהרען צום סאנזער צדיק זאפארט. ר' וואלף איז שטארק איבערראשט געווארען וויסענדיג אז זיין זיידע איז זיך נוהג צו פאהרען צום סאנזער פון יאהר צו יאהר אין חודש אלול, און דא גאר איז ער ענטשלאסען צו פאהרען נאך פסח? ר' וואלף האט אבער ניט געפרעגט קיין קשיות. אז דער זיידע הייסט, מן הסתם איז פארבונדען א גרויסע כונה.

אויפ'ן וועג איז ר' הירשל'ע געווען שטארק צורודערט, זאגענדיג כסדר פארשידענע תפלות. דעם צדיק'ס קינדער וועלכע זיינען מיט איהם מיטגעפאהרען זיינען געווען באזארגט, וויסענדיג אז „הלא דבר הוא" עט־וואס מוז דא זיין. וואס אבער דער „עטוואס" איז, האט קיינער ניט גע־וואוסט. אנקומענדיג אין א שטעדטעל עטליכע מייל אוועק פון סאנז, האט די חבריא אויסגעפונען אז דער סאנזער צדיק האט פארלוירען א טאכטער, (ר' לייזער'ס ווייב) און זיצט שבעה. ר' הירשל'עס קינדער

האָבען אויפגעציטערט. זיי האָבען דאָ דערזעהן פון זייער הייליגען פאָ־טער אַ ריינעם רוח הקודש.

אָנגעקומען קיין סאַנז איז ר׳ הירשל׳ע, פרייטאָג. ער איז אָבער ניט געגאַנגען שלום נעמען פון סאַנזער, ערשט שפּעט פאַרנאַכט, ווען דער סאַנזער איז שוין געהאַט אויפגעשטאַנען פון דער ערד לכבוד שבת. דר־זעהענדיג דעם ליסקער צדיק האָט זיך דער סאַנזער אויפגעשטעלט זאָ־גענדיג צו דעם ליסקער:—„מיר זעמיר שוין אויפגעשטאַנען.“

„אודאי, אודאי“—האָט ר׳ הירשל׳ע געענטפערט—„ס׳איז דאָך שוין שבת קודש.“

יענעם שבת, דערצעלען חסידים, זיינען געווען אין סאַנז אכצען באַרימטע גוטע אידען, אַ חוץ אַ מאַסע רבנים. אַלע זיינען געקומען דעם אַלטען צדיק, מנחם אבל זיין. ביי די טישען איז דער סאַנזער געזעסען אין איין פייער. די עבודה איז געווען ממש פחד שבפחדים. פּלוצלונג, פריי־טאָג צו נאַכט ביים טיש, האָט זיך דער סאַנזער געווענדעט צו ר׳ הירשל׳ע ליסקער בעטענדיג איהם צו זאָגען תורה. ר׳ הירשל׳ע האָט ניט געענט־פערט. ער גופא איז געזעסען אין אַ מורא׳דיגע דבקות. דער סאַנזער האָט איהם מעהר ניט געבעטען. ער האָט איהם אָבער געפרעגט צו דאַ־ווענט ער אין דערהיים פאַר׳ן עמוד. „איך וואָלט געוואָלט“—האָט דער סאַנזער צו איהם געזאָגט—„אַז דעם שבת זאָלען ביי מיר דאַווענען פאַר׳ן עמוד גדולי ישראל. עס איז דאָך אַ גרויסער שבת,“ האָט דער סאַנזער געזאָגט מיט פייער, „אַ גאָר, גאָר גרויסער שבת.“ ר׳ הירשל׳ע האָט זיך אַנטשולדיגט, זאָגענדיג „איך בין ניט דערביי.“ מיינענדיג אַז ער פיהלט ניט אַז ער זאָל דעם שבת דאַווענען פאַר׳ן עמוד. געדאַווענט פאַר׳ן עמוד האָבען יענעם שבת, די דריי באַרימטע גוטע אידען:—ר׳ יברהם׳לע ראַ־דאָמסקער, ר׳ שלמה שפּיראָ (שפּעטער דער באַרימטער מונקאַטשער רבי) או [דער צדיק ר׳ חנינא׳לע אולינאָווער.

זונטאָג, געזעגענדיג זיך מיט׳ן סאַנזער, האָט ר׳ הירשל׳ע דעם סאַנ־זער דערלאַנגט אַ קוויטעל, מיט פופציג רייניש אַ פדיון. האָ טער אַ באַ־וועג געטאָן מיט׳ן קאָפּ, זאָגענדיג:—„אָ־ווא, אזא גרויסען פדיון; צו וואָס איז דאָס?“ ר׳ הירשל׳ע האָט אָבער דעם פדיון בושם אופן ניט געוואָלט צוריקנעמען. צוריקקומענדיג אויף זיין אכסניא, האָט ר׳ הירשל׳ע גע־טראָפען הונדערטער חסידים ארום זיין אכסניא. ער האָט באַלד אויס־געפונען אז נאָך אין דער פריה, האָט דער סאַנזער געזאָגט צו זיינע חסידים, אז ווער עס וויל האָבען אַ ישועה זאָל זיך געזעגענען מיט׳ן ליסקער צדיק,

א י י ד ע ר ע ר פ אָ ה ר ט א ו ו ע ק. דער ליסקער איז געבליבען זיצען שטארק פאר'דבק'ט. ער האָט געפיהלט אז דאָס איז ניט קיין פשוט־ער ענין. „אזוי, אזוי, האָט דער הייליגער רב געזאָגט"— האָט ר' הירשל'ע געזאָגט ווי צו זיך אליין—„ א י י ד ע ר א י ך פ אָ ה ר א ו ו ע ק, זאָל זיך דער עולם מיט מיר געזעגענען." און ר' הירשל'ע איז ווידער אריינגעפאלען אין אַ מורא'דיגע דבקות.

מיט אַ יאָהר שפּעטער, אין יאָהר תרל"ד, איז ר' הירשל'ע נפטר גע־וואָרען.

דער ליסקער צדיק פלעגט זיך אָפטמאָל בארימען, אז דער סאנזער צדיק איז שטענדיג איינשטימיג מיט זיינע עצות וואָס ער גיט צו זיינע חסידים.

ס'איז אמאָל געקומען צו איהם אַן ארענדאר און האָט זיך באַקלאָגט פאר איהם, אז דער פּריץ פאַרלאַנגט פון איהם אַ הוספה אויף דער ארענדע, וועלכע איז איהם שווער צו געבען.

בעת דער ליסקער צדיק האָט געלייענט דאָס קוויטעל פון דעם ארענדאר און זיין בקשה, האָט ער זיך אָנגערופען: „מיין דעה איז אז דו זאָלסט איבערהויפּט ניט מעהר דינגען די ארענדע אפילו צום פריהערדיגען פּרייז. לאָז זי איבער, זוך דיר אַן אנדערען מסחר און השם יתברך וועט דיר העלפען."

פאר'ן ארענדאר איז דאָס געווען זעהר אַ שווערע זאך, צו פאַרלאָזען מיט אמאָל זיין מקום פרנסה, פון וואַנעט ער האָט זיך מפרנס געווען אזוי פיעל יאָהרען. האָט ער זיך בעראַטען מיט זיינע פריינד, וואָס ער זאָל טאָן. האָבען זיי צו איהם אזוי געזאָגט:

„דער ליסקער רבי איז טאַקע אַ גרויסער צדיק, אָבער דער סאַנזער רבי איז דאָך גרעסער פון איהם, והא ראיה, אז ער אליין פאָהרט דאָך קיין סאַנז און דאַמיט באַטראַכט ער דעם סאַנזער צדיק פאר זיינם אַ רבי, פאָלג זשע אונז און פאָהר אריבער קיין סאַנז, וועסטו הערען וואָס דער סאַנזער צדיק וועט דיר ראַטהען, זיין עצה זאָלסטו פאָלגען."

דער ארענדאר האָט געפאָלגט זיינע פריינד און איז געפאָהרען קיין סאַנז צום צדיק ר' חיים האלבערשטאַם.

אין סאַנז, האָט דער ארענדאר געטראָפען אינ'ם צדיק'ס הויז הונ־דערטער מענשען וואַרטענדיג זיי זאָלען קענען צוקומען צום צדיק. דער

גבאי, ר' משה יהושע. האָט קודם צוגעלאָזט די מיוחסים און די באַקאַנטע חסידים. די פרעמדע אונבאַקאַנטע מענשען האָט ער געלאָזט וואַרטען, צווישען זיי אויך דעם אונגאַרישען אַרענדאַר.

דער אַרענדאַר איז מיעד געוואָרען וואַרטענדיג, האָט ער זיך דורכ־געשטופּט צווישען דעם וואַרטענדיגען עולם מיט זיינע שטאַרקע עלענ־בויגענס ביז צום צדיק'ס טיהר. אַזוי ווי אָבער ר' משה יהושע האָט פאַר איהם פאַרמאַכט די טיהר, האָט דער אַרענדאַר געקלאַפּט אין דער טיהר, געמאַכט אַ ליאַרעם אויסשרייענדיג:

„פאַרוואָס לאָזט איהר מיך ניט אַריין צום צדיק? ס'איז דאָך פאַר מיר אַ לעבענס פראַגע, פּקוח נפשות!"

און מיט כח האָט ער אויפגעריסען די טיהר, צוגעגאַנגען ביז צום צדיק'ס שטול און אַנידערגעלעגט פאַר'ן צדיק דאָס קוויטעל.

האָט זיך דער צדיק מיט כעס אויפגעשטעלט פון דער שטול, אָנגע־כאַפּט דעם אַרענדאַר ביי ביידע לאַצען און מיט איהם געטרייסעלט ווי מיט אַ לולב, אויסשרייענדיג:

„וואָס זאָגסטו, שוטה, ס'איז פּקוח נפשות? אַ טפּשות. די גאַנצע אַרענדע דיינע איז ניט ווערטה אַמאָל קיין שישקע פּולווער און דו שרייסט אַז עס איז פּקוח נפשות. אַנטלויף פון איהר, לאָז זי איבער."

דער אַרענדאַר איז דערשראָקען געוואָרען. ער האָט אַזאַ מין באַ־נעמען קיינמאָל ניט געזעהן פון קיין רבי'ן. ער איז אַהיימגעפאָהרען און ניט געפאָלגט ביידע צדיקים. ער האָט געגעבען די הוספה און איז פאַר־בליבען ביי דער אַרענדע. ער איז אָבער נאָך אַ יאָהר פון איהר אַרויס בשן ועין, נאַקעט און באָרוועס, נאָכדעם ווי ער האָט אין איהר אָנגעוואָרען אַלצדינג וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

און אָט איז די אַנדערע געשיכטע.

אָבער פריהער, אַ קליינע עבאַמערקונג:

די געשיכטע וואָס איך גיב דאָ דערצעהלען איז שוין אַמאָל אויף דעם פלאַץ דערצעהלט געוואָרען, דאַן ווען איך האָב געשריבען די געשיכטע פון דעם סאַנזער צדיק, ר' חיים האַלבערשטאַם, די געשיכטע געהער אָבער צו דער סעריע, ר' הירשל'ע ליסקער און דאַרף דערצעהלט ווערען נאָכאַמאָל כדי די סעריע זאָל זיין פולקאָמען.

אַט איז עס:

אַמאָל איז געקומען צו ר׳ הירשל׳ע ליסקער אַ רייכער גוטסהאַלטער און איהם מגלה סוד געווען אַז ער האַלט ביים באַנקראָטירען. ער האָט דערצעלט ר׳ הירשל׳ען אַז באַלד קומט די צייט צו באַצאָלען דעם פּריץ אַ ראַטע און דאַ איז נישטאָ קיין פּרוטה ביי דער נשמה. דער גוטסהאַלטער האָט זיך צוואויינט ווי אַ קליין קינד.

ר׳ הירשל׳ע וועלכער האָט געקאַנט דעם גוטסהאַלטער פאַר אַ חסיד און גרויסען נדבן, האָט שטאַרק געליטען פון דער טרויעריגער בשורה. ער איז אַריינגעפאַלען אין אַ מורא׳דיגע דבקות, אַזוי אַז דער אַנוועזענדער עולם האָט אויפגעציטערט. ווען דער צדיק איז צו זיך געקומען האָט ער געזאָגט צום גוטסהאַלטער:—„פאָהרט תיכף ומיד קיין סאַנז, און איהר זאָלט ניט אַוועק ביז דער הייליגער סאַנזער וועט אייך שלאָגען.“

ווי עס איז שוין דערצעלט געוואָרען פלעגט דער סאַנזער אויף די עלטערע יאָהרען שטאַרק אויפגערעגט ווערען אויף די וואָס האָבען איהם מבלבל געווען אין זיין עבודה. ער פלעגט זיי אָנכאַפּען ביי די לאַצען, גוט אָנטרייסלען זיי, און אָפט אויך זיי מכבד זיין מיט זיין ציביק.

חסידים האָבען אַזעלכע סצענעס גערעכענט פאַר אַ גאָר הויכען ענין. ביי אַ סך חסידים איז געווען אָנגענומען אַז כאַפּען פון סאַנזער מיט׳ן ציביק, איז בדוק ומנוסה פאַר אַ ישועה. פלעגען טאַקע אַ סך חסדים דעם סאַנזער אַזוי דערקוטשען, ביז זיי האָבען געקראָגען גוט אָנגעשלאָגען.

איינער פון די חסידים וואָס האָבען געגלויבט אַז כאַפּען מיט׳ן ציביק פון סאַנזער מיינט אַ זיכערע ישועה, איז געווען דער צדיק ר׳ הירשל׳ע ליסקער, האָט ער געהייסען דעם גוטסהאַלטער פאָהרען קיין סאַנז און ניט אַוועקפאָהרען ביז ער וועט כאַפּען קלעפּ.

דער גוטסהאַלטער, אַ פייערדיגער ליסקער חסיד, האָט ניט געפרעגט קיין קשיות און באַלד אַוועק קיין סאַנז.

קומענדיג קיין סאַנז איז דער גוטסהאַלטער באַלד געלאָפען צום צדיק, רעכנענדיג אַז שלעק אַריינכאַפּען וועט איהם גאָר לייכט אָנקומען.

דער גוטסהאַלטער האָט דעם צדיק דערצעלט זיין טרויעריגע לאַגע, אַז ער איז ביז איצט געווען אַ גרויסער עושר, אַז דאָס רעדעל האָט זיך

פאַרדרעהט און אַז זיין לאַגע איז אַזאַ, אַז ער קען פּשוט נישט באַצאָלען דעם רענט.

„אַז מען קען נישט באַצאָלען קיין רענט, קויפט מען דאָס גוט"— האָט דער סאַנזער געענטפערט קורץ און שאַרף. מעהר האָט דער צדיק מיט דעם גוטסהאַלטער נישט געוואָלט רעדען.

דער אומגליקליכער גוטסהאַלטער איז געבליבען שטעהן אַ דערשלאָ־גענער! וואָס הייסט, „אַז מען האָט נישט צו באַצאָלען דעם רענט, קויפט מען דאָס גוט?" אַז מען האָט נישט קיין געלד, טו מיט וואָס קען מען דאָס גוט קויפען?

דער אָרמער גוטסהאַלטער האָט באַשלאָסען צו פּרובירען נאָכאַמאָל.

צומאָרגענס האָט ער זיך ווידער צוגעשלאָגען צום צדיק און איהם ווידער דערצעלט די ביטערע לאַגע זיינע.

„איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט"—האָט דער צדיק געענטפערט גוטמוטיג—„אַז מען קען נישט באַצאָלען דעם רענט, קויפט מען דאָס גוט."

דער איבערגעשראָקענער גוטסהאַלטער האָט געוואָלט עפּעס איבער־פרעגען, אָבער דער צדיק האָט נישט געוואָלט מעהר הערען.
קורץ, די געשיכטע איז אַזוי געגאַנגען טאָג פאַר טאָג. דער גוטס־האַלטער האָט געדענקט ר' הירשל'עס אָנזאָג: נישט אָוועקצופאָהרען פון סאַנז, ביז ער, דער גוטסהאַלטער, וועט נישט קריגען אָנגעשלאָגען. איז ער געלאָפען טאָג פאַר טאָג צום צדיק מיט דערזעלבער קשה, און דער צדיק האָט טאָג פאַר טאָג געענטפערט דעם זעלבען תירוץ: אַז מען קען נישט באַצאָלען דעם רענט, קויפט מען דאָס גוט.

דער אומגליקליכער גוטסהאַלטער איז שיער פאַרריקט געוואָרען פאַר צער. ער איז געקומען נאָך „שלעק," לסוף רעדט דער צדיק מיט איהם אַזוי גוטמוטיג. וויפיל ער זאָל דעם סאַנזער נישט מבלבל זיין, בלייבט אַלץ דער צדיק מיט זיין תירוץ: „אַז מען קען נישט באַצאָלען דעם רענט, קויפט מען דאָס גוט."

אין זיין פאַרצווייפלונג האָט זיך דער גוטס האַלטער געווענדעט צו משה יהושע'ן, דעם סאַנזער'ס לייב־גבאי. דער אָרימער גוטסהאַלטער האָט פאַר דעם גבאי אויסגעגאָסען זיין ביטער האַרץ און פון איהם גע־בעטען אַן עצה.

משה יהושע איז נישט איבערראשט געוואָרען. ער האָט געוואוסט אז א סך צדיקים האַלטען דעם סאַנזערס בייזערען זיך, און ווער שמועסט נאָך שלאָגען, פאַר א זעהר הויכען ענין. ער האָט דארום באַשלאָסען דעם גוטסהאַלטער צו העלפען, קריגען אָנגעשלאָגען.

די הכנה פון סאַנזער צדיק בעפאָר מנחה, איז געווען חוץ לדרך הטבע. די קולות און מורא׳דיגע בכיות האָבען פּשוט געשפּאָלטען הימלען. קיינער, זאָגאר די נאָהענטסטע מקורבים, האָבען נשט געוואַגט אריינצוקומען אין דעם צימער ווען דער אַלטער האָט זיך מכין געווען צו דאַווענען מנחה. משה יהושע האָט באַשלאָסען אריינצושיקען דעם גוטסהאַלטער אין סאַנזער׳ס חדר, אין יענעם מאָמענט ווען דער צדיק איז זיך מכין צו מנחה.

אריינקומענדיג אין צימער איז דער גוטסהאַלטער שיער געשטאָרבען פאַר מורא. דער אַלטער צדיק, אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער, איז גע־שטאַנען אין א ווינקעלע און אַלעס אָרום איהם האָט פּשוט געברענט ווי א פייער. דער גוטסהאַלטער האָט לכתחילה געוואָלט ארויסלויפען פון צימער. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אין דעם ליסקער צדיק׳ס באַפעהל. ער האָט זיך געשטאַרקט און ציטערענדיג מט אַלע אברים איז ער צוגע־גאַנגען צום סאַנזער צדיק.

„הייליגער רבי״—האָט דער גוטסהאַלטער אויסגעשריען מיט א ביטער געוויין—„העלפט מיר!״—מעהר האָט ער נישט געקענט רעדען.

„גאַלגאַן!״—האָט דער צדיק אויסגעשריען, קומענדיג צו זיך—„גאַל־גאַן! דו זעהסט אז איך בין זיך מכין מתפלל צו זיין צום בורא עולם און דו וואַגסט מיך מבטל צו זיין! ארויס פון מיין שטוב!״ דער צדיק האָט אָנגעכאַפּט דעם גוטסהאַלטער ביי די לאַצען, איהם גוט צעריסעלט און איהם געפיהרט צו דער טיהר.

„גוט! גוט!״—האָט דער גוטסהאַלטער מיט שמחה געשריען—„איך בין שוין געהאָלפען.״

אהיימקומענדיג האָט דער גוטסהאַלטער אויסגעפונען, אז דער פּריץ פון גוט האָט מיט עטליכע טעג צוריק נאָך איהם געשיקט. דער גוטס־האַלטער איז זאָפאָרט געלאָפען אין הויף צום פּריץ.

דער פּריץ האָט איהם אויפגענומען גאַנץ העפליך, און פאַר איהם פאָרגעלעגט פאָלגענדען פאָרשלאַג:

„היות ווי איך האָב באַשלאָסען גענצליך אוועקצופען פון דער

גענענד, און אזוי ווי איך וואָל דאָס גוט נישט פאַרקויפען ביי ליציטאַציע (פער אָקשען) וועגען געוויסע אורזאכען, איז ביי מיר געבליבען צו פאַר־קויפען דאָס גוט צו אייך."

„ווייסענדיג אז איהר האָט נישט קיין געלד"—האָט דער פריץ פאָרט־געזעצט—„האָב איך אראַנזשירט אין דער לייה קאַסע אַן הלואה פאַר אייך פון צעהן טויזענד גולדען. דאָס איבריגע וואָס דאָס גוט איז ווערטה, וועט איהר מיר אויסצאָלען אין ראַטען."

דער גוטסהאַלטער, נאַטירליך, האָט זיך נישט געדונגען. ער האָט דאָס גוט געקויפט אָהן א סענט געלד און איז שפּעטער געוואָרען איינער פון די רייכסטע אידען אין אונגאַרן.

דער סאַנזער האָט רעט געהאַט, אַז מען קען נישט צאָלען קיין רענט קויפט מען דאָס גוט.

---

## קאַפּיטעל 9

פון ר' הירשל'ע ליסקער ווערט ניט דערצעלט קיין סך מופתים. ליס־קער חסידים ווייסען אַז דער צדיק האָט שטאַרק מקפיד געווען, אַז מען זאָל וועגען איהם ניט דערצעלען קיין מופתים. „איך בין א פּשוט'ער איד, ווי אַלע אידען,"—פלעגט דער צדיק זיך בעטען ביי זיינע חסידים—„דערצעלט ניט קיין מופתים פון מיר." האָבען זיך זיינע חסידים געהיט צו דערצעלען מופתים פון איהם. פונדעסטוועגען דערצעלט זיין אייניקעל ר' וואָלף אין ספר „דרכי הישר והטוב" עטליכע מופתים וועלכע צייגען דאָס תמימות און פשטות וואָס איז געווען אזוי כאַראַקטעריסטיש ביי דעם צדיק.

איך וויל דאָ איבערדערצעלען עטליכע פון די מופתים.

דער ליסקער צדיק האָט געהאַט א משמש, אַן אדם חשוב און א גרויסער ירא שמים. ר' ליבוש האָט ער געהייסען. עס זאָגט זיך אזוי א משמש. דער ליסקער האָט זיך זעלטען וועז געלאָזט פון אימיצען משמש זיין. צו זיין ענוות איז גאָר ניט געווען קיין גרענעץ. ר' ליבוש איז אָבער געווען א הויז מענש מיט וועמען דער צדיק פלעגט אָפט פאַרברענ־

גען אין הויכע ענינים און די חסידים פלעגן איהם רופען ר׳ ליבוש גבאי.

טרעפט אמאל אז דער דאזיגער ר׳ ליבוש איז פארבייגעגאנגען נעבען א הויף פון א רייכע פריצטע, א גרויסע אנטיסעמיטקע. דערזעהענדיג ר. ליבוש׳ן האט זיך דאס בייזע בלוט אין דער אנטיסעמיטקע אזוי אויפ־געקאכט, אז זי האט געכאפט א רוט, און ר׳ ליבוש׳ן א שמיץ געגעבען איבער׳ן פנים. ר׳ ליבוש האט געשפירט מורא׳דיגע שמערצען, מעהר נאך פון דער באליידיגונג, ווי פון דעם שמיץ גופא. קומענדיג צו ר׳ הירשל׳ען אין צימער, האט דער צדיק באלד דערקענט אז עפעס איז געשעהן.

אויף דער פראגע וואס עס האט פאסירט, האט ר׳ ליבוש דרעצעלט דעם צדיק, דעם טרויעריגען עפיזאד.

הערענדיג די טרויעריגע פאסירונג איז ר׳ הירשל׳ע געווארען אויסער זיך פאר צער. דער צדיק איז אריינגעפאלען אין א מורא׳דיגע דבקות. ער האט געמורמעלט ווי צו זיך אליין:—„הבט משמים וראה כי היינו ללעג וקלס בגויים“ (אה גאט קוק ארונטער פון די הימלען און זעה, ווי מיר זיינען געווארען צו שאנד און שפאט צווישען די פעלקער.) אין צימער האבען זיך דאן געפונען דעם רבי׳נס קוויטעל שרייבער ר׳ אברהם׳לע און דער שטאדטישער שוחט. פלוצלונג האט זיך דער צדיק געווענדעט צוביידען זאגענדיג: ‚זעצט זיך אנידער רבותי, לאמיר זיין א בית דין, און פסק׳נען וואס פאר א שטראף עס קומט דער מרשעת.“

נאך א שקלא וטריא, האט דאס בית דין ארויסגעגעבען א פסק, אז די מרשעת איז חיבת „מיתה בידי שמים.“

עס האט ניט געדויערט לאנג, די פריצטע איז געגאנגען אויף א באזוך צו איהר פארהייראטע טאכטער, טאקע אין דער זעלביגער שטאדט, אויפ׳ן וועג איז איהר ניט גוט געווארען, זי איז געפאלען צו דער ערד— טויט.

אט איז אנאנדער געשיכטע:

געקומען אמאל א יונגערמאן צום צדיק. ער האט געוואלט פאכטען ביי א פריץ א גוט, האט ער געבעטען דעם רבי׳ן ער זאל מתפלל זיין, אז די פאכטונג זאל עושה־פירות זיין און איהם ברענגען שעהנע רוחים.

ווי זיין רבי דער סאנזער צדיק, פלעגט אויך דער ליסקער צדיק זיך

אויסבעטעט א געוויסע סומע געלד ביי מאנכע וואס זיינען צו איהם גע־קומען זוכען א ישועה. פארשטעהט זיך, אז ער האט דאס געלד ניט פאר־ברויכט פאר זיינע הוצאות הבית, נאר צו דערהאלטען ביים לעבען אלמנות, יתומים און אזוי געבראכענע מענשען.

האט דער ליסקער צדיק זיך אפגערופען צום יונגענמאן:

„איהר וועט, מיט דער הילף פון השם יתברך, גוט פאכטען דאס גוט. אויב איהר וועט מיר דאן ארייִנשיקען פערציג גולדען, וועט איהר פון דער דאזיגער פאכטונג האבען ברכה והצלחה.“

האבען די מקורבים פונ׳ם צדיק, וועלכע זיינען דאמאלס געווען אין רבינ׳ס חדר, א ווינק געגעבען דעם יונגענמאן, ער זאל שכל האבען און תיכף ומיד געבען דעם רבי׳ן די פארלאנגטע פערציג גולדען, כדי די ברכה זאל אומר ועושה חל זיין.

דער יונגערמאן האט אזוי געטאן. ער האט דאן געפאכטעט דאס גוט ביים פריץ אויף דריי יאהר און דארינען זעהר מצליח געווען. אם ענדע פון די דריי יאהר, איז ער ווידער אמאל געקומען צום צדיק; דער רבי זאל מסכים זיין ער זאל אויך אויף ווייטער פאכטען דאס גוט און איהם צוגעבען א ברכה. האט איהם דער צדיק געענטפערט: „זאל אייך השם יתברך העלפען.“

„אבער, רבי טייערער, איך וויל דאך אייער הסכמה כ׳זאל אפדינגען דאס גוט און דארינען האבען הצלחה, ווי כ׳האב געהאט אין די פארגאנ־גענע דריי יאהר“—האט זיך דער יונגערמאן געבעטען ביים צדיק.

„אין מעצור לה׳ להושיע“—האט דער צדיק צו איהם געזאגט— „השם יתברך קען אייך העלפען אויך ביי אנאנדער ענין, ניט דוקא ביי א פאכטונג.“

„איך וועל דעם רבי׳ן ווידער אמאל געבען פערציג גולדען און זאל מיר דער רבי געבען זיין הסכמה און ברכה צו פאכטען דאס גוט“— האט זיך דער יונגערמאן געבעטען רחמים.

„כ׳ברויך ניט דיינע פערציג גולדען“—האט צו איהם דער רבי געזאגט—„פאהר לחיים ולשלום און זאל דיר השם יתברך העלפען צו וואס דו וועסט זיך נעמען.“

דער יונגערמאַן, וועלכער האָט געהאַט גרויס אמונה אינ'ם צדיק, איז אהיימגעפאָהרען און דאָס גוט ניט געפּאַכטעט.

אין יענעם פריהלינג, האָט זיך דער ווינטער פארשפּעטיגט. ס'איז געוועזן קאַלט און פראָסטיג, די תבואה אין די פעלדער פון יענעם גוט איז גאַנץ אָפּגעפרוירען געוואָרען. דער פּעכטער וועלכער האָט געדונגען דאָס גוט, איז בדיל־הדל געוואָרען, בעת דער יונגערמאַן, דער חסיד, איז צוליב די אמונה אינ'ם צדיק ניצול געוואָרען פון אַ גרויסען שאָדען, דורך וועלכען ער וואָלט געוועזן געקומען ממש עד ככר־לחם.

און אָט איז נאָך אַ געשיכטע פון דעם צדיק ר' הירשל'ע ליסקער.

אמאָל איז געקומען צום צדיק אַ דאָרפס איד, ר' וועלוועל האָט ער געהייסען, דערצעלענדיג אַז ער האַלט שוין כמה וכמה שנים דאָס מילכיגס פון פריץ און ציהט דערפון זיין פּרנסה, פּלוצלונג האָט זיך דער פּריץ מישב געוועזן און איהם געקינדיגט דאָס מילכיגס. מעהר קען ער ניט קריגען אין הויף קיין מילכיגס. ר' וועלוועל האָט דערצעלט דעם צדיק, אַז ער, ר' וועלוועל, האָט שוין אָנגעווענדעט פאַרשידענע מיטלען דעם פּריץ צו באַוועגען זיין גזר דין מבטל צו זיין, עס העלפט אָבער ניט. דער פּריץ רופט איהם צו קומען אָפּנעמען זיין קויציאָן (סעקיוריטי).

„וויפיעל קויציאָן האָט איהר ביים פּריץ"—האָט ר' הירשל'ע געפרעגט?

„טויזענד גולדען"—האָט ר' וועלוועל געענטפערט.

„פאָהרט אהיים, ר' וועלוועל"—האָט דער צדיק געזאָגט מיט אַ שמייכעל—„און געהט צום פּריץ אָנעמען די קויציאָן."

ר' וועלוועל האָט זיך צוואוויינט. ער האָט געמיינט אַז אַלעס איז פאַרלוירען.

„ניט וויינען, ניט וויינען, ר' וועלוועל"—האָט דער צדיק געבעטען ארויפלייגענדיג די האַנד אויף ר' וועלוועל'ס פּלייצע—„פאָהרט לחיים ולשלום, און געהט באַלד צום פּריץ. איך גלויב ניט אַז דער פּריץ וועט אייך צוריקגעבען די קויציאָן."

אזוי ווי דער צדיק האָט גערעדט צו וועלוועל נאָר כלאחר יד דבורים, ניט צו געבען איהם אַ זיכערע הבטחה, איז ר' וועלוועל אהיימגעפאָהרען

מיט א פארביטערט הארץ אין א מדרגה פון „מאמין ואינו מאמין“, עפעס יא געגלויבט און ניט געגלויבט.

אינ'ם באשטימטען טאג, איז ר' וועלוועל געקומען צום פריץ אפצור־נעמען די קוויציאן.

„דו ביזט א בעל מזל, וואוועקע“—האט דער פריץ צו איהם געזאגט— „די טויזענד גולדען, וועלכע כ'האב דיר געזאלט היינט צוריקגעבען, זיינען ביי מיר געלעגען אנגעגרייט פאר דיר גאנצע צוויי מאנאטען, כ'האב זיי געהאלטען עקסטרא פארשלאסען. האט אבער פאר עטליכע טעג דער „דיאבעל“ אנגעטראגען מיינס א קרוב פון מיין מוטער'ס צד, וועלכער, לויט ווי ער האט זיך באקלאגט, איז אין א גרויסע פארלעגענהייט. ער האט אויף זיך א קרימינאל פראצעס וועגען פארפיהרען א מיידעל צו א זינד און ער מוז תיכף האבען טויזענד גולדען כדי צו קענען זיך ריינ־וואשען, האב איך איהם געמוזט געבען דאס געלד וואס איך האב באהאל־טען פון דיינעטוועגען. איך וויל ניט אז מיין פאמיליעס נאמען זאל באַ־שמוצט ווערען צוליב די מעשים תעתועים פון מיין קרוב, דעם לומפ, דו האסט מזל, וואוועקע. כ'זעה בעשיינפערליך, אז דער אידישער גאט וויל ניט כ'זאל דיך מדחה זיין פון דער מילך פאכט. געה אהיים און פארבלייב אויף ווייטער דער מילך־פאכטער ווי ביז אהער.“

---

## קאפיטעל 10

ר' הירשל'ע ליסקער, ווי עס איז שוין דערצעלט געווארען, איז געווען אן אנערקענטער גאון, פון אלע גאוני הדור. אין דער הסכמה אויף ר' הירשל'עס ספר „אך פרי תבואה“ וואס איז געדרוקט געווארען נאך זיין פטירה, שרייבט אויף איהם דער סאנזער גאון, ר' חיים האלבערשטאם, „ידידי הרב הגאון הצדיק הקדוש,“ און וויסען דארף מען, אז דער סאנזער גאון, איז געווען שטארק קארג אויף טיטלען. אין זיין „שאלות ותשובות דברי חיים“ אין וועלכען עס געפינען זיך תשובות צו הונדערטער רבנים און גדולי ישראל, באטיטעלט ער זעלטען אימיצען מיט דעם טיטעל „גאון“ אויסער די גאר בארימטע גאונים. ר' הירשל'ע ליסקער איז אלזא געווען איינער פון די דאזיגע גאר בארימטע גאונים.

ר׳ הירשל׳ע איז אויך געווען א דרשן נפלא, ווי מען קען זעהן אין זיינע ספרים „אך פרי תבואה" און „הישר והטוב." ר׳ הירשל׳ע, דארף מען וויסען, איז געווען א תלמיד מובהק פון דער גאון ר׳ משה טייטעל־בוים, דער גרעסטער דרשן אין אונגארן אין זיין צייט, און פון זיין רבי׳ן האט ר׳ הירשל׳ע געכאפט דעם שניט פון זיינע דרשות.

עס איז שוין אויך דערצעלט געווארען אויף דעם פלאץ, אז ר׳ הירשל׳ע איז געווען א מורא׳דיגער חלש, ממש הויט און ביינער. מען פלעגט איהם אפט מוזען אונטערהאלטען אז ער זאל נית פאלען, אזוי שוואך איז ער געווען. און דער ענין איז געווען גאר איינפאך: ר׳ הירשל׳ע האט פשוט ניט געגעסען. אבער טאקע ממש ניט געגעסען.

ר׳ הירשל׳ע איז אייגענטליך געווען א מתנגד פון תעניתים. ווען ער פלעגט אויסגעפינען אז אימיצער פון זיינע חסידים פאסט איבעריגע תעניתים, פלעגט ער דעם חסיד לאזען רופען, פלעגט איהם גוט אויס־מוסר׳ען, איהם דערצעלען אז לויט די גמרא איז, ווער עס פאסט צופיל, א חוטא (כל היושב בתענית נקרא חוטא) און אז ניט דאס פאסטען העלפט מכפר צו זיין אויף דעם מענשענ׳ס חטאים, נאר תשובה און מעשים טובים, (לא שק ותענית גורמין, אלא תשובה ומעשים טובים.) און ער פלעגט צו דעם חסיד אזוי לאנג רעדען, ביז יענער פלעגט פארשפרעכען מעהר ניט צו פאסטען.

ר׳ הירשל׳ע האט געהאט א בארימטען חסיד, ר׳ מלך ווישאווער האט מען איהם גערופען וועמעס נאמען איך האב שוין עראינערט(, ר׳ מלך איז געווען א גרויסער תלמיד חכם און ירא שמים. ער פלעגט פאסטען ממש משבת לשבת. אויף דער עלטער האט דער דאזיגער חסיד באשלאסען פאהרען קיין ארץ ישראל. איז ער געקומען קיין ליסקא אויף שבת, למען צו נעמען א ברכה פון זיין רבי׳ן אויף דער נסיעה. ביים געזעגענען האט דער ליסקער צו איהם געזאגט:

„ר׳ אלימלך, איידער איהר פאהרט אוועק, וויל איך אייך לערנען עפעס אן ענין. ווייסט איהר, ווי אזוי דער הייליגער ראפטשיצער האט אויסגעלערענט א יונגנמאן פאסטען משבת לשבת? הערט זיך צו, וועל איך אייך דערצעלען:

„קודם כל"—האט דער ראפטשיצער צדיק געזאגט צו יענעם יונ־גענמאן, זאלסטו שבת ביינאכט מאכען הבדלה און אנהויבען צו פאסטען. דו זאלסט דיך דאן זעצען לערנען ביז שפעט אין דער נאכט, אזוי לאנג

ביז דאָס הארץ וועט דיר ווערן טאָן, דאַן זאָלסטו עסען מלוה־מלכה און דערנאָך ווייטער פאַסטען. אַזוי זאָלסטו די נוהג זיין אַ גאַנץ געהעריגע וואָך. כסדר לערנען און דאַווענען ביז דו פיהלסט, אַז דאָס הארץ טוט ווערן, דאַן זאָלסטו טועם זיין כדי דיר צו דערכאַפּען דאָס הארץ און ווייטער פאַסטען.״

חסידים דערצעלען דערביי אַ מופת: באַלד נאָכדעם ווי דער ליסקער צדיק האָט אויסגעלערענט ר׳ מלך׳ן ווי אַזוי צו פאַסטען משבת לשבת, זיינען ר׳ מלך׳ס קינדער אָנגעקומען קיין ליסקא, בעטענדיג דעם צדיק, אַז ער זאָל זייער פאָטער ניט הייסען פאַסטען אַזויפיל תעניתים, ווייל עס איז פשוט פאַר דעם אַלטען פאָטער סכנת נפשות.

„אָט ערשט פאַר אַ שעה, האָב איך אייער פאָטער אויסגעלערענט פאַסטען משבת לשבת״—האָט דער צדיק געזאָגט מיט אַ שמייכעל—„און איך האָף אַז ער וועט מיך פאָלגען.״

ר׳ הירשל׳ע אַליין אָבער האָט געפאַסט ניט בלויז משבת לשבת, נאָר ממש משנה לשנה. ניט בתורת תענית, נאָר ער האָט זיך איינפאַך אָפּגעוועהנט פון עסען. אַביסעל מילך, צוויי דריי לעפעל זופּ, אַ שטיקעלע בשר עוף, דאָס איז געווען זיין עסען.

„דער הייליגער סאַנזער״—פלעגט ר׳ הירשל׳ע זאָגען—„האָט זיך אויסגעאַרבייט ניט צו דאַרפען שלאָפען און איך, ברוך השם, האָב מיך אויסגעאַרבייט ניט צו דאַרפען עסען.— איז ר׳ הירשל׳ע געווען אַ מוראדיגער חלש. שוואַך ווי אַ פליג. שוואַך איז ער אָבער נאָר געווען ביז עס איז געקומען צו תורה און עבודה. ווען עס איז געקומען צו תורה, ווען עס איז געקומען צו עבודה, איז ער געוואָרען ממש ,גבור כארי״ (שטאַרק ווי אַ לייב.)

כאָטש דער ליסקער צדיק איז שטענדיג געווען טרוד מיט די הונדערטער חסידים וואָס זיינען צו איהם געקומען מכל פנות אונגאַרן, האָט ער דאָך קיינמאָל ניט אויסגעפעהלט צו לערנען זיינע שעורים מיט תלמידים יעדען פאַרמיטאָג נאָך׳ן דאַווענען, איינגעהילט אין טלית ותפילין, אַ שעור גמרא מיט תוספות און ביינאַכט נאָך מעריב אַ שעור אין משניות און אַ פרק אין ספר „חובת הלבבות,״ ער האָט לאַנג מאריך געווען ביים לימוד פון „חובת הלבבות.״ ער פלעגט זאָגען, אַז דער לימוד אין חובת הלבבות מאַכט אונטערטעניג דעם יצר הרע מיט׳ן כח פונ׳ם שכל. ער פלעגט אָבער מיט די תלמידים ניט לערנען דעם „שער היחוד.״ ערשט

עטליכע וואָכען פאַר דער פּטירה, בעת דער צדיק איז געווען, צוליב זיין חולשה, אינ'ם וואַרעמבאַד ליפּינא, האָט ער מיט אַ גאָר קליינער צאָל פון זיינע תלמידים, די מובחרים פון זיי, געלערענט דעם „שער היחוד." ער פלעגט דאַן פאַרשליסען די טיהר קיין נפש זאָל ניט אַריינקומען איהם שטערען און דער למוד האָט זיך געצויגען ביז חצות הלילה.

ער פלעגט מיט זיינע תלמידים אויך מאַנכעס מאָל לערנען אינ'ם ספר „קב הישר." דאָרטען ווערען דערצעלט ענינים פון שדים און מזיקין. האָט איהם אַמאָל זיין איינינקעל ר' וואָלף דעפרעגט:—„זיידע, וואו ערגעץ זיינען די שדים אהינגעקומען?" האָט דער צדיק געענטפערט: „זיי האָבען זיך מתלבש געווען אין גופים פון מענשען."

עס זאָגט זיך אַזוי „געלערענט." די וואָס האָבען געזעהן ר' הירשל'ען ביים לערנען זיינען פּשוט אַרויס פון די כלים. דער צדיק פלעגט זאָגען דעם שיעור מיט אַזאַ כח אַז עס האָט אָפּט אויסגעזעהן אַז ער וועט צו־זאַמענברעכען. איבערהויפּט ווען ער האָט געלערענט „חובת הלבבות," די פרקים פון חובת הלבבות פלעגט ער זאָגען מיט אַזאַ תשוקה און אהבה, אַז עס האָט אויסגעזעהן ממש „נפשו יצאה בדברו," ווי ער וואָלט געוואָלט צוריקגעבען אין אַזעלכע מאָמענטען זיין נשמה צום בורא עולם.

הויפּטזעכליך האָט מען געזעהן, זיין הייליגען כח בעת ער האָט געזאָגט זיינע מוסר דרשות. מענשען וואָס האָבען איהם געהערט דרש'נען פלעגען צוגעהן פון געוויין שוין פון אַריינקוקען אין דעם צדיק'ס צורה. דער איד וועמען מען האָט געמוזט העלפען אַרויפגעהן אויף די שטיגען צום קאַנ־צעל, איז שטעהענדיג אויף דעם קאַנצעל אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין אַ לייב. ער האָט מיט זיינע דרשות פּשוט מרעיש עולמות געווען.

ר' הירשל'ע, ווי איך האָב שוין דערצעלט פלעגט קיינעם ניט מבייש זיין, אויף קיינעם זיך ניט בייזערען. ער פלעגט מלמד זכות זיין אויף אַלעמען, אפילו אויף פּושעים. אַלע אידען זיינען גוט, בני מלכים, פלעגט ער זאָגען, און ווען מען זעהט אַ איד אַרונטערגעהן חס ושלום פון דרך הישר, דאַרף מען איהם מיט גוטע רייד צוריקברייננגען אויפ'ן ריכטיגען וועג, ניט חלילה מיט שטורעם, מיט קולות וברקים, נאָר מיט גוטע רייד.

ווען די אונגאַרישע מחלוקה צווישען די אָרטאָדאָקסען און נעלאָגישער האָט אויסגעבראָכען, האָט זיך דער פרעסבורגער גאון ר' אברהם שמואל בנימין סופר (דעם חתם סופר'ס זוהן) געווענדעט צו ר' הירשל'ען אַז ער זאָל אַנטייל נעמען אין דער מחלוקה, ר' הירשל'ע האָט דעם גאון געענט־

פערט מיט גרוים הכנעה. ער ווינשט די גאונים אז עס זאָל זיי געלינגען אויסצורייניגען גאָט'ס גאָרטען פון די דערנער, („לכלות הקצים מן כרם ד׳ ") „איך אליין"—שרייבט ר׳ הירשל'ע—„קען גאָר ניט טהאָן." „ווי קען איך ארוים געגען אנדערע"—שרייבט דער צדיק—„„איך האָב נאָך ניט מתקן געווען מיינע אייגענע מעשים."

צו יענער צייט, האָט איינער אַ פיהרער פון דער נעאָלאָגישער פּאַר־טיי געפרעגט דעם ליסקער צדיק, אין אַ וויץ: „רבי, ווי זעהען אוים, מיר די נעאָלאָגען, אין די אויגען פון השם יתברך"? דער צדיק האָט איהם גע־ענטפערט: „משל למה הדבר דומה, צו אַ פאָטער וואָס האָט עטליכע קינ־דער, אלע געראָטענע, נאָר איינער איז אַן אומגעראָטענער, שעהמען זיך געוועהנליך די געראָטענע קינדער מיט דעם אומגעראָטענעם קינד, דער פאָטער גופא, אָבער, איז פול מיט שמערצען, ווייל נאָך אלעם איז דאָך, דאָס אומגעראָטענע קינד, אויך זיין קינד."

„רבי"—האָט דער נעאָלאָגישער פיהרער געזאָגט, ארונטערלאָזענדיג דעם קאָפּ—„איהר זייט באמת אַן איש אלקים."

איינמאָל האָט אַ שטעדטעל ניט ווייט פון ליסקא געלאַדענט ר׳ הירשל'ען אויף אַ שבת. דער צדיק איז איינגעשטאַנען ביי איינעם פון די חשוב'סטע בעלי בתים פון שטעדטעל. מיט עטליכע וואָכען שפּעטער איז געקומען אין זעלבען שטעדטעל דער באַרימטער אונגאַרישער צדיק ר׳ הילל קאלאמעער. און אויך ר׳ הילל איז איינגעשטאַנען ביים דעמזעלבען בעל הבית. ר׳ הילל'ן האָט ניט געפעלען דאָס פיהרעניץ פון די בעל הבית'טע און איהם האָט אויך ניט געפעלען אייניגע מנהגים אין דער שוהל. ר׳ הילל איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון דעם ליסקער צדיק. ער איז באלד נאָך שבת אריינגעפאָהרען קיין ליסקא, פרעגענדיג ר׳ הירשל'ען, פאַרוואָס ער האָט פאַרשוויגען דעם בעל הבית און דער געמיינדע, וועגען זייער ניט ריכטיגען פיהרעניץ. ר׳ הירשל'ע האָט ר׳ הילל'ן געענטפערט מיניה וביה:

עס שטעהט אין דער תורה הקדושה אז אידען האָבען געהאַט צוויי „מילדות עבריות" (צוויי אידישע העבאַמעס) איינע האָט געהייסען שפרה און די צווייטע פועה. דאָס איז מרומז אויף די מנהיגי ישראל. עס איז פאַראַן צווייערליי מנהיגים, איינער איז בבחנת שפרה, דאָס הייסט וואָס פיהרט דאָס פאָלק מיט שעהנקייט און געלאַסענקייט, (שפרה, איז דער טייטש שעהנהייט), ער פאַרדעקט די שלעכטע מעשים, און ווייזט נאָר די גוטע מעשים. דער צווייטער מנהיג איז בבחינת פועה, דאָס מיינט שריי־

ען (פועה איז שרייען) ער מוסר'ט דאָס פאָלק מיט קולי קולות. ביידע מיינען לשם שמים. מיר האָט השם יתברך געהאָלפען צו קענען מדריך זיין אידען מיט געלאַסענהייט, מיט שעהנקייט.

ר' הילל איז נתפעל געוואָרען פון דעם צדיק'ס תמימות.

ווי עס איז שוין אויבען געזאָגט געוואָרען פלעגט ר' הירשל'ע ביי זיינע דרשות, טראַצדעם וואָס ער איז געווען שוואַך ווי אַ פליג, אומגע־וואַנדעלט ווערען אין אַ לייב, ער האָט מרעיש עולמות געווען מיט זיינע דרשות. זיין שטימע האָט אויפגעשטורעמט הערצער. ער פלעגט שטעהן ווי אַ נביא פון גאָט, אויפצייגענדיג די אומגליקען וואָס אידען ציהען אויף זיך ווען זיי געהן ניט אין דעם דרך פון די תורה. שטונדען לאַנג פלעגט ער דרשה'נען און די צוהערער האָבען ניט געקענט באַגרייפען וואו עס נעמט זיך צו דיזען שוואַכען, קראַנקען, אויסגעדאַרטען איד אַזויפיל כחות.

דער שרייבער האָט אַמאָל געהערט אַן אַלטען חסיד, טאַקע אין ליסקא, נאָכזאָגען פאַר אַן עולם ר' הירשל'ע ליסקער'ס אַ דרשה, אָדער אַ טייל פון זיין דרשה, מיט דעם ניגונדעל וואָס ר' הירשל'ע פלעגט זאָגען און מיט די בייווערטער, „אוי וועה, אוי וועה," „אוי וועה, אוי וועה," וועלכע ר' הירשל'ע פלעגט באַנוצען, און דער גאַנצער עולם איז פשוט צוגאַנגען פאַר געוויין.

---

## קאַפּיטעל 11

דאָס איז געווען אין יאָהר תרל"ד. די נאָהענטע חסידים פון צדיק ר' הירשל'ע ליסקער האָבען באַמערקט שוין פון ראש השנה אָן, אַז דער צדיק רעכט זיך אין וועג אריין. ער איז געווען פאַרקאָכט אין די עולמות עליונים מעהר ווי אַלע מאָל. אין זיינע תורות און שיחות חולין האָט ער געגעבען שטאַרק אָנצוהערען אַז ער קלייבט זיך אין אַ בעסערע וועלט, אין אַ וועלט וואו צדיקים „יושבים ועטרותיהם בראשיהם, ונהנים מזיו השכינה." (וואו עס זיצען די צדיקים מיט קרוינען איבער זייערע קעפּ און זיינען נהנה פון דעם גלאַנץ פון דער שכינה.)

איינמאָל אַן אָוועגד, ווען דער צדיק ר' הירשל'ע האָט געזאָגט פאַר'ן עולם חובת הלבבות, איז אימיצער אריינגעקומען דערצעלענדיג אַז אין

דרויסען איז „ליקוי לבנה.“ דער צדיק איז ארויס אין הויף און לאנג אריינגעקוקט אין דער לבנה. צוריקקומענדיג אין בית המדרש, האט ר׳ הירשל׳ע געזאגט תורה אויף דער גמרא „לבנה ליקה סימן רע לשונאים של ישראל,“ ער האט געזאגט דבורים וואס האבען אויפגעציטערט די הערצער פון זיינע צוהערער. פלוצלונג האט ער אויסגעשריען מיט התלהבות, „בזמן שישראל עושין רצונו של הקדוש ברוך הוא אין מתיראין מכל אלו שנאמר ומאותות השמים אל תחתו.“ ווען אידען טוען גאט ברוך הוא׳ס רצון, דארפען זיי זיך פאר גאר ניט שרעקען. „ניט שרעקען,“ „ניט שרעקען“—האט דער צדיק איבערגע׳חזר׳ט עטליכע מאל.

א מערקווירדיגע געשיכטע דערצעלט ר׳ וואלף, דעם צדיק׳ס אייניקעל אין דעם ספר „דרכי הישר והטוב“: „דאס איז געווען שבעה עשר בתמוז, אין יאהר תרל״ד. מיר זיינען געווען אין באד־פלאץ הארשפלאוו. נאכ׳ן פאסטען בין איך ארויס אין גאס, דערזעהענדיג צום ערשטען מאל דעם לאנגען שטערען (קאמעט—כוכבא דשביט) בין איך צוריק אריין דערצעלענדיג דעם זיידען וועגען דעם שטערן. דער זיידע איז ארויס און היבש לאנג אריינגעקוקט אין דעם שטערן. צוריקקומענדיג אין שטוב האט ער א שווערען קרעכץ געטאן אבער גאר ניט געזאגט. ווען דער זיידע איז מיט עטליכע וואכען שפעטער קראנק געווארען, האט דר שטערן אנגעפאנגען צו ווערען קלענער און קלענער. נאך דם זיידענ׳ס פטירה (י״ד אב) האט מען דעם שטערן מעהר ניט געזעהן.“

„דאס איז געווען שבת נחמו“—דערצעלט דערזעלביגער ר׳ וואלף—„איך בין געשטאנען נעבען דעם קראנקען בעט פון הייליגען זיידען. זיינע אויגען זיינען געווען פארמאכט, און זיינע ליפען האבען זיך באוועגט, זאגענדיג פארשידענע תפלות. פלוצלונג האט ער געעפענט די אויגען מיך אנגעקוקט, זאגענדיג, נו, וואלוויש, אפשר וועסטו מיר שוין געבען די תפלין צו לייגען. איך בין שטארק דערשראקען געווארען, מחמת דער זיידע פלעגט אונז אפט דערצעלען, אז זיין רבי, דער צדיק ר׳ משה טייטעלבוים, האט דעם שבת וואס ער איז נפטר געווארען, פארגעסען אז עס איז שבת, און האט געזאגט ביי דער שחרית׳דיגער שמונה־עשרה „אתה חונן לאדם דעת,“ פון דער וואכעדיגער שמונה־עשרה. האבען דאריבער די מקורבים געוואוסט אז זיין צייט איז געקומען.“

פון יענעם שבת אנגעפאנגען האט דער צדיק ר׳ הירשל׳ע אויפגעהערט נעמען מעדיצין און צו זיך מעהר ניט צוגעלאזט קיין דאקטאר. ער האט דאן געזאגט:

אזוי לאנג ווי מען האט מיך ניט איבערגעגעבען אין די הענד פון די דאקטוירים, האב איך געהאט בטחון צו השם־יתברך. דורך זיי איז נפגם געווארען דער דאזיגער בטחון. אבער, אחרי כל אלה איז דאך הכל בידי שמים. ווער ס'האט געגעסען מעהר פון עץ הדעת מוז פריהער אוועק פון דעם עולם. ווער ס'האט ווייניגער געגעסן פארבלייבט דא לענגער.

איינער פון די ליסקער חסידים איז אריינגעקומען צום צדיק יענעם שבת צו נאכטס און געוואלט איבערגעבען דעם רבי'ן א שטר־מתנה, כתוב וחתום, אז ער שענקט דעם צדיק עטליכע פון זיינע יאהרען. דער צדיק האט אבער ניט געוואלט צונעמען די דאזיגע מתנה. „מען קען גאר ניט וויסען"—האט ער געזאגט—„ווען לעבען עס איז חשוב'ער ביי השם יתברך, דאס מייניגע אדער דאס דייניגע."

מאנטאג, (י"ד אב), דעם טאג פון דער פטירה, האט דער צדיק דוקא געוואלט געהן אין מקוה אריין. האט מען איהם אבער צוריקגעהאלטען און מדחה געווען פון שעה צו שעה, מיט א תירוץ, אז די מקוה איז נאך ניט גענוג אויפגעווארעמט.

א שטונדע אדער צוויי פאר דער פטירה, האט ער געהייסען זיך געבען זיין נייע זיידענע בעקעשע, זי אנגעטאן און זיך געזעצט אויף דער שטול, אריינקוקענדיג אין א ספר פאר א קורצע צייט. דאן האט ער פארלאנגט אנדערע קלארע אונטערוועש, זיך געלעגט אויפ'ן בעט און געהייסען אריינרופען זיין גאנץ בני בית, למען ער זאל זיי בענשען. נאכ'ן בענשען, האט ער אנגעהויבען צו זאגען תורה אויף דעם פסוק „ראשית בכורי אדמתך." ער איז אבער שוין זעהר שוואך געווען און געמוזט אין דער מיטען מפסיק זיין. ער האט דאן געהייסען זיך געבען א טרונק וואסער, געמאכט אברכה און געטרונקען דאפון. זיינע שפעטערע דבורים זיינען שוין געווען אפגעהאקט. מען האט נאך געהערט אט דאס: „נאר מיט שמחה." „ניט מאריך זיין ביים הספד." „טראגען אין מקוה."

פארנאכט, האט דער צדיק זיך אנגערופען צום גבאי: „נו, משה, אפשר וואלט שוין צייט געווען אנצוצינדען ליכטער?" ער האט באלד דארויף זיך אומגעדרעהט צום עולם, אויסגעשרעקט די הענד, פאר א צייכען מען זאל זיי וואשען. דאן האט ער זיך צורעכטגעמאכט די יאר־מולקע, גלייך געמאכט מיט די הענד די בארד און פיאות. דערנאך האט ער די הענד אויפגעהויבען צום הימעל מיט כח, זיי צוריק אראפגעלאזט, און אויסגעהויכט די הייליגע נשמה בנשיקה.

54 יאָהר איז זינט דער גרויסער צדיק איז נפטר געוואָרען. זיין הייליגער נאָמען לעבט אָבער ביי אונגארישע אידען פונקט ווי ביי זיין לעבען.

# דער צדיק ר' ישעיה'לע קריסטירער

די געשיכטע פון ר' הירשל'ע ליסקער וואָלט ניט געווען פולשטענדיג, ווען איך וואָלט ניט געווידמעט כאָטש נאָר איין פּרק פאר זיין ממלא מקומו דער צדיק ר' ישעיה'לע קריסטירער.

נאָך ר' הירשל'עס פטירה זיינען איבערגעבליבען אין ליסקא ר' הירשל'עס צוויי איידעמס, ר' יוזעף גאָלדבערגער און ר' חיים פריעדלאַנ־דער. ר' יוזעף איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם און אַ פייערדיגער חסיד, איהם האָבען ליסקער חסידים ניט אַנערקענט אַלס דעם נאָכפאָלגער פון זייער גרויסען רבי'ן; ר' חיים איז געווען אַ גאון וצדיק, אויך איהם האָבען ליסקער חסידים ניט אַנערקענט אַלס דעם ממלא מקומו פון זיין שווער. ר. הירשל'ע האָט איבערגעלאָזט אַ גבאי, נאָך אַ בחור, ישעיה'לע משמש, האָט מען איהם גערופען, איהם האָבען די חסידים אָנגעטאָן די קרוין פון זייער רבי'ן, און ניט נאָר פשוט'ע חסידים נאָר אויך די רבנים און גדולי תורה, האָבען ישעיה'לע משמש אַנערקענט פאר זייער רבי'ן.

די געשיכטע האָט צו יענער צייט אַרויסגערופען אַ שטורעם אין דער חסידישער וועלט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז די ליסקער חסידים האָבען געהאַט אַ גוטען חוש הריח. ר' ישעיה'לע איז באמת אַרויסגעוואַקסען אַ צדיק תמים בכל דרכיו. טויזענדער חסידים, רבנים, לומדי תורה פון אַלע טיילען פון אונגאַרן זיינען צו איהם געקומען נאָך עצות און תפלות.

ר' ישעיה'לע שטיינער איז געבוירען געוואָרען מיט עטליכע זיבציג יהר צוריק, אין זבאַראָוו, אַ אונגאַריש שטעדטעל (היינט טשעכאָ־סלאָוואַקיע) ביי זעהר אָרימע עלטערען. שוין אַלס קינד האָט ישעיה'לע זיין פאָטער פאַרלוירען, זיין מוטער איז געוואָרען אַ „טוקערין" (אַ מקוה אידענע) פון דעם האָט זי געדאַרפט מפרנס זיין זיך, און איהרע אָרימע יתומים. זבאַראָוו איז אַ קליין, אָרעם שטעדטעלע, און אַלעס וואָס די מקוה האָט איהר געבראַכט איז געווען הונגער און ליידען.

זבאַראָוו האָט ניט געהאַט קיין תלמוד תורה. קיין שכר לימוד האָט זיין מוטער ניט געקענט באַצאָלען, פלעגט זיך דער יתום ישעיה'לע אַרומ־

וואלגערען אין בית המדרש, וואו גוטע מענשען פלעגען איהם אונטער־שטיצען, און אמאל אויך מיט איהם לערנען.

ווען ישעיה'לע איז אונטערגעוואקסען האט איהם זיין מוטער אמאל צו גערופען, זאגענדיג:—„מיין קינד, צו קיין תכלית קענסטו דא אין זבאראוו ניט קומען. איך בין זעהר, זעהר ארים און קען דיר גאר ניט העלפען, פאלג מיך, מיין קינד, געה קיין ליסקא, דארט געפינט זיך א גרויסער צדיק צו וועמען די גאנצע וועלט פאהרט נאך עצות, פרעג דעם צדיק וואס דו זאלסט טהאן און וואס ער וועט הייסען זאלסטו פאלגען."

די גוטע, ארימע מוטער, האט איהם איינגעפאקט א קליין פעקעלע: א העמד, א שטיקעל ברויט, מיט א פאר תפלין, איהם געבענשט, פארגי־סענדיג דערביי הייסע, ביטעער טרערען. ישעיה'לע איז אוועק.

קומענדיג קיין ליסקא, און דערצעלענדיג דעם צדיק די ביטערע ער־פאהרונגען פון זיין יונג לעבען, האט ר' הירשל'ע פאסט מיט טרערען אין די אויגען איהם געטרייסט, זאגענדיג איהם: „בלייב דערווייל אין מיין הויז, מיין קינד, און שפעטער וועלען מיר זעהן וואס צו טהאן."

ישעיה'לע האט געפאלגט וואס דער רבי האט געהייסען, ווי זיין מו־טער האט איהם אנגעזאגט. ער איז געבליבען אין רבין'ס הויז און איז שפעטער געווארען דעם רבין'ס לייב גבאי.

שוין אלס משמש פון ר' הירשל'ען איז ישעיה'לע געווארען ביי ליס־קער חסידים שטארק באליבט. צו זיין גוטסקייט איז גאר קיין גרעניץ ניט געווען. ער איז נעגאנגען פולשטענדיג אין די טריט פון זיין רבי'ן, אוועקגעבענדיג אלץ וואס ער האט געהאט פאר ארימע לייט. אבער ניט בלויז מיט געלד, וואס רייכע חסידים פלעגען איהם איבערלאזען, האט ישעיה'לע געהאלפען, נאר אויך מיט זיין קערפער. ער איז געווען א משמש ניט בלויז פון רבי'ן, נאר פון אלעמען. איז געקומען קיין ליסקא א תלמיד חכם, פלעגט איהם ישעיה'לע משמש זיין. פלעגט ער זעהן אז דער תלמיד חכם זאל האבען א גוטע אכסניא. עסען און שלאפען ווי עס געהערט צו זיין. פלעגט ישעיה'לע אויסגעפינען אז אן ארימאן איז קראנק, האט שוין ישעיה'לע ניט אפגעטראטען פון קראנקען בעט, טוענדיג אלעס אז דעם קראנקען זאל גאר ניט פעהלען. האט ער אויסגעפונען אז אין שטאדט געפינט זיך אן ארימע קינפעטארין האט ישעיה'לע זי מיט אלעם פאר־זארגט.

אין ליסקא איז געווען א ישיבה, אזוי ווי ליסקא איז געווען א שטאדט

מיט אָרימע בעלי בתים, פלעגען דאָס רוב בחורים אַנשטאַט „טעג“ ביי די בעלי בתים, עסען ביי ר׳ הירשל׳ען אין הויז. געקליידט און געשוכט האָט זיי ישעיה׳לע. ביי נאַכט פלעגט ער אָפט געהן אויף די אכסניות וואו די בחורים זיינען איינגעשטאַנען, זעהן צו פעהלט זיי ניט עפּעס. קורץ, דאָס איז געווען אַ בחור, כלו טוב.—טוב ומטיב.

ישעיה׳לע פלעגט זיצען יעדען טאָג ביים רבין׳ס שיעור. איבער־הויפּט ווען דער רבי פלעגט זאָגען „חובת הלבבות.“ ישעיה׳לע פלעגט זיצען דער לעצטער ביים טיש. קיינער האָט ניט געוואוסט צו פאַר־שטעהט ישעיה׳לע דעם שיעור. צו פאַרשטעהט ער דעם חובת הלבבות. ער פלעגט זיצען שטיל ווי אַ טויב שלינגענדיג יעדעס וואָרט וואָס דער רבי האָט געזאָגט.

* * *

מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ און מיט טרערען אין די אויגען געהן די טויזענדער חסידים פון ר׳ הירשל׳עס לויה. ישעיה׳לע מיט זיי. זיי קומען צום צדיק׳ס בית המדרש. זיי געהן אַריין, זיי זעהען „פּנה הודה, פּנה זיוה, פּנה הדרה.“ נישטאָ דער צדיק. נישטאָ די שכינה. ישעיה׳לע געהט צו אין אַ ווינקעל, ער וואַרפט זיך אויף דער ערד, רייסט קריעה און וויינט ביטערליך. מיט איהם וויינט דער גאַנצער עולם.

פּלוצלונג פּונקט ווי דירעקטירט פון אויבען, געהען צו צו ר׳ ישעיה׳לען אַ גרופּע חסידים און שרייען אויס: „יחי רבנו!“ „ר׳ ישעיה׳לע איהר וועט זיין אונזער רבי,“ און רבי ישעיה׳לע ווערט זייער רבי—דער גבאי ישעיה׳לע ווערט דער ממלא מקומו פון דעם גרויסען צדיק ר׳ הירשל׳ע ליסקער.

איינזעהענדיג אַז זיין רבין׳ס איידעמס, אייניקלעך, און איינציגע טאָכ־טער (ר׳ יוזעף׳ס ווייב) האָבען חלושת הדעת פאַרוואָס ער איז געוואָרען דער ממלא מקומו פון זייער גרויסען פאָטער, איז ר׳ ישעיה׳לע באַלד אוועק פון ליסקא, ער האָט זיך באַזעצט אין קריסטיער (אַ שטעדטעל ניט ווייט פון ליסקא).

אין ענדע פון די רבישע מעשיות און שיחות געפין איך מיך פארפליכטעט צום אמת, אויסצודריקען א דאנק צו מיין הארציגען פריינד הרב הגאון ר' מנחם מענדל עקשטיין, ווייל איך האב מיך באדינט מיט זיין רייכער ביבליאטעק און מיט זיינע ביבליאגראפישע ידיעות

—יהי ברוך.

This book contains the remaining writings of the late Samuel Rocker, editor of the Jewish World of Cleveland, O. The book contains tales of the old Hasidic Rabbis, which will be of great interest to the Yiddish reader.

The Committee to supervise the publication consisted of the following: Rabbi I. Porath, Rabbi M. M. Eckstein, Rabbi A. H. Cohen, Rabbi I. J. Greenwald of Columbus, O., Alfred Sachs, A. Lipkowitz, H. A. Friedlander, Ezra Shapiro and Herman Stein.

The income of the book will be used for the purpose of helping five families to emmigrate from Germany and Austria.

Readers of the writings of the late editor are invited to send their subscriptions now to the office of the Jewish World, Superior and E. 106th Street, Cleveland, Ohio, or to Herman Stein, Hippodrome Building Annex.
Hershl Kauftel has been appointed by the Committee to obtain subscriptions.